# מ. ליטווין: פראַנצייזישע פּאָעזיע

אַרויסגעבער :




בײַ דער פעדעראַציע פון ייִדישע געזעלשאַפטן

און קהילה אין פּאַריז, תשכ״ח

מ. ליטווין

# פראַנצייזישע פּאָעזיע

איבערזעצונגען
און קאָמענטאַרן

תשכ"ח פּאַריז 1968

דאָס בוך דערשײַנט מיט דער הילף פונעם
פאַרלאַג „ד י  ג אָ ל ד ע נ ע  פ אַ ו ע"

פאַרענדיקט צו דרוקן אין טויזנט נײַן הונדערט
אַכט און זעכציק — אין דער דרוקערײַ „לעז
עדיסיאָן פּאָליגלאָט" 232, רי דע שאַרענטאָן, פּאַריז
— אונטער דער השגחה פון יהודה טשאַפּניק —
געזעצט: אברהם זשילבער — געשטעלט:
מרדכי שאַקראָן — געדרוקט: איוו מיזע —
אותיות אויף די טיטל־זײַטן: יצחק רײַזמאַן.

# אַ וואָרט וועגן בוך

## א.

דאָס איז ניט קיין אַנטאָלאָגיע. יעדע אַנטאָלאָגיע — דער נאָמען גופא זאָגט עס שוין — וויל איבערגעבן דאָס וויכטיקסטע, דאָס עיקרדיקסטע, דאָס סאַמע רעפּרעזענטאַטיווע פון אַ סכום שאַפונגען, אָפּגעקליבן וועדליק אַ פעסטן סימן: לענדער, עפּאָכעס, ריכטונגען, סוזשעטן, צי אַפילו צומאָל... די פּראָפּעסיע פון די מחברים. אַן אַנטאָלאָגיע איז, בכן, תמיד אַן אָפּקלײַב לויט אַ באַשטימטן פּרינציפּ פון קלאַסיפיקאַציע. די איבערזעצונגען, וואָס מיר לייגן דאָ פאָר דעם לייענער, זײַנען ניט גרופּירט אַרום אַזאַ פּרינציפּ, ניט קלאַסיפיצירט וועדליק אַ באַשטימטן סימן. די זאַמלונג קאָן דעריבער ניט פּרעטענדירן — און פּרעטענדירט אויך ניט — אויפן נאָמען אַנטאָלאָגיע.

דורך דעם גופא זײַנען לכתחילה פאַרענטפערט כל־המינים שאלות און אָפּפרעגן, וואָס וועלן מסתמא — און האָפּנטלעך! — ניט פעלן. פאַרוואָס דווקא ד י דיכטער און פאַרוואָס ניט אַנ־

דערע אויך? פֿאַרוואָס דווקא די לידער און ניט קיין אַנדערע? דער איבערזעצער גיט זיך זייער גוט אָפּ אַ חשבון, אַז אין זײַן זאַמלונג פֿעלן גאָר וויכטיקע, צומאָל פּאָר באַשטימטע עפּאָכעס אפילו די וויכטיקסטע דיכטער. ווו איז, למשל, וויאָן? פֿאַרוואָס פֿון לואיז לאַבע אַלע פֿינף און צוואַנציק סאָנעטן, אפילו דער סאָנעט, וואָס איז געפֿונען געוואָרן שוין נאָך איר טויט און וועמענס אויטענטישקייט איז נאָך ניט גאַנץ אויסער ספק, בעת פֿונעם אומפֿאַרגלײַכלעך רײַכערן און וויכטיקערן ראָנסאַר זײַנען געגעבן בלויז פֿינף לידער? ווו איז ד׳אָביניע און ווו דער גאַנצער קלאַסישער 17טער יאָרהונדערט? און דער 18טער? און פֿון 19טן — מיסע? וויני? טעאָפֿיל גאָטיע? לעקאָן דע־ליל? און ווער ניט? און פֿאַרוואָס פֿון אַזאַ דיכטער ווי ווערלען בלויז פֿיר לידער? און ווי גיט מען עס פֿון אַפּאָלינער בלויז פֿיר קליינטשינקע, ווײַט ניט קיין רעפּרעזענטאַטיווע זאַכן? אא״וו, אא״וו 1). דער איבערזעצער פּרעטענדירט אָבער ניט צו געבן עפּעס אַ קווערשניט פֿון דער פֿראַנצייזישער פּאָעזיע, צי פֿון באַשטימטע עפּאָכעס אירע. אויך ניט — אַז דער אָפּקלײַב פֿון די פּאָעטן סומירט די פֿראַנצייזישע דיכטונג. אָדער אַז דער אָפּקלײַב פֿון די לידער — סײַ אין כמות סײַ אין איכות — איז תמיד שווה בשווה צום אָרט, וואָס זיי פֿאַרנעמען אין דער פֿראַנצייזישער דיכטערישער שאַפֿונג בכלל, צי אין דער שאַפֿונג פֿונעם געגעבענעם דיכטער בפרט.

איך יוצא מן הכלל, וואָס שייך דער צאָל און דעם אָרט, וואָס די איבערזעצונגען פֿון זײַנע שאַפֿונגען פֿאַרנעמען אין דער זאַמלונג: באָדלער.

1) וועגן מאָדערנער פּאָעזיע ווילן מיר שוין ניט דערמאָנען, ווײַל ווייניקסטנס וואָס שייך איר, האָט דער איבערזעצער אַרויסצוגעבן אַ באַזונדערע זאַמלונג, אין וועלכער זי וועט זײַן אַ סך מערער פֿאַרטראָטן ווי אין דער איצטיקער.

איין יוצא מן הכלל, וואָס איז ראשית אין הסכּם מיטן פּלאַץ, וואָס דער דאָזיקער דיכטער פאַרנעמט — לויט דעם איבערזעצערס מיינונג — אין דער פראַנצייזישער פּאָעזיע. והשנית — וואָס מיט דעם איז אויך געגעבן דער שליסל, וועדליק וועלכן ס׳איז געמאַכט געוואָרן דער גאַנצער אָפּקלײַב. וואָרעם אויב בפירוש ניט קיין אַנטאָלאָגיע — אָפּקלײַב איז עס פאָרט! אַנדערש וואָלט עס אויך ניט געקאָנט זײַן. נײַערט אָפּקלײַב, וואָס דער שליסל צו אים, זײַן פּרינציפּ ליגט אינעם געמיט פונעם איבערזעצער גופא. ס׳איז אַ צונויפשטעל פון פראַנצייזישע פּאָעטישע שאַפונגען, וואָס צוליב וואָסערע ס׳זאָל ניט זײַן סיבות, צי געלעגנהייטן, האָבן זיי גענומען קלינגען אין דער אינזיכוועלט פונעם איבערזעצער, אַרויסגערופן אין איר אַ לירישע עמאָציע. און קלינגען אין זײַן — דעם איבערזעצערס — שפּראַך, אין זײַן מאַמע־לשון, אין ייִדיש.

אַזוי קומען מיר צו איינער פון די תּמציתדיקע פראַגן, וואָס שייך איבערזעצונגען פון פּאָעזיע אין אַלגעמיין. און ס׳הייבט זיך אָן דער אוראַלטער וויכּוח, צי קאָן מען בכלל זי איבערזעצן: ווי אַזוי, באמת, איבערגעבן דאָס, וואָס איז ניט בלויז העכסטע פאָרעם פון שפּראַכלעכער געשטאַלטיקונג, נײַערט לעבן גופא פונעם לשון? די צעגלידערונג אין אַ באַשטימטער שפּראַך פון אַ נײַער ווירקלעכקייט — די פּאָעטישע רעאַליטעט, די זינען־ און שפּירונג־פאַרקייטלונג, וואָס לעבט בלויז אין דער שאַפונג און וואָס מחוץ פון איר, ד״ה מחוץ פון דער פּאָעטישער שפּראַך, עקזיסטירט זי ניט, אָדער עקזיסטירט אַנדערש. ווי אַזוי־זשע קאָן מען איין לעבן אַריבערגיסן אין אַ צווייטן, ניט טויטנדיק דערבײַ דאָס ערשטע, צומינדסט זײַן אינעווייניקסטע באַוועגונג, זײַנע באַשאַף־כּוחות?

אַ סך, זייער אַ סך דיכטער, שרײַבער, ליטעראַטור־פאָרשער, איבערזעצער האָבן זיך געשטעלט און שטעלן זיך עד היום די דאָזיקע האַרבע קשיה. אַ סך — און ניט אַבי ווער — האָבן אויף

דעם געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן: ניין, ס'איז טאַקע אומ־
מעגלעך. געגנוג אָנצורופן דאַנטע, וואָס דריקט זיך אויס אין
« Il Convito » : „קיין שום זאַך ניט, האַרמאָניש פאַראייניקט דורך
די מוזעס, קאָן ניט איבערגעשאַפן ווערן פון איר לשון אויף
אַן אַנדערן, ס'זאָל דערביַי ניט צעשטערט ווערן איר גאַנצער חן".
אָדער זשאָאַכים די־בעלעי, וואָס האָט אָפּגעגעבן ניט ווייניקער
ווי דריַי קאַפּיטלעך אין זיַין באַרימטן טראַקטאַט « Deffence et
illustration de la langue françoyse » אויף צו באַוויַיזן די אומ־
מעגלעכקייט צו איבערזעצן פּאָעזיע. און צי האָט מען זיך ניט
אָפּט — און גראָד אין פראַנקריַיך — אָפּגעזאָגט פון ווערן פּותר
זיַין אָט די קוואַדראַטור פון קריַיז און באַגנוגנט מיט אַן ערלע־
כער, קאָרעקטער, לויט מעגלעכקייט וואָרטגעטריַיער (מיר זאָגן ניט
וואָרטלעכער, וואָרעם דאָס איז בכלל ניט מעגלעך), פּראָזאַישער
איבערזעצונג פון פּאָעטישע טעקסטן. זיך באַגרענעצט, הייסט עס,
אויף איבערגעבן דעם סיפּור המעשה, דעם זינען פון פרעמד־
שפּראַכיקער פּאָעזיע. צו דעם־אָ מין געהערט אויך די רײַכע און
אוודאי זייער נוצלעכע א"ג געלערנטע, אָדער וויסנשאַפטלעכע
איבערזעצונג. ד"ה אַזאַ, וואָס באַמיט זיך איבערצוגעבן געטריַי
דעם ווערטער־טיַיטש, צומאָל אויך די מעטריק, די פּראָסאָדיע, ניט
פּרעטענדירנדיק אָבער דערביַי אויף פּאָעטישער ווערטיקייט. דער
דאָזיקער מעטאָד איז אָפּט באַנוצט געוואָרן צוליב שול־צוועקן
ביַים פאַרטיַיטשן פּאָעטישע טעקסטן פון שווערע און פאַרן אייראָ־
פּעיִשן קולטור־קריַיז וויַיטע לשונות: אַראַביש, כינעזיש, אינדישע
לשונות, צי גײַטלעלטערלעכע טעקסטן ווי די עדדאַס אא"וו.

מיר זאָגן דעם זינען, דעם סיפּור המעשה, דעם ווערטער־
טיַיטש, ניט דעם אינהאַלט. וואָרעם אינהאַלט אין פּאָעזיע איז דאָך
ניט אָפּצוטיילן פון דער שפּראַכלעכער געשטאַלטיקונג גופא. צי
איז עס ניט טאַקע אָט די ניט־אַרויסצוזאָגנדיקע, ניט־צודעפינירנדיקע

גאַנצקייט, וואָס מאַכט פון ווערטער, יאָ, פון ווערטער פון אַ וואָ־סער ניט־איז לשון — אַזוינס, וואָס איז נאָך ניט געווען. ניט דער ווערטער־זינען, נייַערט די ווערטער־מאַגיע, דער יש מאין.

אַז אין פּאָעזיע — ווערדליק איר נאַטור גופא — זייַנען אינהאַלט און פאָרעם איינס און ניט־צעטיילעוודיקס; איין אָרגאַניש־געגעבנס; אַז יעדער פּרוּוו זיי קינסטלעך פונאַנדערצושיידן, צו ריידן וועגן דאָמינירן פון איינעם איבערן אַנדערן, פון מוקדם ומאוחר, יאָדער און שאָלעכץ, צי בכלל פון אייגנווערטיקער עקזיסטענץ פון איין טייל איז בלויז סטערילע סכאָלאַסטיק — דאָס איז שוין הייַנט כמעט אַ באַנאַלער אמת. אָפּרייַסן דאָס געמיינטע פונעם מיינען — איז דער טויט פון דיכטונג. כמובן, אַז פאָרעם דעקט זיך ניט — הגם זי איז עס כולל — בלויז מיט ריטעם, גראַמקונסט, מעטריק, וואָס זיי זייַנען טעכניק, צוגענגלעך, דערלערנלעך. בעת פאָרעם איז דאָס לעבן גופא פונעם אינהאַלט, דעם געשטאַלטיקער, דעם דיכטער אַליין — וואָס איז בבחינת דעמיורג — אונטערגעוואָרפן. דערפון דרינגען אַזוי פיל ליטעראַטור־פאָרשער, אַז איבערזעצן פּאָעזיע איז אוממעגלעך.

אָבער טאַקע דערפון דרינגען אַנדערע — און ניט קיין קלע־נערע — דעם היפוך: מען קאָן איבערזעצן פּאָעזיע, בתנאי צו געפינען אינעם אייגענעם לשון די לעבנסקוואַלן, די פאָרעם־אינ־האַלט־געשטאַלטערישע כוחות, וואָס זיי זאָלן אין באַרירונג מיטן פרעמדן לעבן נעמען וויברירן; די ווירקונג, וואָס שטייַגט אויף פון יעדן אמתן פּאָעטישן טעקסט, זאָל פאַרוואַנדלט ווערן פון פּאַסיווער באַווירקערין אין אַקטיווער געשטאַלטיקערין. מיט איין וואָרט, ווען דער פרעמדשפּראַכיקער טעקסט רופט אַרויס אינעם אייגענעם לשון פונעם איבערזעצער דאָס, וואָס פּאָל וואַלערי רופט אָן: די „ווערטער־אילומינאַציע" (הגם אָנגעצונדן דורך אַ פרעמדן

פיַיער...), די „געשענקטע שורה". אָדער פשוטער געזאָגט — דעם שאַפערישן אַקט 2).

אמתע איבערזעצונג פון פּאָעזיע איז בכן בפירושע שאַפונג, אונטערגעוואָרפן אַלע דינים און אומדינים פון פּאָעטישער שאַפונג בכלל, נייַערט אין באַזונדערע, ספּעציפישע פאָרמען. און וואָס אויטענטישער ס'איז דער שאַפערישער פּראָצעס, אַלץ אַדעקוואַטער וועט די איבערזעצונג זייַן צום אָריגינאַל.

ווי מיר זעען, איז די עובדה פון דיכטערישער איבערזעצונג מסוגל אָנצופילן דעם איבערזעצער מיט גרעסטער עניוות און מיט פּערמאַנענטער קווענקלעניש — ווען ער גיט זיך אָפּ אַ חשבון

---

2) איבעריק צו זאָגן, אַז די „ווערטער־אילומינאַציע" באַטייַט בשום אופן ניט רעדוצירן דעם שאַפערישן אַקט אויף בלויזער ספּאָנטאַניטעט, וואַר־טעניש אויפן רוח הקודש. ס'איז שוין גענוג געשריבן געוואָרן, מיר זאָלן עס דאַרפן דאָ איבערחזרן, וואָסער אָרט די אַרבעט, דאָס זוכן, די קענטשאַפט, דער ווילן און זייַן כסדרדיקער בכיוונדיקער אַרייַנמיש פאַרנעמען אין דער שאַפערישקייט. „טאַלאַנט איז אַרבעט" איז אָבער בלויז אַ האַלבער אמת. דער פּאָעטישער יש מאין איז ניט קיין אייגנוויליקער. נייַערט, ווייַזט אויס, אונטער־געוואָרפן פון זייַן זייַט אונטער געזעצמעסיקייטן, אלא וואָס זיי זייַנען נאָך ה'ייַט ניט קיין קלאָרע. די פּאָעטיק פון פּאָל וואַלערי, וואָס אונטערשיידט צווישן „געגעבענעם", אָדער נאָך בעסער „געשענקטן" פערז און דעם „קאָנ־סטרויִרטן", העלפט צומאָל אַרייַנצודרינגען אין געוויסע ווינקלען מאחורי הפּרגוד. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז בלויז איינע פון די סך מעגלעכע (און אַלע גילטיקע) פאָרמולעס און וואָס פּאַסט פאַר אַ באַשטימטן מין דיכטער. אָט למשל פאַר אַנדרע ברעטאָן קומט גאָר דער יש מאין פון „אינעווייניקסטן וואָרט, אַבסאָלוט ניט צעשיידלעך פון דער אינעווייניקסטער מוזיק". ווי מען זעט, עפּנט דער פּרווו צו פאָרמולירן די געזעצמעסיקייטן פון פּאָעטישער קרע־אַציע אינטערעסאַנטע און פּרוכטיקע באַשיידן. ווען וועט מען אָבער אויפ־קלערן די גאַנצע מיסטעריע און צי וועט מען עס ? פראַגן, וואָס גייען אַרי־בער די ראַם פון אונדזער פירוואָרט, וואָס מיר ווילן אין אים באַרירן בלויז עטלעכע ספּעציפישע פּראָבלעמען פון דיכטערישער איבערזעצונג.

פון דעם, וואָס דאָס ווערק דערוואַרט פון אים און וואָס ער איז ביכולת צו רעאַליזירן...

וואָס שייך דעם שרײַבער פון די שורות קאָן ער פון דיביידע אויבן דערמאָנטע פאַקטאָרן פון דיכטערישער איבערזעצונג קאָווירן בלויז פאַרן ערשטן: פאַרן לירישן ציטער, וואָס ער האָט דערשפּירט בײַם איבערזעצן. טאַקע אָט דער ציטער, וואָס האָט געהאַט געפירט זײַן אָפּקלײַב. בשום אופן אָבער ניט פאַרן רעזול־טאַט. וואָרעם צי האָט ער איבערגעגעבן דעם דאָזיקן ציטער — וועגן דעם קאָנען משפטן בלויז אַנדערע.

צוריקפירנדיק דעם פרט צום כלל, קאָן מען אין דעם זען די ספעציפישע טאָפּעלע נאַטור און קאָרעלאַציע פון יעדער דיכ־טערישער איבערזעצונג: לירישער ציטער הייסט ניט סתם אַ ציטער מן השמים. דאָס איז דער סכום פון סיבות, עלעמענטן, סטימולן, קייטלונגען, וואָס זײַנען גורם, אַז דווקא דאָס ליד נעמט אָן; אַז דווקא אַזאַ בילד, אַזאַ ריטעם פאַרכאַפּט. ווי זאָגט וואַלערי: דער לייענער דאַרף ווערן אינספּירירט. און איז ניט דער איבער־זעצער ראשית־כל און פאַר עקסעלאַנס — לייענער? נײַערט די שייכות בלײַבט ניט בלויז אַ סוביעקטיווע — צווישן דיכטער און זײַן איבערזעצער — אלא אויך אַן אָביעקטיווע, צווישן די שפּראַכן, די לשונות. דער איבערזעצער דערשפּירט, לעבט איבער דאָס פונעם דיכטער געמיינטע אויף פאַרשידענעם, אייגענעם אופן. אין לשון אָבער, אין יעדן לשון, זײַנען לכתחילה געגעבן אַלע אופנים פון מיינען.

פון דער טאָפּעלער נאַטור געבאָרן, איז דער אימפּעראַטיוו בכן אַ טאָפּעלער: באַקענען מיט דעם דיכטערס ווערק די לייענער פון אַן אַנדערן שפּראַכקרײַז? אוודאי. אָבער אויך פאַר דעם, וואָס קאָן עס לייענען אין אָריגינאַל — באַקענען, ווי אַזוי ער, דער איבערזעצער, האָט עס אויפגענומען, פאַראייגנט. פונקט ווי

דער דיכטער פרעגט ניט, צי אַן אַנדערער דאַרף דאָס, וואָס ער שאַפט. און אויב אפילו יאָ, און וואָס ער זאָל אויף דעם ניט ענט־פערן, וועט ער במילא עס שאַפן. מער ניט וואָס דעם ענדגילטיקן תיקון באַקומט עס טאַקע, ווען עס דערגייט צום אַנדערן. וואָס ענדערט זיך אין דער פּאָעמע, ווען זי איז אָפּגעדרוקט, אינעם בילד, ווען ס׳איז אויסגעשטעלט, אין דער סימפאָניע, ווען זי איז אויפ־געפירט ? אין פלוג געגומען גאָרניט. און פאָרט הייבט עס ערשט דורך דעם אַן צו עקזיסטירן. דער אויבן דערמאָנטער אימפּעראַטיוו איז בכן די „איבערזעצערישע״ פאָרעם פאַרן אַלגעמיינעם דואַליזם פון יעדן שאַפער. דאָס איז מצד דער פּסיכאָלאָגיע. אָבער אונטער דער דאָזיקער פאַרזיכיקער נויטווענדיקייט ווירקט די פיל טיפערע, וויכטיקערע, אינזיכיקע טאָפּלקייט, דאָס מאָל אין דעם איבער־זעצערס אייגענער ספּעציפישער אויסשליסלעכקייט: דורכצולעבן דעם שאַפונג־פּראָצעס פונעם דיכטער, וואָס צו אים איז ער בבחינת עבד און אונטערטאַן, נייערט עס איבערלעבן אין דער ספערע, אין דער מלוכה, וואָס אין איר איז ער אַליינהערשער און געביטער — אין דער מלוכה פון זײַן לשון. אפשר קאָן מען טאַקע אַזוי אויסדריקן די ספּעציפישע דיאַלעקטישע רעלאַציע צווישן נויטווענדיקייט און פרײַהייט אין דער דיכטערישער איבערזעצונג.

און טיפער געדרונגען, צי איז ניט דער סוביעקטיווער אימ־פּעראַטיוו אין תוך ניט עפּעס אַנדערש ווי אויסדרוק פונעם אָביעק־טיוון דראַנג. דראַנג פונעם ווערק, דראַנג פונעם לשון. איבערזעצן פּאָעזיע — דאָס פאַרלאַנגט די שפּראַך פונעם אָריגינאַל, מחמת זי טראָגט אין זיך אַלע אוניווערסאַלע מעגלעכקייטן פון יעדער שפּראַך. וואָס מער מען איבערזעצט פון איר — אַלץ רײַכער ווערט זי. דאָס פאַרלאַנגט די שפּראַך, וואָס אויף איר איבערזעצט מען, מחמת זי האָט אַלע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פאַר יעדער פּאָעזיע. וואָס מער מען איבערזעצט אויף איר — אַלץ רײַכער ווערט זי. דאָס

פאַרלאַנגט דאָס ווערק. פּאָעזיע בעט איבערגעזעצט צו ווערן. מחמת שפּראַך־שאַפונג פאַר עקסעלאַנס קאָן זי דורך דעם זיך פאַרפּיל־פאַכיקן, פאַרפילזײַטיקן, געשטאַלטיקן דאָס, וואָס לעבט און ענ־דערט זיך אין איר, אין נײַע גלגולים. דאָס פאַרלאַנגט לסוף די איבערזעצונג גופא — מחמת שאַפונג. און יעדע שאַפונג וויל דער־זען די ליכטיקע שײַן, וויל לעבן!

## ב.

וויפל מיינונגען זײַנען שוין געוואָרן אַרויסגעזאָגט מכוח אי־בערזעצונגען פון פּאָעזיע, וויפל פאַרגלײַכן געמאַכט! אויב פאַר זשאַאַכים די־בעלעי איז די איבערזעצונג אַ גאַלאַטייע־סטאַטוע אָן אַ פיגמאַליאָן, איז זי פאַר שאַטאָבריאַנען אַן אָפּבילד, אַ פּאָרטרעט, בעת דער אָריגינאַל איז דער לעבעדיקער פאַרשוין גופא; פאַר סערוואַנטעסן — „די לינקע זײַט פון אַ שיינעם פלאַמאַנדישן טע־פּעך״; פאַר וואָלטערן — אַ שוואַרץ־ווײַסע גראַוויור פון אַ פאַר־ביקן בילד; פאַר מאַדאַם דע־סטאַל — אַ טראַנספּאָזיציע פון אַ מוזיקשטיק פון איין אינסטרומענט אויף אַן אַנדערן. דער לעצ־טער פאַרגלײַך באַרירט, דוכט זיך אונדז, מער ווי די אַנדערע דעם מהות פון דיכטערישער איבערזעצונג. דעם שענסטן פאַר־גלײַך האָט, אפשר, געגעבן שעלי: „שטרעבן איבערצוגעבן אַ דיכטערס שאַפונג פון איין לשון אויף אַן אַנדערן — איז געגליכן, ווי מיר וואָלטן אַרײַנגעוואָרפן אין אַ שמעלצקעסל פיאַלקעס מיטן ציל צו אַנטפּלעקן דעם הויפּטפּרינציפּ פון זייערע פאַרבן און ריחות. דאָס געוויקס מוז אויפסנײַ אויפקומען פון אייגענעם זוימען, אַניט וועט עס ניט געבן קיין בלומען. אָט אין דעם ליגט די קללה פון בבלישן דור־הפלגה״.

אין דעם ליגט די קללה, אין דעם איז אויך די ברכה; די מאַטערניש און אויך די פרייד. מחמת ניט אין די פאָרמולעס, ווי גײַסטרײַך און טרעפלעך זיי זאָלן ניט זײַן, ליגט דער כוח. זײַנען דאָך אין דער ליטעראַטור, אין דער קונסט בכלל, אַלע פאָרמולעס, אַלע כללים, טעאָריעס, ריכטונגען, אַלע „איזמען" נאָר „פון צווייטער האַנט", איבערבויעניש, בעת דאָס בראשיתדיקע, דאָס ממשותדיק געגעבענע, דער איינציקער יש איז דאָס ווערק. במילא איז עס אויך אַזוי אין דער דיכטערישער איבערזעצונג.

„דער איבערזעצער פון פּראָזע־ווערק איז אַ פּאַכמאַן; דער איבערזעצער פון פּאָעזיע — אַ ריוואַל". דאָס דאָזיקע שטאָלצע (הגם דיסקוטירלעכע) וואָרט פון זשוקאָווסקי איז אפשר חל קודם־כל אויף אים אַליין, וואָס איז געווען אַ געניאַלער איבערזעצער פון פּאָעזיע, אַ סך גרעסער און געניאַלער ווי אין זײַנע אָריגינעלע שאַפונגען, און אויף נאָך עטלעכע יחידי סגולה. אָבער אויך אויף יעדן אַנדערן איבערזעצער, וואָס ער האַלט זיך ווײַט ווײַט ניט פאַר קיין ריוואַל — וואַרפן אָן אָט די ווערטער ממש אַ פחד. ווי אַזוי זאָל מען ניט ציטערן, ווען מען פאַרמעסט זיך צו איבערזעצן, זאָל זײַן ניט מער ווי אַ פּאָר סטראָפעס פון אַ ראָנסאַר, אַ וויקטאָר הוגאָ, אַ באָדלער ?! לפני מי אתה עומד ?! — ווילט זיך אויסשרײַען צו זיך גופא. אַז גאַנץ אָפט פרעגט מען זיך, צי איז ניט בעסער בכלל, זיך אָפּצוזאָגן פון די ענוים און די תענוגים פון דער דאָזיקער עבודה.

נײַערט אין ברירה. מען מוז איבערזעצן. פונקט ווי ס'זײַנען דאָ מענטשן, וואָס זיי מוזן שרײַבן פּאָעזיע. אָט די „קנעכטישע פאַרליבטע", וואָס דער פרעמדער טעקסט כאַפּט זיי אָן, לאָזט מער ניט אָפּ, קלינגט אין זיי, גייט אין זיי אַרײַן ווי אַ דיבוק און שרײַט, מאָנט אַ גלגול אין זייער לשון, אינעם איינציקן, וואָס אין אים ווערן זיי ווי אַ שותף צו מעשה־יצירה. און דערבײַ מיינסטנס (די אויס־

נאָמען באַשטעטיקן דעם כלל) תמיד פאַרמשפּט צו מעסטן דעם אָפּשטאַנד...

אַלע קינסטלער — ניין, ניט אַלע, אָבער דער רוב — שפּירן אָט דעם אָפּשטאַנד, דעם ריס צווישן דעם, וואָס זיי ווילן און דעם וואָס זיי קאָנען. אָבער דוכט זיך, קיינער איז אַזוי ניט פאַרמשפּט צו דעם — דורכן באַדינגג גופא פון זײַן אַרבעט — ווי דער איבער־זעצער פון פּאָעזיע, ד״ה דער, וואָס וויל איבערגעבן ניט בלויז דעם טײַטש, נאָר דעם תוך. האָט ער דאָך צום פאַרגלײַך ניט בלויז דאָס, וואָס האָט געשוועבט אין זײַן גײַסט, נײַערט דאָס, וואָס איז שוין געוואָרן רעאַליזירט, וואָס ער קאָן ניט בלויז אינטויִטיוו, צומאָל מטושטש שפּירן, נײַערט ממש אָנטאַפּן, אַנאַליזירן וואָרט בײַ וואָרט, מעסטן ווירקונג בײַ ווירקונג. אויב יעדער פּראָצעס פון קינסטלערישער שאַפונג איז געראַנגל, געראַנגל מיטן שטאָף, ד״ה בײַם דיכטער מיטן וואָרט און געראַנגל מיט זיך, איז איבערזעצונג צו דעם נאָך אַ געראַנגל מיטן אַנדערן און מיט זײַן וואָרט! ריוואַל איז ריוואַל! הייסט געבן קלעפּ, אָבער דער עיקר, מיינסטנס — כאַפּן קלעפּ.

וואָרעם אויב די כללים און נויטווענדיקייטן, וואָס לאַסטן אויפן דיכטער, לאַסטן — הגם אַנדערש — אויך אויפן איבער־זעצער, האָט ער נאָך אַ צוגאָב. אוודאי, זײַן כוח־הדמיון האָט אַן אָנשפּאַר, איז פון צווייטער האַנט, ניט אורטימלעך, סטימולירט דורך דער פאַנטאַזיע פונעם דיכטער. אָבער אָט די מעלה האָט אויך איר חסרון: דער איבערזעצער דאַרף טאַקע ניט ערשט שאַפן די סובסטאַנץ, ער דאַרף בלויז דערזען די געשאַפענע. אָבער ער מוז זיך אין איר האַלטן. ער איז געבונדן דורכן טעקסט. ער קאָן ניט אָנהייבן און קאָן ניט אויפהערן ווי ער וויל. ער מוז זיך טאַקע לאָזן טראָגן דורכן וואָרט, דאַרף אָבער פון אים זיך ניט לאָזן פאַרטראָגן, ניט וויסנדיק, וווהין די אַוואַנטורע וועט אים פירן. די

פּײַן, אָבער אויך די מתיקות פונעם אומבאַשטימטן איז ניט פאַר איִם. אַזוי קאָנען מיר, באַנוצנדיק פּאָל וואַלעריס טערמינאָלאָגיע, פאָרמולירן דעם ערשטן ספּעציפישן כּלל פון דיכטערישער איבערזעצונג: די „געשענקטע פערזן" און די „קאָנסטרויִרטע" זײַנען מחייב ביידן — דעם דיכטער און זײַן איבערזעצער. נײַערט זייער פאַרהעלטעניש, די קעגנזײַטיקע באַווירקונג זײַנען אַנדערע. דער דיכטער „קאָנסטרויִרט" זײַנע פערזן אַרום, צי אויף די „געשענקטע", געטראָגן דורך זיי אין אַ ספּיראַל, ווו דאָס „געשענקטע" און דאָס „קאָנסטרויִרטע" בײַטן זיך כּסדר מיט זייערע ראָלן. דער איבערזעצער מוז די „געשענקטע שורה" צוריקפירן צו דער שוין דאָיִקער קאָנסטרוקציע. ווי אָפט זיי זאָלן זיך ניט בײַטן מיט די ערטער, זיי מוזן תמיד בלײַבן אינעם געגעבענעם פּאָעטישן קרײַז.

איבערזעצער דעריבער, וואָס געפינען אין דער פאַרוואַנדלונג פונעם פּאָעטישן טעקסט זייער תיקון און זייער פרייד, וואָס זײַנען אײַנגענומען פון דעם, וואָס זיי איבערזעצן; אין וועמענס מוחות עס קומט פאָר — בײַ יעדערן וועדליק זײַן מוח, פאַרשטייט זיך — דער פּראָצעס פון שאַפערישע גלגולים — זיי קאָנען „זייער גורל ניט אַריבערשפּרײַזן". די „ווערטער־מאַטערניש" פון דיכטער באַקומט בײַ זיי אַ באַזונדערע פאָרעם: ניט דאָס וואָרט פאַרן וויזיאָנערישן אויפבליץ, נאָר דאָס וואָרט פאַר דער וויזיע שוין דער רעאַלער, דאָיִקער, פאַראַנענער. זייער אויסקלײַב איז דעריבער ניט אַזוי אָפּקלײַב ווי אָפּזאָג. די קונסט פון איבערזעצן הייסט קודם־כּל מוותר זײַן, מקריב זײַן.

אינעם נאָכוואָרט צו דער איבערזעצונג פון פּאָל וואַלעריס פּאָעמע „דער בית־עולם בײַם ים"3) האָבן מיר וועגן דאָזיקן כּלל געשריבן:

3) פאַרעפנטלעכט אין 1956. זע ז״ז 385—393.

„די פלוראַליסטישע פונקציע פונעם פּאָעטישן וואָרט (איז) איינער פון די גרונט־פענאָמענען אין דער דיכטונג בכלל. מען קאָן דעם דאָזיקן פענאָמען פאָרמולירן אַזוי: אַ דיכטונג איז אַלץ שלמותדיקער, וואָס מער אַבסאָלוט־נויטווענדיק, אומפאַרבײַטלעך און איינמאָליק איז יעדעס וואָרט. און אַ וואָרט איז אַלץ מער איינמאָליק, וואָס פילפאַכיקער ס׳איז זײַן פונקציע אין געגעבענעם פערז. אָט דער פענאָמען ווערט אָבער מאָדיפיצירט אין דער קרעאַציע, וואָס זי הייסט דיכטערישע איבערזעצונג. איבערזעצן דיכטונג הייסט ניט בלויז איבערשאַפן פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער, נאָר אויך אינטערפּרעטירן, אָפּט אויסקלײַבן צווישן די מערערע אָפּענע און באַהאַלטענע — און אַלע גילטיקע — זין־, קלאַנג־, אַסאָציאַציע־ווערטן פון אַ וואָרט איינעם אָדער אַ פּאָר באַשטימטע. אַזוי אַנטפּלעקט זיך טאַקע די געוואַלדיקע כוללדיקייט פון פּאָעטישן וואָרט, וואָס דערמעגלעכט צו איבערזעצן די זעלביקע שורה אויף מערערע, צומאָל צענדליקער אופנים.״ 4)

מען דאַרף דערבײַ טאַקע אונטערשטרײַכן די פילפלאַכיקייט פון יעדער פונקציע. אפילו — און אפשר קודם־כל — וואָס שייך דעם פשוטן פירוש המילים. וואָרעם ס׳איז דאָך אַן אַלטער אמת, אַז דאָס וואָרט אַרײַנגעשלאָסן אין אַ דיכטערישער שורה באַקומט אַ נײַע דימענסיע, וואָס עס האָט ניט אין דער געוויינלעכער שפּראַך. די באַזונדערקייט פונעם פּאָעטישן וואָרט איז טאַקע זײַן פילזינעוודיקייט, ד״ה וואָס עס קאָן האָבן ניט איינעם, נאָר מערערע, צומאָל פּאַראַלעלע, צומאָל זיך קרייצנדיקע, אָדער גאָר זיך באַקעמפנדיקע באַטײַטן. און דאָס איז נוגע הן דאָס וואָרט, הן די

---

4) אינטערפּרעטאַציע, אָבער בשום אופן ואופן ניט דעשיפרירונג פון דער דיכטערישער סובסטאַנץ, וואָס וואָלט דורך דעם פאַרלאָרן איר פילפלאַכיקייט און במילא זיך גופא.

סטראָפע, הן די גאַנצע שאַפונג. לאָמיר טאַקע הערן, וואָס פּאָל וואַלערי זאָגט וועגן דעם:

„מײַנע פּערזן האָבן דעם באַשייד, וואָס מען גיט זיי... ס'איז אַ טעות, להיפּוך צו דער נאַטור פון דער פּאָעזיע און וואָס וואָלט געווען אפילו פאַר איר לעבנסגעפערלעך, צו באַהויפּטן, אַז מיט יעדער פּאָעמע שטימט אײַן אַן איין און איינציקער ריכטיקער זין, שווה בשווה, צי אידענטיש מיט אַ וואָסערן ניט־איז געדאַנק פונעם מחבר" 5).

דוכט זיך, פאָרמולירט אַ כלל און דיינו, ס'איז שוין אַלץ גוט. אָבער דאָ הייבט זיך ערשט אָן דער ויתרוצצו. די אַלע פונקציעס, וואָס זײַנען אינעם וואָרט פון אָריגינאַל איינס, וואָס לעבן אין אים בשלום, אין פולסטער האַרמאָניע, הענגען זיך איצט אָן יעדע אין אַ באַזונדער וואָרט פון דער נײַער שפּראַך. און יעדע שרײַט, בעט זיך, דראָט, אַז זי איז בילכער; אַז אָן איר קאָן מען זיך לגמרי ניט באַגיין. וויי, וויי, וואָס פאַר אַ קריגערײַ, וואָסער גערודל! און ווי אַזוי זאָל זיך דאָ דער אָרעמער איבערזעצער אַן עצה געבן: אַלע זײַנען אים גלײַך טײַער, קיינע וויל ער ניט מקריב זײַן און מקריב זײַן מוז ער! וואָסער פּײַן פאַר אַ שאַפער, וועמענס אײַנגעבוירענע אייגנקייט איז דאָך תמיד דאָס שטרעבן צו טאָטאַליטעט. דער אמתער איבערזעצער איז דעריבער קודם־כל דער, וואָס ווייסט, וואָס ער זאָל מקריב זײַן און וואָס ניט. ווײַל צו דעם, וואָס האָט דערגרייכט אַזאַ מדרגה.

און וואָלט עס געגאַנגען בלויז וועגן פאַרלירן, אָפּזאָגן זיך. מען מוז אָבער אויך קאָנען צולאָזן איבעראַנדערשונגען, פאַרבײַטן. רבונו של עולם! ווער קען עס ניט דעם נסיון, ווען עס שטייען

5) הקדמה פון פּאָל וואַלערי צום עסיי Commentaire des Charmes פון אַלען.

פאַר דיר צוויי ווערטער. איינס — יאָ, איז קרוביש, נאָענט צום אָריגינאַל. אָבער דאָס אַנדערע לאָקט, ווינקט צו מיט זײַן וויל־קלינגעוודיקייט. ווער ווייסט, אפשר וועט דורכן דאָזיקן קלאַנג, הגם אין פלוג דערווײַטערט עס פונעם וואָרט אינעם אָריגינאַל, די גאַנצע ריי אָבער ווערן באַלויכטן, זיך אָנצינדן? ווער ווייסט, צי איז עס טאַקע אַ וואָרט פון פײַער, צי בלויז פון פײַערווערק, וואָס ציט דיך מיט אַ שײַנעם, אָבער אויסערלעכן קלאַנג־חנדל? ווײַל בײַם איבערזעצן איז דאָס דאָך דער עיקר, דאָס פינטל: זײַן גרייט צו אבדות, צו פאַרבײַטן. אָבער תמיד געַנוי וויסן — אין יעדן פאַל — וואָסער אבדה איז צולאָזלעך און אין וואָסער ריכטונג מעג מען פאַרבײַטן. הײַנט גיי ווייס עס...

קיין רעצעפּטן זײַנען פאַר דעם ניטאָ און קאָנען ניט זײַן. די פלוראַליסטישע פונקציע פונעם פּאָעטישן וואָרט איז דאָך אַ טאָפּעלע — אין זיך גופא און אין שייכותדיקייט מיט די אַנדערע ווערטער. און ביידע פונקציעס זײַנען קעגנזײַטיק באַדינגט. די ראָל, דער באַטײַט, די רעלאַטיווע וואָג פון יעדערן פון די פּאָע־טיש־געשטאַלטערישע עלעמענטן, די באַשאַפונג־כוחות בײַטן זיך כסדר: אָט איז עס דאָס בילד, אָט דער קלאַנג, אָט דער געדאַנק, אָט גאָר דער סדר פון די ווערטער. ס׳קאָן געמאָלט זײַן אַ ליד, ווו דער עיקרדיקער באַוועגער איז, לאָמיר זאָגן, דער ריטעם, וואָס דורך אים הייבט אָן אַלץ צו לעבן, בעת אין אַן אַנדערן איז דער ריטעם לחלוטין אַ צווייטראַנגיקער ענין. עס גייט, הייסט עס, ניט אין פּשוטן אויפדעקן, „אויפציילן" אַלע דערמאָנטע פונקציעס פונעם פּאָעטישן וואָרט, אין באַשטימען זייער רעלאַטיווע וואָג. נײַערט דאָס לעבן, די נשמה פון דער שאַפונג איז דער צוזאַמענ־קלאַנג, די אינעווייניקסטע קעגנזײַטיקע צוזאַמענהאַנגען און באַ־ווירקונגען. דאָס איז חל אויף יעדער קונסט. אין דער מאָלערײַ צ״ב, ווו יעדע פאַרב איז גילטיק פאַר זיך און אינעם צוזאַמענ־

ווירקן מיט די אַנדערע; אין די מאָדיפיקאַציעס, וואָס זיי רופן אַרויס איינע בײַ דער אַנדערער; אין די איבערגענג, בײַטעניש און פאַרקייטלונגען, וואָס מען זעט זיי גאָרנישט, וואָס עקזיסטירן, אַזוי צו זאָגן, „אונטער" און „צווישן" די קאָלירן. פּונקט ווי „אונטער" און „צווישן" די שורות פון אַ ליד. די שייכותן צווישן אַלע עלעמענטן — אָט דאָס איז די „אַלכעמיע פון וואָרט", ווי רעמבאָ האָט עס אָנגערופן. דער איבערזעצער דאַרף דעריבער תמיד געדענקען — מער: שפּירן, פילן מיטן גאַנצן כוח דעם צווייטן ספּעציפישן כלל, וואָס ער איז דער הויפּטבאַדינג, דאָס אַלגעמיינע געזעץ: מען קאָן — און מען דאַרף צומאָל — זיך אָפּזאָגן פון דער אָדער יענער וואָרט־פונקציע, מען קאָן — און מען דאַרף צומאָל — מוותר זײַן, פאַרבײַטן, ענדערן, אָבער דאָס אַלץ בתנאי ס'זאָלן ניט צעשטערט ווערן די אינעווייניקסטע שייכותן, וואָס ערשט זיי שאַפן דעם קאָנטאַקט, דורך וועלכן עס גייט דער פּאָעטישער שטראָם.

אָט דאָס איז, ווי היינע דריקט זיך אויס, „פון ביכער דער טיפערער מיין, דאָס איז די גאַנצע וויסנשאַפט". און יעדע איבערזעצונג פון פּאָעזיע באַשטעטיקט עס ווידער אויפסנײַ אויף פּאָזיטיוון, צי נעגאַטיוון אופן. אַזוי קאָן גרינגלעך געמאָלט זײַן, אַז דווקא דאָס אָפּהיטן אַלץ, די פולשטענדיקייט און גענויִקייט, וואָס זײַנען אויבנאויפיק דאָך די בעסטע מעלות פון אַן איבערזעצונג, זאָלן גאָר ווערן צומאָל אַ חסרון. מחמת דורך דעם זײַנען אינעם געגעבענעם פאַל צעשטערט געוואָרן אויף עפּעס אַ געהיימענישפולן אופן די אינעווייניקסטע שייכותן, וואָס פון זיי ווערט ערשט געבוירן די גאַנצקייט.

דער ניט־פאַכמאַן מיינט אָפט, אַז די טעכנישע זײַט: מעטריק, גראַם, מאָס איז דאָס שווערסטע בײַם איבערזעצן פּאָעזיע. זייער

אמתע שווערקייט איז אָבער, להיפּוך, זייער רעלאַטיווע לײַכטי־
קייט און דורך דעם גופא זייער פּאַרפירערישקייט.

מיר דערלויבן זיך צו אילוסטרירן עס מיט צוויי בײַשפּילן
פון אייגענער פּראַקטיק. וויקטאָר הוגאָ איז רעלאַטיוו לײַכטער
צו איבערזעצן. זײַן געוואַלדיקע שפּראַכלעכע עשירות, דער אומ־
געצוימטער כוח פון זײַן ווערטער־ניאַגאַראַ, זײַן ווירטואָזיטעט אין
ריטמען און גראַמען דערלויבן פּאַרהעלטענישמעסיק מער פּאַר־
בײַטן און מאַכן ווייניקער וויטיקלעך די אבדות. אָט האָבן מיר,
למשל, אין איין ליד פּאַרביטן אַ גאַנץ בילד: אַנשטאָט דעם נאַכט־
הימל מיט זײַנע שטערן האָבן מיר גענומען דעם בלויען טאָג־
הימל 6). אונדז דוכט זיך, אַז די סטראָפע, איר אַלגעמיינע טאָנאַ־
ליטעט, איר עמאָציאָנעלע אָנלאָדונג, איר בילדערישקייט אפילו
האָט דערפון ווייניק־וואָס געליטן; די אינעווייניקסטע שייכותן
זײַנען ניט צעשטערט געוואָרן.

נעמען מיר איצט די לידער פון עלואַר. ס'קאָן זיך דוכטן, אַז
וואָס איז לײַכטער: ניטאָ קיין גראַמען, דער ריטעם איז אַ לויזער,
די ווערטער מיינסטנס — כלומרשט! — פּשוטע. שטעלט זיך
אָבער אַרויס, אַז ער איז איינער פון די דיכטער, וואָס אין גערעאַנגל
מיט זײַנע ווערק גייט דער איבערזעצער אַרויס צעבײַלט און
צעשונדן. מחמת ס'איז אָפּט גענוג צו פּאַרלירן (אָדער צו מוזן
פּאַרבײַטן) איינס פון אָט די אין פלוג „פּשוטע" ווערטער און די
גאַנצע פּאָעטישע סובסטאַנץ גייט לאיבוד. ס'איז ניטאָ בײַ אים
הינטער וואָס זיך צו באַהאַלטן! קיין שום קלינגעוודיק וואָרט,
קיין שום אָריגינעלער גראַם, קיין שום מעטרישע ווירטואָזיטעט
וועט דאָ ניט העלפן. דער גאַנצער כוח ליגט אינעם נאַקעטן וואָרט.
במילא מיט קיין שום פּוץ קאָנסטו ניט פּאַרשטעלן, אויב דו האָסט

---

6) אין ליד „די געפאַנגענע", זײַט 70.

ניט איבערגעגעבן זײַן װוּנדערלעכע, אָבער אומברחמנותדיק שטרענגע שטײנערנע נאַקעטקײט!

ס'װעט אפשר זײַן נאָך אַ גרעסערע איבערראַשונג, אויך פֿאַר פֿאַכמענער, װען מיר װעלן זאָגן, אַז עלואַר, אָדער נאָך מער רעמבאָ, זײַנען, פֿון זײער זײַט, לײַכטער צו איבערזעצן װי צ"ב באָדלער! סטײַטש, װעט מען פֿרעגן — רעמבאָ מיט זײַנע שפּראַך־אילומי־נאַציעס, זײַן הערמעטישקײט, זײַן פֿײַערדיקן װאָרט־באַשאַף? דװקא צוליב דעם. אויב װיקטאָר הוגאָס װאָרט־עשירות דערלויבט פֿאַרבײַטונגען, אבדות, דערמעגלעכן רעמבאָס אויסטערליש־דרײסטע, אײנמאָליקע, נאָך ניט־געװעזענע באַנײַערישע װאָרט־פֿאַר־פֿלעכטונגען אָפּט אַ װערטלעכע איבערזעצונג, װאָס היט במילא אָפּ דעם כּוח און די אײנמאָליקײט פֿונעם אָריגינאַל. בײַ עלואַר איז די שװעריקײט — געפֿינען דעם עקװיװאַלענט פֿאַרן אײנצלנעם װאָרט. אָבער די אומגעריכטע פֿאַרפֿלעכטונג פֿון די װערטער, זײער איבערראַשנדיקע און אַזױ סוגעסטיװע אַסאָציאַציע לאָזט זיך אויך אָפּט פּשוט װערטלעך אַריבערטראָגן. בײַ באָדלערן װירקן אָבער די װערטער און װערטער־אַסאָציאַציעס ניט דורך זײער אויסטער־לישקײט, צי דורך דער אומגעריכטקײט פֿון זײער פֿאַרבינדונג, נײַערט דורך זײער ניט־אויסמעסטלעכער טיפֿקײט, װאָס גרײכט ביז אין די סאַמע אונטערגרונטישע, ד"ה אוראײגנסטע, בלוטיקסטע קעמערלעך פֿונעם לעבעדיקן געװעב פֿון לשון.

מײנט איר, אַז מיט דעם זײַנען מיר שױן אַרויס פֿונעם קרײַז פֿון אונדזערע סתירות? ס'הײבט זיך ניט אָן. אינעם אויבן צי־טירטן נאָכװאָרט צו דער איבערזעצונג פֿון פּאָל װאַלעריס פּאָעמע האָבן מיר געהאַט אָנגעװיזן, אַז די געװאַלדיקע כּוללדיקײט פֿונעם פּאָעטישן װאָרט קומט טאַקע צום אויסדרוק אין דעם, װאָס מען קאָן אײן און דאָס זעלביקע װערק איבערזעצן צומאָל אויף צענד־ליקער אופֿנים. און װאָס באַטײַטנדיקער דאָס װערק, אַלץ מער

איבערזעצונג־וואַריאַנטן קאָן מען פון אים מאַכן. יעדער וואַריאַנט וועט האָבן זײַנע מעלות און חסרונות. (ווענדליק דעם איבערזעצערס מעלות און חסרונות. אָדער — בײַם זעלביקן איבערזעצער — ווענד־ליק דעם געלינגען אַ מאָל פון דער, אַ מאָל פון יענער שורה). אָבער אַלע צוזאַמען וועלן תמיד זײַן ווייניקער ווי דער אָריגינאַל, וואָס איז זיי אַלע כולל אין זיך און איז דערבײַ איינס און אומ־צעטיילעוודיק. הייסט עס, אַז יעדע איבערזעצונג — ווי גוט זי זאָל ניט זײַן — איז ווענדליק איר נאַטור גופא פאַרמשפּט צו זײַן בלויז איין אַספּעקט, איין טייל פון אַ גאַנצן. ווי אַזוי־זשע זאָל דער איבערזעצער, אויב ער פילט נאָר דעם פּאָעטישן אימפּעראַטיוו, ניט ווייניקסטנס שטרעבן צו דערגרייכן די כוללדיקייט? ווי אַזוי קאָנען די טיילן ניט ציִען זיך תמיד צוריק צו זייער מקור, צו ווערן דאָס גאַנצע? די פונקען — צום פײַער, וואָס האָט זיי גע־בוירן, און דערבײַ פאַרמשפּט אויף אייביק, אַליינזײַיִק צו גליִען אינעם אַנדערשפּראַכיקן קאָסמאָס?

אין דעם, ווײַזט אויס, איז טאַקע דעם איבערזעצערס גרויס־קייט, אין דעם אויך זײַן קנעכטשאַפט. און ער מוז ביידע מקבל באהבה זײַן, אויב ער וויל, אויף וואָסער אופן, אין וועלכער מאָס דאָס זאָל ניט זײַן, האָבן זײַן חלק אין די מאַטערנישן און באַגלי־קונגען פונעם שאַפער. אַזוי געזען, וואַרפט אָן זשוקאָווסקיס וואָרט ניט בלויז אַן אימה, נײַערט עס גיט אויך כוח. עס גיט פאַר די איבערזעצער די באַפרידיקונג פונעם שטרעבן, הגם זיי וויסן, אַז זייער ציל איז ניט דערגרייכלעך. לכל הפּחות האָבן זיי די פרייד דורך דער איבערזעצונג טיפער אַרײַנצודרינגען, בעסער צו פאַר־שטיין, שלמותדיקער זיך אָנצואייגענען די שאַפונגען, וואָס האָבן אַרויסגערופן אין זיי דעם לירישן ציטער. ניט שוין־זשע איז דאָס אַליין ניט קיין גענוגנדיקער שכר פאַר זייער געליבטער מי? ווי

זאָגט וואַלערי בריוסאָוו, אַליין אַ גרויסער דיכטער און גאָניאַלער איבערזעצער: „אינעם גערעַנגל מיט דאַנטע איז אַ כבוד צו בלײַבן אַ לאָמער, אַזוי ווי יעקב"!

און דעריבער, וויפל מען זאָל ניט האָבן געשריבן און וויפל מען זאָל ניט שרײַבן איבער דער אוממעגלעכקייט איבערצוזעצן פּאָעזיע, האָט מען ניט אויפגעהערט און מען וועט ניט אויפהערן זי צו איבערזעצן.

און דאָס איז סוף כל סוף די בעסטע ראיה אינעם אַלטן און גרויסן וויכוח.

## ג.

מען וואָלט געקאָנט דעם פענאָמען פון דער טאָפּעלער כולל־דיקייט פונעם פּאָעטישן וואָרט: די פּילזײַטיקע פונקציע פון יעדן וואָרט פאַר זיך און אין אַלע זײַנע שייכותן מיט אַלע אַנדערע ווערטער — באַטראַכטן ווי דאָס גרונטיקסטע און אַלגעמיינסטע געזעץ, וואָס ווירקט אויף יעדער פּאָעטישער איבערזעצונג. כדי עס צו אילוסטרירן, ווילן מיר דאָ ברענגען איין בײַשפּיל: דאָס ליד „סענטימענטאַלער שמועס" פון פּאָל ווערלען.

COLLOQUE SENTIMENTAL

Dans le vieux parc solitaire et glacé,
Deux formes ont tout à l'heure passé.

Leurs yeux sont morts et leurs lèvres sont molles,
Et l'on entend à peine leurs paroles.

Dans le vieux parc solitaire et glacé
Deux spectres ont évoqué le passé.

— Te souvient-il de notre extase ancienne ?
— Pourquoi voulez-vous donc qu'il m'en souvienne ?

— Ton cœur bat-il toujours à mon seul nom ?
Toujours vois-tu mon âme en rêve ? — Non.

— Ah ! les beaux jours de bonheur indicible
Où nous joignions nos bouches. — C'est possible.

— Qu'il était bleu le ciel, et grand l'espoir !
— L'espoir a fui, vaincu, vers le ciel noir.

Tels ils marchaient dans les avoines folles,
Et la nuit seule entendit leurs paroles.

דאָס דאָזיקע ליד איז געוואָרן איבערגעזעצט דורך אברהם ליעסין אונטערן נאָמען: „אַ סענטימענטאַלער דיאַלאָג".

אין אַלטן, וויסטן פּאַרק, פאַרוואָרפן, פראָסט־באַדעקט,
צוויי שאָטנס האָבן דורך דער נאַכט זיך שטיל באַוועגט.

די אויגן קוקן טויט, די ליפּן הענגען שוואַך,
און קוים וואָס הערט זיך זייער שאָטנדיקע שפּראַך.

אין אַלטן, וויסטן פּאַרק, פאַרוואָרפן, פראָסט־באַדעקט,
צוויי גײַסטער האָבן אַ פאַרגאַנגענהייט געוועקט.

— געדענקסטו דעם עקסטאַז פון אונדזער הייסן בליק ?
— צו וואָס דערמאָנען דאָס געוועזענע צוריק ?

— צי קלינגט דיר אַלץ מײַן נאָמען מיט אַזוי פיל חן ?
צי קלאַפּט נאָך אַלץ דײַן האַרץ צו זען אין טרוים מיך ? — ניין.

— אָ, טעג פון גרויסן גליק, ווען מויל מיט מויל אין ברען
פּאַראייניקט האָבן מיר — ס׳איז אפשר ווען געווען.

— געשייַנט אין הימל בלאָ האָט האָפענונג אָן ברעג!
— אין שוואַרצן הימל איז די האָפענונג אַוועק.

זיי האָבן זיך געדרייט אַזוי אין פּאַרק אַרום,
די נאַכט נאָר האָט געהערט די שאָטן־ווערטער שטום.

## און אָט איז אַ צווייטע איבערזעצונג, פון לייב נייַדוס:

טיף אין דעם פּאַרק, וועלכער פרירט אין זייַן ווײ,
האָבן זיך שאָטנס אַדורכגעשלייַכט צוויי.

אויגן פּאַרלאָשן, די ליפּן שוין אַלטע,
ס׳הערן זיך שטימען פּאַרוועלקטע און קאַלטע.

טיף אין דעם איינזאַמען פּאַרק, וועלכער פרירט,
האָבן צוויי שאָטנס אַ שמועס געפירט.

— אַך, צי געדענקסטו די ליבע, דאָס בענקען?
— נאָך וואָס! צי קאָן איך אַזוינס נאָך געדענקען?

— הערסטו מייַן גרוס, וואָס איז הייליק און ריין?
זעסטו מייַן זעלע אין נאַכט־חלום? — ניין!

— גליק איז געווען... געפלאַמט האָט דייַן וועזן
דאַן אין מייַן אָרעם... — ס׳קאָן זייַן, ס׳איז געווען...

— דאַן האָט די האָפנונג געשטראַלט ווי די זון!
— איצט איז דאָך גאָרנישט געבליבן דערפון...

טרויעריק האָבן די ווערטער געשוווּמען,
ס׳האָבן זיי נאַכטיקע שאָטנס פאַרנומען.

אין דער זאַמלונג (אויף זײַט 107) ווערט דער לייענער געפּי־נען אויך אונדזער איבערזעצונג פונעם זעלביקן ליד. מיר דערמאָ־נען עס ניט, חלילה, כדי זיך צו פאַרגלײַכן צו די בײדע מײַסטער, נאָר כדי צו ווײַזן, ווי אַזוי איין און דאָס זעלביקע ליד קאָן איבער־געזעצט ווערן אויף פאַרשידענע אופנים און כדי אַרײַנצופירן אַ ביסל אינעם וואַרשטאַט פונעם איבערזעצער.

שוין בײַם פאַרגלײַך פון דער ערשטער שורה שטויסט מען זיך אָן אויף אַלע אויבן דערמאָנטע פּראָבלעמען פון איבערזעצונג: אָפּקלײַב, אָדער ריכטיקער אויסקלײַב, אָפּזאָג, פאַרבײַט. בײַ ווער־לענען האָבן מיר דרײַ אַטריבוטן פונעם פּאַרק: ס'איז אַן אַלטער פאַרלאָזענער און אײַזיק־קאַלטער פּאַרק. בײַ ליעסינען געפינען מיר זיי אַלע דרײַ, אפילו אין פאַרשטאַרקטער פאָרעם: „אין אַלטן, וויסטן פּאַרק, פאַרוואָרפן, פראָסט־באַדעקט". „אַלט" און „פראָסט־באַדעקט" זײַנען גלײַך צו vieux און glacé. וואָס שייך די איינ־זאַמקייט solitaire ווערט זי איבערגעגעבן דורך צוויי ווערטער „וויסט" און „פאַרוואָרפן".

בײַ ניידוסן איז געבליבן בלויז דער פראָסט:

„טיף אין דעם פּאַרק, וועלכער פרירט אין זײַן וויי"...

„פרירט אין זײַן וויי" איז אגב געזוכט, אַ ביסל געקינצלט, בעת בײַ ווערלענען איז אַלץ פשוטו כמשמעו, אָן שום מעטאַפאָרעס — אין דעם איז טאַקע דער סוגעסטיווער כוח:

Dans le vieux parc solitaire et glacé...

אין אונדזער איבערזעצונג האָבן מיר איבערגעלאָזט צוויי אַטריבוטן: איינזאַם און פראָסטיק. פאַרלאָרן געגאַנגען איז די אַלטקייט:

אין איינזאַמען פּאַרק, וואָס ליגט פראָסטיק־פאַרשטאַרט,
עס האָבן צוויי שאָטנס פאַרבײַ זיך געשאַרט.

מיר האָבן געהאַט די ברירה צווישן דעם פּערז, אַזוי ווי מיר געבן אים, אָדער —

אין פּאַרק, וואָס אַן אַלטער און איינזאַמער פרירט,
עס האָבן צוויי שאָטנס אָט נאָר וואָס שפּאַצירט.

אין אַ פריִערדיקן וואַריאַנט פון דער זעלביקער איבערזעצונג, פאַרעפנטלעכט אין 1947 אינעם זשורנאַל „אויפסניי", האָבן מיר די סטראָפע געגעבן אַזוי:

אין פּאַרק, וועלכער איינזאַם און אומעטיק פרירט,
עס האָבן צוויי שאָטנס אָט נאָר וואָס שפּאַצירט.

מיר האָבן אָפּגעוואָרפן די ערשטע ווערסיע, ניט וועלנדיק פאַרקינצלען דאָס בילד. דער פּאַרק — ער — פרירט ניט. ס'איז פּשוט אַן אײַזיק־קאַלטער פּאַרק, וואָס אַנדערע פרירן אין אים. „פראָסטיק־פאַרשטאַרט" איז אונדז פאָרגעקומען בעסער, מחמת עס גיט איבער די אומבאַוועגלעכקייט, די פרעמדקייט פונעם פאַרפראָרענעם פּאַרק. „פאַרבײַשאַרן זיך" האָט זיך אונדז אויסגעוויזן סײַ קלאַנגלעך, סײַ בילדלעך, געהיימענישפולער, נאַכטישער, געשפּענסטערישער ווי „שפּאַצירט". אינעם „פאַרבײַשאַרן זיך" איז שוין אויך געווען עפּעס אַ רמז אויף דעם „נאָר וואָס" (tout à l'heure). דעריבער האָבן מיר אַקצעפּטירט צו פאַרלירן אי דעם דירעקטן און פרעציזן „אָט נאָר וואָס", אי דעם „אַלטן".

די ערשטע סטראָפע בײַ ווערלענען רופט זיך איבער מיט דער דריטער. די ערשטע שורה איז וואָרט בײַ וואָרט איבערגעחזרט, און פאַרשטאַרקט בכן אויף גאָר אַן אײַנדריקלעך־אומהיימ־

לעכן אופן די וויזיע פונעם אַלטן, קאַלטן, איינזאַמען פּאַרק, וואָס שייך דאָס ענד־ און גראַם־וואָרט passé חזרט עס זיך איבער אין אַן אַנדערן באַטײַט. אין דער ערשטער סטראָפע ווי אַ פּאַר־טיציפּ (פאַרבײַגעגאַנגען), אין דער דריטער — ווי אַ זאַכוואָרט (די פאַרגאַנגענהייט). אָט דאָס איז אין זײַן געניאַלער נאַקעטער פשטות — דאָס איינמאַליקע, אומפאַרבײַטלעכע, כוללדיקע, וואָס מיר האָבן וועגן דעם גערעדט. וואָס־זשע ווערט דערפון אין די איבערזעצונגען ?

ליעסין היט געגוי אָפּ די איבערחזרונג פון דער ערשטער שורה, מיטן זעלביקן גראַם. אָבער פאַרשטייט זיך, דעם צוזאַמענ־קלאַנג פון passé אין זײַן טאָפּעלן באַטײַט איז אים געווען אוממעגלעך אָפּצוהיטן. די צווייטע שורה פון דער ערשטער סטראָפע איז: „צוויי שאָטנס האָבן דורך דער נאַכט זיך שטיל באַוועגט", פון דער דריטער סטראָפע — „צוויי גײַסטער האָבן אַ פאַרגאַנגענהייט געוועקט".

נײַדוס האָט ניט די איבערחזרונג, כאַפּט אָבער אָפּ אין דער דריטער סטראָפע עפּעס פון דער אבדה אין דער ערשטער :

טיף אין דעם איינזאַמען פּאַרק, וועלכער פרירט,
האָבן צוויי שאָטנס אַ שמועס געפירט.

אין אונדזער וואַריאַנט פון 1947 האָבן מיר געהאַט די ברירה אָפּצוהיטן די איבערחזרונג (פאַרשטייט זיך, ניט דעם טאָפּעלן באַטײַט פונעם וואָרט passé) :

אין פּאַרק, וועלכער איינזאַם און אומעטיק פרירט,
(אָדער : אין פּאַרק, וואָס אַן אַלטער און איינזאַמער פרירט,)
עס האָבן צוויי שאָטנס אָט נאָר וואָס שפּאַצירט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין פּאַרק, וועלכער איינזאַם און אומעטיק פּרירט,
עס האָבן צוויי שאָטנס אַ שמועס געפירט.

מיר האָבן שוין דעמאָלט זיך געהאַט אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער איבערחזרונג און געגעבן פאָלגנדיקע ווערסיע:

אין אײַזיקן פּאַרק אויף אַן איינזאַמען וועג
צוויי שאָטנס דערמאָנט האָבן נעכטיקע טעג.

מיר האָבן עס געטאָן ראשית, כדי ניט איבערצוחזרן די שורה פון נײַדוסן, נאָר דער עיקר כדי אַרײַנצוברענגען דאָס בילד פון „נעכטיקע טעג", סײַ צוליב זײַן ייִדיש־נאַטירלעכן, אַ ביסל טאָג־טעגלעכן טאָן, און הסכם מיט ווערלענס אומפּאַטעטישער, בכיוון „פּראָזאַיִרנדיקער" שפּראַכלעכקייט; סײַ צוליב דעם, וואָס „נעכטיקע טעג" סוגערירט אפשר בעסער די אינעווייניקסטע שייכותן, די טאָנאַליטעט פונעם גאַנצע ליד: די אומנוציקייט, אומזיסטיקייט פון אַלץ, וואָס קומט פאָר אינעם אַלטן, קאַלטן פּאַרק.

דאָס וואָרט formes איז אין אַלע דרײַ איבערזעצונגען איבערגעגעבן דורכן וואָרט „שאָטנס". דאַקעגן אין דער דריטער סטראָפע איז דאָס וואָרט spectres נאָר בײַ ליעסינען געוואָרן „גײַסטער". אין די ביידע אַנדערע איבערזעצונגען איז געבליבן „שאָטנס". על פּי דעתנו האָט „גײַסטער" אויף ייִדיש ווידער אַ מאָל אַ שטאַרקערן ניואַנס ווי דאָס ניט־ממשותדיקע, צעשוווּמענע, וואָס ווערלען דריקט אויס מיטן וואָרט spectres.

מיר באַגרענעצן אונדזער באַטראַכטונג אויף די צוויי סטראָפעס, ווײַל זיי ווײַזן שוין באַשײַמפּערלעך וואָסערע פּראָבלעמען דערשײַנען, ווי נאָר מען רירט זיך צו צו אַ פּאָעטישער איבערזעצונג.

אין פלוג און פאָרמעל איז ליעסינס איבערזעצונג פון אַלע

דרײַ די רײַכסטע, ד"ה די, וואָס האָט צום ווינציקסטן פאַרלאָרן, פאַרביטן, געענדערט. ווי־זשע קומט עס, וואָס פון נײַדוסעס אי־בערזעצונג, מיט אַלע אירע פאַרלוסטן און ניט־קאָרעקטע, צומאָל פאַרעלטערטע און אונדז שאָקירנדיקע אויסדרוקן (האָפנונג, וועזן א"א) עמאַנירט פאָרט אַ פּאָעטישע שטימונג, וואָס דערשײַנט אונדז קרובישער צום פּלויִד פונעם אָריגינאַל? אפשר ליגט עס אינעם ריטעם: ליעסינס יאַמבן זײַנען צו שטאַרק, האַמערנדיק, אין סתירה צו ווערלענס בכיוונדיק שוואַכע, האַלב־טענערדיקע, „שאָטנ־דיקע" (אויך זיי!) ריטמען. בעת נײַדוסעס ריטעם איז אַ סך נעענ־טער צום אָריגינאַל און טראָגט בכן אַריבער זײַן אַטמאָספער. נײַדוס איז בכלל געווען זייער שפּירעוודיק און מײַסטעריש אין ריטעם און זײַן ראָל אין דער פאָרעם־באַרײַכערונג פון דער ייִדי־שער פּאָעזיע איז, ווערליק אונדז, ביז הײַנט נאָך ניט גענוג גע־וואָרן אָפּגעשאַצט.

און אפשר טאַקע צוליבן גאַנצן טאָן, צוליב אָט די האַלב־אָפּגעריסענע, ניט־דערזאָגטע ווערטער איז די דאָזיקע איבער־זעצונג, וואָס איז אויבנאויפיק ווײַט פון אָריגינאַל, פאָרט אַזוי ווער־לעניש? דעריבער דוכט זיך אונדז, אַז ניט געקוקט אויף אַלע אומפּינקטלעכקייטן, אבדות און שוואַכקייטן — איז דער פּאָעטישער שטראָם פאָרט דורכגעגאַנגען. דער קאָנטאַקט האָט פונקציאָנירט. הייסט עס, די אינעווייניקסטע שייכותן זײַנען געבליבן.

## ד.

איין און דאָס זעלביקע ליד קאָן בכן איבערגעדיכטעט ווערן אויף פאַרשידענע אופנים. און יעדער אופן איז גילטיק. בײַ זייער גאַנצער פאַרשידנקייט געהערן אָבער הן ליעסינס און הן נײַדוסעס

איבערזעצונג צום זעלביקן מין: צו די פּאָעטישע איבערזעצונגען, וואָס שטרעבן איבערצושאַפן דאָס ווערק אַזוי, אַז מען זאָל פון דער איבערשאַפונג גאָרניט מערקן; דאָס „נײַע" ליד זאָל זיך לייענען אַזוי, ווי ס׳וואָלט לכתחילה געווען פאַרפאַסט אין ייִדיש.

וואָס־זשע איז דער מער? — וועט מען אפשר פרעגן. צי דאַרף ניט יעדע גוטע איבערזעצונג אַזוי זײַן? אָט אין דעם גייט עס טאַקע, וואָס אויך דערין איז נאָך אַ פּלוגתא. פאַראַן אַ שיטה, וואָס דרינגט פונקט קאַפּויער: בײַם איבערזעצן — בפרט פּאָעזיע — דאַרף מען זיך באַמיִען איבערצוגעבן ניט בלויז די טאָנאַליטעט פונעם ווערק, אלא אויך פון דער שפּראַך. אָדער פּרעציזער: כדי איבערצוגעבן די טאָנאַליטעט פונעם ווערק, מוז מען — אין דער נײַער שפּראַך — איבערגעבן אויך די טאָנאַליטעט פון דער אָרי־גינאַל־שפּראַך. ד״ה איבערזעצן אין אַ קאָרעקטן לשון, נײַערט אַזוי, דאָס אונטער זײַן פאַרב זאָל מען קיין איין רגע ניט אויפהערן צו שפּירן דעם קאָלאָריט פונעם אָריגינעלן לשון, דערוועקן לעולם אַ מין אילוזיע, ווי מען וואָלט געלייענט דעם טעקסט אין זײַן בראשיתדיקער פאָרעם. אַזוי, למשל, האָט געטאָן ניט קיין קלע־נערער ווי מאַלאַרמע בײַם איבערזעצן די פּאָעמעס פון עדגאַר פּאָ. ער האָט באַנוצט אַ באַשטימטע צאָל סינטאַקטישע קאָנסטרוקציעס, אייגן דעם ענגלישן לשון (דהײַנו, שטעלן דעם אַדווערב פאַרן ווערב, דעם אַדיעקטיוו פאַרן זאַכוואָרט וכדומה), כדי אַרויסצורופן דעם אײַנדרוק פון אַן ענגלישן סינטאַקס אין פראַנצייזיש. פאַרשטענד־לעך, אַז מען דאַרף זײַן אַ שפּראַך־מײַסטער, די איבערזעצונג־שפּראַך זאָל בײַ אַזעלכע קונצן בלײַבן ניט בלויז גאַנץ, נאָר אויך עקספּרעסיוו און סוגעסטיוו. נאָך ווײַטער איז געגאַנגען אַפּאָלינער אין זײַנע א״ג „טאָן־איבערזעצונגען".

אפילו דער באַרימטער איבערזעצער פון האָמערן אויף דײַטש, יאָהאַן־הײַנריך פאָס, „האָט געוואָלט, אַז דער אָריגינאַל זאָל כסדר

אַדורכלײַכטן אַפּויר זײַן איבערזעצונג. ד״ה דער לייענער זאָל ניט האָבן קיין אילוזיע, אַז דאָס איז כלומרשט אַן אייגן ווערק, נאָר תמיד אָנטרעפן בײַם לייענען דערמאָנונגען וועגן אָריגינאַל... אַזוי אַרום שאַפט דער איבערזעצער, פאַרגעוואַלדיקנדיק צומאָל זײַן אייגענעם לשון, אַ מין באַזונדערן דיאַלעקט, ניט בנמצא מחוץ פון דער געגעבענער איבערזעצונג, אָבער אַ פאַרשטענדלעכן פאַר די טרעגער פון דער שפּראַך, וואָס פון איר איז ער געשאַפן״ 7). אויך וואַלערי בריוסאָוו זאָל האָבן פּרובירט אַריבערטראָגן אין זײַן רוסישער איבערזעצונג פון ווירגילס „ענעאידע״ דעם לאַטײַנישן סינטאַקס.

דווקא מיר ייִדן וואָלטן געהאַט צו דעם קאַפּיטל גאָר וואָס וואָגיקס צו זאָגן. האָבן מיר דאָך סײַ אין די אַרמישע און סײַ אין די ייִדישע איבערזעצונגען פונעם תנך באַנוצט אָט דעם מעטאָד, וואָס האָט בײַ אונדז געגעבן אַזעלכע גלענצנדיקע, זעלטן, אויב מיר האָבן קיין טעות ניט, אָדער אפילו קיין מאָל ניט, איבערגעשטיגענע רעזולטאַטן. במה דברים אמורים? אַז ס'האַנדלט זיך וועגן לשונות, וואָס זײַנען אויסדרוק פון איין און דעם זעלביקן גײַסט; נאָך מער: וואָס זײַנען ווי שטאָקן פון איין און דעם זעלביקן בנין; וואָס דער גאַנצער דענק־אופן, די טערמינאָלאָגיע, דער אַסאָציאַציע־כוח פון דיביידע איבערזעצונג־לשונות, גראָד וואָס שייך דעם תנכישן עלעמענט, די תנכישע וועלט, זײַנען אויפגעבויט, אויב ניט דירעקט אַריבערגענומען, פון העברעיִש. ווי מען זעט, האָבן מיר דאָ איינצײַטיק אי אַ ראיה, אי אַ קעגן־ראיה. קאָן מען טאַקע וועגן ענין לאַנג און ברייט אַרומדיסקוטירן און

---

7) א. נ. יעגונאָוו: „האָמער אין רוסישע איבערזעצונגען״. ציטירט לויטן אַרטיקל פון שמעון מאַרקיש אין „מײַסטערשאַפט פון איבערזעצן״. זאַמלבוך פאַרן יאָר 1964. מאָסקווע.

יעדער איבערזעצער וועט בלײַבן בײַ זײַן שיטה. ניט פּרעטענ־דירנדיק דעריבער צו פּסקענען אינעם וויכוח, ווילן מיר בלויז אָנווײַזן, אַז אונדזער שיטה איז די זעלביקע ווי בײַ די ביידע אויבן ציטירטע ייִדישע דיכטער (נאָך אַ מאָל אַרויסהייבנדיק דערבײַ די דיסטאַנץ צו זיי...): יעדע איבערזעצונג זאָל זײַן — שפּראַכלעך — אַזוי דורכזיכטיק, מען „זאָל בכלל ניט זען דאָס גלאָז" ווי גאָגאָל האָט עס איין מאָל פֿאָרמולירט 8). יעדע זאָל קאָנען אָנגיין ווי אַן אָריגינעלע ייִדישע שאַפֿונג. אוודאי איז דאָס אַמביציעז. אָבער צו דעם האָבן מיר געשטרעבט. צי, צי האָבן מיר עס דערגרייכט? דאָס איז שוין אַ צווייטער ענין. ווידער אַ מאָל — וועגן דעם קאָנען בלויז אַנדערע משפּטן...

אגב האָבן מיר, דוכט זיך אונדז, בכלל ניט געהאַט קיין אַנ־דער ברירה: פֿראַנצייזיש און ייִדיש זײַנען ווערדליק זייער קאָנ־סטרוקציע־אופֿן, סינטאַקס, זייער גאַנצן שפּראַך־געניוס ביז גאָר פֿאַרשידנמיניק. און אוודאי שוין צוליב דער פֿאַרשידנקייט צווישן דער פֿראַנצייזישער און דער ייִדישער פּראָסאָדיע. די ערשטע איז, ווי באַקאַנט, געבויט אויפֿן סילאַבישן סיסטעם, קודם־כל מחמת פֿראַנצייזיש האָט ניט קיין באַוועגלעכן טראָפּ. דער ריטעם פֿונעם פֿראַנצייזישן פֿערז איז דעריבער געגעבן דורך דער צאָל טראַפֿן און דעם אָפּשטעל (צעזור) אין דער שורה 9). די ייִדישע פּראָ־סאָדיע איז אָבער אַ סילאַביש־טאָנישע, געבויט אויף דער צאָל פֿון

8) ציטירט לויט זשאָרזש מונען: „די ניט־געטרײַע שיינקייטן", « Les Belles Infidèles » פּאַריז, 1955.

9) דאָס איז, אַגב, איינע פֿון די סיבות, פֿאַרוואָס גראָד אין פֿראַנקרײַך איז אַזוי געוואָרן אָנגענומען די מיינונג וועגן אוממעגלעכקייט צו איבערזעצן פּאָעזיע און אַזוי פֿאַרשפּרייט פּראָזאַישע איבערזעצונגען פֿון דיכטערישע ווערק. ס'איז, נאַטירלעך, לײַכטער צו איבערזעצן פּאָעזיע מיט סילאַבישער ריטמיק אויף סילאַביש־טאָנישער ווי אומגעקערט.

די באַטאָנטע און ניט־באַטאָנטע (לאַנגע און קורצע) טראָפּן און אויף דער באַוועגונג צווישן זיי. וועלן, בכן, איבערגעבן פראַנצייזישע פּאָעזיע, געטרײַ אין איר אייגענעם משקל, וואָלט באַטײַט זיך אָפּזאָגן פון יעדער אייגנפּאָעטישער ווערטיקייט און קלאַנג־פרײַהייט אין דער ייִדישער איבערזעצונג. דאָס שליסט לעולם ניט אויס, אַז מיר האָבן זיך באַמיט אָפּצוהיטן, אויף וויפל דאָס האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן, דעם פראַנצייזישן אַלעקסאַנדרינער, דעקאַסילאַבישן, אָדער אָקטאָסילאַבישן פערז, נײַערט טראַנספּאָנירנדיק זיי יעדעס מאָל אויף דער טאָן־לייטער פון דער ייִדישער פּראָסאָדיע.

דאָס איז נוגע באַזונדערס דעם אַלעקסאַנדרינער, וואָס פאַרנעמט אַזאַ דאָמינירנדיק אָרט אין דער פראַנצייזישער ווערסיפיקאַציע, און במילא דער פראַגע וועגן דער צעזור. כידוע איז אינעם אָפּגעהיטן קלאַסישן אַלעקסאַנדרינער די צעזור תמיד אין דער מיט פונעם פערז און מוז צונויפפאַלן סײַ מיטן סוף פונעם פערזנפוס סײַ מיטן סוף פונעם וואָרט. ניט בחינם האָט מען געהאַט פאַרגליכן דעם אַלעקסאַנדרינער מיט דער פראַנצײזישער קלאַסישער אַרכיטעקטור און די צעזור, וואָס גייט דורך אין מיטן פון דיכטערישן געבוי, מיטן הויפּטפּאָרטאַל אינעם פּאַראַדנעם פאַסאַד פון די פּאַלאַצן לודוויקס דעם פערצנטן!... ווערליק אונדז איז די דאָזיקע שטרענגקייט ראשית־כל אָבער דיקטירט דורך דער וויכטיקייט פון דער צעזור ווי דאָס וואָגצינגל פאַרן גאַנצן סקאַנדירן פונעם פערז. צי וואָלטן מיר גערדאַרפט אין ייִדיש אײַנהאַלטן אַזאַ שטרענגקייט? ראשית באַגייען אויך פראַנצייזישע דיכטער ניט זעלטן בנוגע דעם דאָזיקן דין אַן עבירה. (ווער רעדט נאָך די ראָמאַנטיקער, צי די מאָדערנע...) צומאָל צעשנײַדט בײַ זיי די צעזור אַ וואָרט אין צווייען; צומאָל איז זי ניט אין מיטן פערז וכדומה. והשנית וואָלט עס אין ייִדישער איבערזעצונג אָפּט דערפירט ניט בלויז צו אַ געקינצלטקייט, נײַערט, דער עיקר, צו אַ געקינצלטקייט

לחלוטין אַן איבערפּליסיקער. מחמת דאָס סקאַנדירן פונעם ייִדישן סילאַביש־טאָנישן פערז האָט אַ סך מער וואַריאַציע־מיטלען ווי בלויז די צעזור. אַ צו רײַכע פּאַרווענדונג פון די ייִדישע פּראָסאָדיע־מיטלען וואָלט אָבער אַוועקגעפירט די איבערזעצונג ווײַט פונעם אינעווייניקסטן פראַנצייזישן ריטעם. דערפאַר אויך האָבן מיר זיך בלויז זעלטן דערלויבט צו פאַרקירצן אָדער פאַרלענגערן די צאָל טראַפּן.

אגב הערט מען אין דער פראַנצייזישער ליטעראַטור אויטאָריטעטע שטימען, וואָס לייקענען בכלל די כּללים פון משקל פאַר דער פראַנצייזישער פּאָעזיע. אַזוי שרײַבט אַנדרע זשיד אין זײַן טאָגבוך פונעם יאָר 1934 :

„אוודאי, יעדער באמת לעבעדיקער פראַנצייזישער פערז אָטעמט און קאָן ווערן סקאַנדירט. נײַערט דאָס בלייבט אַ מוטווייליקער ענין. דער דיכטער איז פרײַ צו שטעלן דעם טראָפּ ווו ער וויל. פאַרשטייט זיך, אַזאַ אַלעקסאַנדרינער, למשל, ווי
Le jour n'est pas plus pur que le reflet de mon cœur
גלידערט זיך לײַכט פונאַנדער אין דרײַ יאַמבן און צוויי אַנאַפּעסטן. אָבער וואָס פאַר אַ שלעכטער אַקטיאָר מוז מען שוין זײַן, כּדי אַרויסצוברענגען אָט די שטאַרקע און שוואַכע טראַפּן. וויפל געווינט אָט דער פערז, ווען מען לייענט אַלע טראַפּן, לכל הפחות די פינף פונעם ערשטן האַלבפערז (jour n'est pas plus pur), אָן הייבונגען און זענקונגען. נאָר רעדט מען שוין יאָ וועגן דער נויטווענדיקייט צו באַטאָנען פראַנצייזישע פערזן, מוז מען צוגעבן, אַז אָט די פערזן לאָכן זיך אויס פון דאַקטיל, אַנאַפּעסט, ספּאָנדיי וכדומה ; אַז מען קאָן ניט באַזירן זייער סקאַנדירן אויף קיין שום כּלל, און ס'זײַנען דאָ צווישן זיי גאָר באַרימטע, וואָס צערײַסן יעדע מעטריק".

דאַקעגן האָט דער באַרימטער שוישפּילער און רעזשיסער זשאַן־לואי באַראָ אין זײַנע קאָמענטאַרן צו דער אינסצעניזאַציע

פון ראַסינס „פעדרע״ געפּרוווט צו פאָרמולירן באַשטימטע כללים פאַרן פראַנצייזישן פערז ד״ה דער עיקר און קודם־כל, פאַרשטייט זיך, פאַרן אַלעקסאַנדרינער:

„נעמט מען אָן, אַז אַ ניט־באַטאָנטער טראַף איז געגליכן צו אַ קורצן און אַ באַטאָנטער צו אַ לאַנגן, געפינט מען אין די אויביקע איינטיילונגען ספּאָנדייען, טראָכייען, יאַמבן, פּיריכוסן אא״וו. צום אָפטסטן טרעפט מען יאַמבן און אַנאַפּעסטן״.

די גלייכעניש פון באַטאָנטע און ניט־באַטאָנטע טראַפן צו לאַנגע און קורצע איז אָבער וואָס שייך פראַנצייזיש נאָך באַדינג־לעך און אָפּפרעגלעך. הכלל, מען קאָן דעם פּסוק דרשענען ווי מען וויל; פאָרמען און סיסטעמען פון אַ טאָנישער פּראָסאָדיע לאָזן זיך אויף אַ סילאַבישער ניט אַזוי לייכט אַריבערטראָגן...

דווקא מחמת דעם איז דער גראַם אינעם פראַנצייזישן פערז פון גרויסער וויכטיקייט. ער פירט אויס צום טייל אויך די עובדה פונעם ריטעם אין דער מוזיק פונעם פערז. אגב איז דער גראַמען־גורם אין אַן איבערזעצונג פון ניט קיין קלענערן כוח ווי אין אַן אָרי־גינעלער שאַפונג (רעגירט, פאַרשטייט זיך, דורך די אויבן באַ־שריבענע ספּעציפישע פּראָצעסן). דעריבער טאַקע האָבן מיר זיך אומעטום באַמיט איינצוהאַלטן ניט בלויז דעם גראַם נאָר אויך זיין מין און זיין סדר: צוויי־שורהדיקע (פּלאַכע), געקרייצטע, גע־גאַרטלטע, דעם אָפּבייט צווישן מענלעכע און ווייבלעכע גראַמען אא״וו. אין די סאָנעטן זיינען מיר מיינסטנס נאָכגעגאַנגען דעם אָרי־גינאַל אויך דאָרטן, וווּ ער איז געווען ניט על פּי דין, מחמת די דאָזיקע אומרעגלמעסיקייט האָט זייער אָפט איר באַגרינד און באַטייט. דאָרט וווּ מיר האָבן געענדערט דעם גראַמען־סדר, אָדער מין, זיינען מיר זיך מודה, אַז אין עטלעכע, ניט צו אָפטע פאַלן, איז עס טאַקע געשען, ווייל מיר האָבן אַנדערש ניט געקאָנט. אינעם רוב פאַלן אָבער צוליב דעם, וואָס ווערליק אונדז האָט ניט אַלע

מאָל עס געטויגט פאַר דער זעלביקער ווירקונג אינעם אַנדערן לשון. ד״ה אונדז איז פאַרגעקומען, אַז די ענדערונג האָט אַרויס־געבראַכט אין ייִדיש בעסער, קלאָרער דעם באַגרינד און דעם באַטײַט, וואָס האָבן אינעם אָריגינאַל געפירט צו אַן אַנדערן סדר.

מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז די פאַרשידנקייט צווישן דער פראַנצייזישער און דער ייִדישער פּראָסאָדיע איז אַ באַזונדערער מכשול. ניט קיין גרעסערער ווי בײַם איבערזעצן אויף יעדער אַנ־דער שפּראַך מיט סילאַביש־טאָנישער פּראָסאָדיע. די דערפאַרונג לערנט אונדז, אַז איבערזעצן פּאָעזיע פון פראַנצייזיש אויף ייִדיש רופט ניט אַרויס קיין ספּעציפישע, אומבאַזיגלעכע פּראָבלעמען. מחמת סוף כל סוף געהערט אונדזער ייִדישער פּאָעטישער לשון, מיט אַלץ, וואָס ער האָט איבער־ און אַרײַנגענומען פון העברעיִש און ארמיש, פון תנכישע און תלמודישע, פאָלקלאָריסטישע און חסידישע עלעמענטן, פּאָרט צו דער אַלגעמיין־אייראָפּעיִשער פּסי־כישער ספערע. טאַקע אין דעם באַזונדערן אייגנאופנדיקן און זעל־טענעם צונויפשמעלץ פון מזרחישן און אייראָפּעיִשן ליגט אפשר זײַן באַזונדערער טעם און חן. „די אַלע קרייצונגען זײַנען ניט קיין שטער פאַר דער אָריגינאַליטעט פון דער ייִדישער פּאָעזיע, נאָר גראָד פאַרקערט״ — זאָגט איציק מאַנגער — „די ייִדישע פּאָעזיע איז אַ גאַנצע וועלט, אָפּגעשפּיגלט אין ייִדישן טעמפּעראַמענט״ 10).
די ייִדישע פּאָעטישע שפּראַך האָט אין די לעצטע צענדליקער יאָרן דורכגעמאַכט — און מאַכט נאָך ווײַטער דורך — אַ געוואַלדיקע אַנטוויקלונג און טראָגט אין זיך אַלע מעגלעכקייטן. ווען אַן אי־בערזעצער קלאָגט איבער ייִדיש, וואָס איז כלומרשט צו אָרעם אויסצודריקן אַלע ניואַנסן פון די גרויסע אייראָפּעיִשע שפּראַכן, — זאָל ער בלויז קלאָגן איבער דער אָרעמקייט ניט פון ייִדיש, נאָר

---

10) פירוואָרט צו דער זאַמלונג „נײַע ייִדישע דיכטונג״, יאַס, 1947.

פון זײַן ייִדיש! דער שרײַבער פון די שורות ווייסט בפירוש, אַז אויב אַן איבערזעצונג איז אים ניט געלונגען, איז עס ניט די שולד פון דער שפּראַך, אלא זײַנע, דעם איבערזעצערס שולד!

אַן אַנדער ענין איז, וואָס אין יעדער שפּראַך זײַנען פאַרשיידענע לעקסישע גרופּעס מערער אָדער ווייניקער אַנטוויקלט. אין איין לשון ווערן באַשטימטע גרופּעס באַנוצט אָפטער אָדער זעלטענער, זײַנען רײַכער אָדער אָרעמער ווי אין אַן אַנדערן. די ניט־גלײַכמעסיקע אַנטוויקלונג פון די לעקסישע גרופּעס אין פאַרשיידענע לשונות איז אַן אַלגעמיינער גרונט־פענאָמען, וואָס קומט באַזונדערס בולט צום אויסדרוק בײַ יעדער איבערזעצונג. ענג פאַרבונדן מיט דעם איז אויך דער פּראָבלעם פון די רעאַליען. די דאָזיקע פּראָבלעמען דערשײַנען פאַר יעדן איבערזעצער און מוזן אין יעדן פאַל געפינען אַ באַשייד אין הסכם מיטן אַלגעמיינעם גײַסט און מיט דער באַשאַפנקייט פונעם געגעבענעם לשון.

מיר פּרעטענדירן ניט דעריבער איבערצוגעבן דעם קאָלאָריט פון דער פראַנצייזישער שפּראַך 11). צו וואָס מיר האָבן יאָ געשטרעבט, איז איבערצוגעבן דעם קאָלאָריט פונעם פראַנצייזישן גײַסט. בלויז אין איינצלנע פאַלן האָבן מיר „פאַרייִדישט" געוויסע טענער, צי בילדער. אַזוי למשל, אין ראָנסאַרס באַרימטער אָדע האָבן מיר Mignonne, allons voir איבערגעגעבן מיטן עכט ייִדישן „קום אַרויס, מײַן שוועסטער כלה", איבערגייענדיק דערבײַ אויך פון „איר" אויף „דו" (בנוגע דעם — ווײַטער). צי אין באָדלערס „אָוונט־האַרמאָניע" האָבן מיר פאַרביטן די רעאַליען: די כלים

---

11) הגם אומבאַוווּסט איז דאָס צומאָל אוודאי און אוודאי געשען, למשל אינעם אָפטן באַנוצן פונעם רעלאַטיוון בײַזאַץ, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר פראַנצייזיש. (די זאַצן מיט que און qui). אַזאַ איז דער כוח פון אַ שפּראַך, אַז זי שלעפּט אַרײַן דעם איבערזעצער, צומאָל אָן זײַן וויסן און אָפּט אפילו קעגן זײַן ווילן, אין איר געשטאַלטיקונג־אופן.

און אַטריבוטן פונעם קריסטלעכן גאַטעסדינסט אויף ייִדישע. דער לייענער וועט אונדז בלתי ספק גלייבן, אַז מיר האָבן עס געטאָן, ניט, חלילה, געצוווּנגענערהייט, צוליב גראַם־ אָדער אַנדערע טעכנישע נויטווענדיקייטן. נייַערט אונדז האָט זיך געדוכט, אַז אַזוי וועט דאָס ליד זייַן ווירקעוודיקער אויפן ייִדישן געמיט און זייַן אויפנעם־וועלט. און פאַרוואָס זאָלן מיר ניט מודה זייַן, אַז די לעצטע און טיפסטע סיבה איז אפשר געווען — די הנאה צו קאָנען זיך אין דעם פאַל לאָזן פירן דורכן וואָרט דווקא אָט אַהין. ד״ה, ס׳איז אונדז פאָרגעקומען, אַז די איבערזעצונג וועט דורך דעם ווערן אפשר שענער און דער אָריגינאַל גאָרניט פאַרלירן. ווי ס׳וואָלט אַן אינעווייניקסט קול אונדז געהאַט אונטערגעזאָגט, אַז נישקשה, דאָ קאָנען מיר רויִק נאָכגעבן...

כדי דאָס נאָך בולטער צו באַווייַזן, ברענגען מיר אַ פאַרקערטן בייַשפּיל: אינעם אויבן ציטירטן ליד פון ווערלען: „סענטימענטאַלער שמועס״ האָבן מיר די סטראָפע

— Ah ! les beaux jours de bonheur indicible
Où nous joignions nos bouches. — C'est possible,

איבערגעזעצט:

— אָ, גליקלעכע צייַטן ווען מיר האָבן טעגלעך
באַהאָפטן די ליפּן ! — ווער ווייסט... עס איז מעגלעך.

ס׳וואָלט אפשר געווען אַ סך ייִדישלעכער צו זאָגן —

— אָ, גליקלעכע צייַטן, ווען מיר האָבן טעגלעך
געקושט און געהאַלדזט זיך ! — ווער ווייסט.. עס איז מעגלעך.

מיר האָבן אָבער בשום אופן ניט געקאָנט לאָזן ריידן די ווערלענישע שאָטנס אינעם אַלטן פראַנצייזישן פּאַרק אַזוי, ווי ס׳וואָלטן גערעדט די שאָטנס פון אַ ייִדיש ליבע־פּאָרל אין אַ בעריאָזעווען

וועלדל אין ליטע, למשל. אין דעם פאַל איז אונדז ניט אַזוי געגאַנגען אין פאַריידישן דאָס פראַנצייזישע ווי פאַרקערט: צו „פאַרפראַנצייזישן" דאָס יידישע... פאַרוואָס־זשע האָבן מיר אָבער אין באַדלערס ליד געלאָזט הענגען דעם הימל „ווי אַ פרוכת" און לייַכטן דעם אָנדענק „ווי אַ נר־תמיד" אַנשטאָט ווי אַ מאָנסטראַנץ? דאָס איז ווידער נוגע די אינעווייניקסטע שייכותן: פאַריידישונג פון די רעאַליען שטערט דאָ לחלוטין ניט — וועדליק אונדזער געפיל — די פייַערלעך־רעליגיעזע האַרמאָניע פונעם אָוונט. פאַרקערט!

און אָט אַ דריטער בייַשפיל, ווו די רעאַליען, אויפגעגאַנגען אין היפּוכדיקע ספערעס, טרעפן זיך צונויף: דער מלאך, וואָס בייגט זיך אַראָפּ איבער דער וועלט אין באַדלערס ליד „דאָס ניט פאַרויסגעזעענע" 12), איז בלתי ספק איינער פון די, וואָס טרומייטן צום „לעצטן משפט" אויף די באַרעליעפן פון די גאָטישע קאַטעדראַלעס. אָבער סוף כל סוף געהערט אויך דער מלאך, וואָס בלאָזט אין שופר של משיח, צום זעלביקן שטאַם...

ניט קאָלאָריט פון שפּראַך, נייַערט קאָלאָריט פון גייַסט? אָט דאָ ליגט, משמעות, די גדולה פון איבערזעצונג און דאָ אויך איר גרעסטע שוועריקייט. גיי טייל פונאַנדער אַזעלכע צוויי, וואָס זייַנען דאָך באמת איינס! אָט, למשל, האָבן מיר געמוזט זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ פאַרן פראַנצייזישן גייַסט טיפּישער און טיפּווייַזנדיקער פאָרעם ווי „אירצן" גאָט. די אָנהענגער פון דער אויבן דערמאָנטער „באַפרעמדונג"־שיטה וואָלטן זיך אפשר אָנגעכאַפּט אין אַזאַ פון גאָט אַליין צוגעשיקטער געלעגנהייט. הייַנט גיי „אירץ" גאָט אויף יידיש!... 13) דאָס זעלביקע איז אויסגעקומען, להבדיל,

---

12) זע זייַטן 312—314.

13) אגב אויך אין רוסיש און (הגם ווייניקער) אין דייַטש איז עס ניט

צומאָל בײַ װענדונגען צו פּרויִען, װו דער פראַנצײזישער „איר״ װאָלט מסתמא אויף ייִדיש אָפּט געקלונגען משונה־מאָדנע און געקינצלט. פּאַרט האָבן מיר אין עטלעכע פאַלן (װײַט ניט אין אַלע) אין באַדלערס לידער זיך באַמיט אײַנצוהאַלטן אָט די סובטילע גראַדאַציע, װאָס שפּילט, װי באַקאַנט, אַ באַשטימטע ראָל אין זײַנע פאַרשידענע לידער־ציקלען, פאַרבונדענע מיט פאַרשידענע פרויען־געשטאַלטן און מיטן דיכטערס באַציִונג צו זיי.

עפּעס אַנדערש איז, װען מען רעדט ניט װעגן שפּראַך־קאָלאָריט, נײַערט װעגן צײַט־קאָלאָריט. רבונו של עולם! װיפל האָט מען שוין װעגן דעם אַרומגעשטריטן! צי דאַרף מען אַ װערק פון פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער, פאַרפאַסט אין אַן אַרכאַאישער שפּראַך, איבערזעצן אין דעם לשון פון דער געגעבענער עפּאָכע? מיט אַנדערע װערטער: צי דאַרף דאָס איבערגעזעצטע װערק אַזוי װירקן אויפן לייענער, װי ס׳האָט געװירקט דער אָריגינאַל אויף זײַנע מיטצײַטלער? צי אַזוי װי ער װירקט אויף די הײַנטיקע לייענער? אָט האָט דאָך ליטרע אין 19טן י״ה איבערגעזעצט אַ פראַגמענט פון דאַנטעס „גיהנום״ אין פראַנצײזיש פון 14טן י״ה. אין אונדזער זאַמלונג שטעלט זיך דער זעלביקער פּראָבלעם בנוגע די סאָנעטן פון לואיז לאַבע. װעדליק דער דאָזיקער שיטה װאָלט מען געדאַרפט זיי איבערזעצן אין ייִדיש פון 16טן יאָרהונדערט. מען װאָלט אָבער דעמאָלט געדאַרפט האָבן אַן איבערזעצונג פון

---

מעגלעך. און די איבערזעצער פון באָדלערן אויף די דאָזיקע שפּראַכן, װאָס מיר האָבן געהאַט געלעגנהייט צו זען זייערע װערק, זעצן איבער אַלע װענדונגען צו גאָט (אויך צו פרויען) מיט „דו״. אויף ייִדיש װאָלט אָבער „אירצן״ גאָט באַטײַט בלויז שאַרפע איראָניע. אגב, גראָד אין די ערשטע חדשים פון 1965 האָט זיך אין דער פראַנצײזישער פּרעסע אויפגעהויבן אַ דיסקוסיע: צי מעג מען, צי זאָל מען דוצן גאָט? די מיינונגען זײַנען שטאַרק צעטיילט. די דיסקוסיע גייט װײַטער און װער װייסט, װי לאַנג זי װעט נאָך דויערן.

דער איבערזעצונג, צי לכל הפחות אַ ספּעציעל ווערטער־ביכל. אונדז דוכט זיך, אַז דאָס וואָלט זיך דערנענטערט גיכער צום מין „געלערנטע", אָדער „וויסנשאַפטלעכע" איבערזעצונג־קונסט. מיר לייקענען ניט, אַז אין איינצלנע פאַלן וואָלט עס געקאָנט זײַן עפעקטפול, אָבער מיר גלייבן ניט, אַז אַחוץ אין זעלטענע אויס־נאַמען קאָן אַזאַ איבערזעצונג דערפילן דעם יסודותדיקן תנאי, וואָס מיר האָבן אויבן פאָרמולירט: זײַן אויסדרוק פון אַן אייגע־נער ווערטער־אילומינאַציע.

נייטיק איז געווען אַן אַנדער זאַך: געבן דער דאָזיקער אי־בערזעצונג אַן אַרכאַישן שטריך. דער איבערזעצער האָט דעריבער אין זיי באַנוצט זאַך־פאָרמעס, אַלט־יִידישע ווערטער דאָ און דאָרט, וואָס אין אַנדערע איבערזעצונגען וואָלט ער זיי קיין מאָל ניט באַנוצט. צי האָט ער מיט דעם דערגרייכט וואָס ער האָט געוואָלט? שוין צום וויפלסטן מאָל קומט אויס איבערצולאָזן די תשובה דעם לייענער. און וועט ער, דער לייענער פרעגן: פאַרוואָס־זשע האָט דער איבערזעצער ניט באַנוצט דעם זעלביקן אופן בײַ זשאַכים די־בעלעי, צי ראָנסאַרן? קאָן אויף דעם דער איבערזעצער בלויז ענטפערן, אַז די עטלעכע לידער, וואָס ער האָט איבערגעזעצט פון אָט די דיכטער, האָבן אים ווייניקער געשטויסן צו סטיליזאַציע ווי די סאָנעטן פון לואיז לאַבע.

צי זײַנען, הייסט עס, מיט דעם אויסגעשעפּט די פראַגן פון דיכטערישער איבערזעצונג? לגמרי נישט! דעם מחברס אויפגאַבע איז דערין געווען אַן אַנדערע: ניט צו שרײַבן בלויז בכלל וועגן איבערזעצונגען. דאָס לאָזט ער איבער פאַר קאָמפּעטענטערע ווי ער. נײַערט צו שרײַבן קודם־כל אַ ביסל וועגן זײַן פּערזענלעכער שאַפערישער דערפאַרונג בײַם איבערזעצן פראַנצייזישע פּאָעזיע

אויף יידיש; צו באַלײַכטן זײַן דרך, זײַנע שטרויכלונגען, קווענק־לעניש און אינעווייניקסטע וויכוחים. דעריבער טאַקע ווילן מיר אין אונדזער „לעצטן וואָרט" פאַרן „משפּט" בלויז זאָגן: אונדז איז ניט געגאַנגען אין איבערזעצן געגנוי, נײַערט אין איבערזעצן ריכטיק.

און פאַר אים, פאַרן לייענער פון איבערזעצונגען, גייט עס קודם־כּל, צו דערשפּירן דעם קינסטלערישן אויפריר, כאָטש אַן אָפּקלאַנג פון אָט דער אויפטרייסלונג, וואָס עס רופט אַרויס בײַ זײַן לייענער דער אָריגינאַל. דאָס איז דער עיקר. איז דאָס, לכּל הפּחות צום טייל, דערגרייכט, זײַנען אַלע אַנדערע שאלות ניט בטול, פאַרשטייט זיך, אָבער ניט מער געפּערלעך...

## ה.

אַ פּאָר ווערטער וועגן די קורצע עסייען, אָדער ריכטיקער פאַרצייכענונגען. אויך דאָ פּרעטענדירט ניט דער מחבר צו געבן אַ פאַרגאַנצטע זאַך, אויפגעבויט ווערדליק אַ וואָסער ניט־איז סיסטע־מאַטיזאַציע. להיפּוך צו די איבערזעצונגען, וואָס אַ באַטײַטנדיקער טייל פון זיי איז נאָך אין ערגעץ ניט געווען פאַרעפנטלעכט, זײַנען די קאָמענטאַרן כּמעט אַלע שוין געווען געדרוקט, מייניסטנס צו־זאַמען מיט די לידער, וואָס זיי קאָמענטירן. זיי זײַנען טאַקע געוואָרן אָנגעשריבן ווי אַ מין אַרײַנפיר, צי נאָכוואָרט צו באַ־שטימטע איבערזעצונגען. בכן, גיכער געלעגנהייט־עטיודן ווי פאַר־זיכיקע עסייען. זיי פּרעטענדירן ניט אויסצושעפּן די באַהאַנדלטע טעמע, צי עפּעס וואָס מחדש צו זײַן. העכסטנס, אפשר עפּעס מער צו באַלײַכטן אַ ליד, אַ פּאָעמע, אַ ציקל לידער, אַ דיכטער. בלויז צוליב דעם האָט דער מחבר באַשלאָסן זיי אַרויסצוגעבן צוזאַמען מיט די איבערזעצונגען.

אין פערזענלעך וואָרט נאָך וועגן שאַרל באָדלער. ווערליק דעם אָרט, וואָס ער פאַרנעמט אין דער זאַמלונג, זעט מען זײַן באַטײַט פאַרן איבערזעצער. ער איז זיך מודה, אַז לייענענדיק באָדלערן, האָט ער באַקומען דעם ערשטן סטימול, מער נאָך — דעם ערשטן „אינעווייניקסטן באַפעל״, צו פּרוּוון פאַרייִדישן פראַנצייזישע פּאָעטישע שאַפונגען. לאָמיר נאָך פּרעציזירן, אַז דאָס ערשטע ליד, וואָס האָט אים אַזוי פאַרכאַפּט און וואָס פון אים האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער דאָזיקער געפערלעכער נסיעה, איז געווען... „אײַנלאַדונג צו רײַזע״.

זינט דעם הערט דער איבערזעצער ניט אויף אַרומצושיפן זיך אויפן דאָזיקן ים, וואָס איז אָפט פול מיט סכנות, אונטערימישע פעלדזן, שטורעמס, וואָס וואַרפן זײַן שיפל אַהין און אַהער. אָבער ער ווייסט, אַז דאָרט שפּרייטן זיך אויס צומאָל הימלישע האָריזאָנטן און אין די טיפענישן רוען אַזוי פיל קלינגעוודיקע אוצרות. אויב דער איבערזעצער קאָן זיי ענדער דערהערן און דערזען, ווי זיך אָנאייגענען און ווײַזן און לאָזן דערשפּירן אַן אַנדערן, געפינט ער אָבער תמיד אויף זײַן רײַזע „עפּעס, וואָס איז נײַ״, באַרוישנדיק, באַגײַסטערנדיק. וואָס־זשע ווונדער, אַז אים ווילט זיך אויך דעם לייענער אײַנלאַדן צו אַזאַ רײַזע, מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועט אויך דער לייענער, דערשפּירן אין אָט די איבערזעצונגען עפּעס־וואָס, זאָל זײַן אַ שוואַכן הויך פון „פראַנקרײַכס מילדער לופט״, וואָס „איז פון יעדן ים־ווינט ליבער״.

דאָס וועט זײַן פאַר אים, דעם איבערזעצער, דער בעסטער שכר.

אין די סאַוואָיער אַלפּן, אין פעברואַר 1965.

צוויי באַמערקונגען, אפשר פון טעכנישן מין, וואָס האָבן אָבער אַ שייכות הגם אַן אויסנדיקע, מיטן ענין: קאָלאָריט. ווי באַקאַנט, באַנוצן ניט דער רוב פראַנצייזישע דיכטער בערך זינט גיאָם אַפּאָלינער קיין שום אָפּשטעל־צייכנס אין זייערע שאַפונגען. בײַ אַזוי פיל שוועריקייטן: הן שאַפן אַ ייִדיש ליד, וואָס מען זאָל אין אים ניט שפּירן די איבערזעצונג, הן אײַנהאַלטן דערבײַ דעם קאָלאָריט פונעם אָריגינאַל, האָט דער איבערזעצער געמעגט זיך לכל הפחות לאָזן וווילגיין מיט אָט דער לײַכטקייט: ער האָט דעריבער אויסגעלאָזט די אָפּשטעל־צייכנס אין אַלע איבערזעצונגען, ווו זיי זײַנען ניטאָ אינעם אָריגינאַל.

והשנית, וואָס שייך אייגן־נעמען. אַלע פראַנצייזישע נעמען אין טעקסט זײַנען אין מעטרישן פערז באַטאָנט (און לויט מעגלעכקייט פאָנעטיש אויסגע־לייגט) ווי אויף פראַנצייזיש (פּאַוויע, דעלאַקרואַ וכדומה). בײַ אַנדערע, קודם־כל בײַ די גריכיש־רוימישע געטער־נעמען, למשל, מיט וועמען די פראַנצייזישע דיכטער פונעם 16טן י״ה האָבן אַזוי פיל צו טאָן, האָבן מיר זיך בדרך כלל באַמיט צו האַלטן בײַ דער מקורדיקער לאַטײַנישער באַטאָנונג. מיט עטלעכע אויסנאַמען פונדעסטוועגן, דיקטירט דורכן שוין אײַנגעפונדעוועטן באַנוץ און אייגענעם שפּראַך־געפיל. סוף כל סוף וועט דער ריטעם במילא פירן צו באַטאָנען אַזעלכע נעמען, צי אַנדערע פרעמדווערטער אַזוי, ווי זיי האָבן גע־קלונגען אינעם איבערזעצערס געהער. והמבין יבין...

בײַם אָפּקלײַב פון די אילוסטראַציעס האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אומבאַדינגט אַ בילד פון יעדן דיכטער און זיך באַגרענעצט אויף צו רעפּראָ־דוצירן עטלעכע גראַווירעס און צייכענונגען פון היסטאָרישן אָדער ליטע־ראַריש־קינסטלערישן באַטײַט. אַזוי למשל מיטצײַטלערישע גראַווירעס פון 16טן י״ה, צי צייכענונגען און אויך אויטאָפּאָרטרעטן פון די דיכטער גופא. די הערות צום סוף פונעם בוך זײַנען אויסן צו געבן בלויז די סאַמע נייטיקסטע ביאָ־און ביבליאָגראַפישע אָנווײַזן און צו פאַרטײַטשן עטלעכע ווייניק באַקאַנטע פרעמדווערטער און אייגן־נעמען.

## סאָנעט א

צי האָט זיך עמעצער אַ מאָל געפונען
נאָך קליגער ווי אוליס און האָט פאַרהיט
פון פלינקן ליבע־גאָט זײַן פרײַ געמיט,
ער זאָל ניט לײַדן, ווי איך לײַד דערפונען.

ער האָט מיר דורכגעשאָסן אין דער מיט
מײַן האַרץ, און ס׳וועט מײַן בלוט באַלד זײַן צערונען,
ווי וואַסער פון אַ קוואַלנדיקן ברונען,
אויב ער אַליין מיר ניט קיין היילונג גיט.

אַן אויסטערלישער גורל און נצחון:
ווי כ׳וואָלט געווען פון אַ סקאָרפּיאָן געשטאָכן
און זוך גענעזונג דורכן זעלבן ביס.

איך וויל פון דעם ניט ווערן אײַנגעבראָכן,
און ווינטש דערבײַ זיך אים צו אונטעריאָכן —
וואָס זאָל איך טאָן? איך שטאַרב. נאָר אוי, ווי זיס!

## סאָנעט ב

אָ, ברוינע אויגן, בליקן אָפּגעקערט,
אָ, הייסע זיפצן, טרערן פול מיט באַנגען,
אָ, שוואַרצע נעכט, אין וואַרטעניש פאַרגאַנגען,
אָ, העלע טעג, וואָס איר ניט מיר געהערט!

אָ, טרויעריק געבעט, אָ, האָפעניש באַגערט,
אָ, לאַנגע צײַט פאַרלוירן אין פאַרלאַנגען,
אָ, טויזנט נעצן מיך אַרײַנצופאַנגען,
אָ, אַלדאָס שלעכטס, וואָס איז מיר נאָך באַשערט!

אָ, שטערן, אָרעמס, האָר, אָ, הענט און פינגער!
אָ, זיסע פידלען, האַרפעס, פלאַמען־זינגער:
אָ, וויפל פאַקלען טראָגסטו, פײַער־יונג,

פאַר מיר, דעם שוואַכן ווײַב. נאָר אוי, ווי ביטער,
אַז פונעם פלאַקער, וואָס מײַן האַרץ צעגליט ער,
עס פאַלט אפילו ניט אויף דיר אַ פונק.

## סאָנעט ג

פאַרלאַנגען לאַנגע, האָפונגען אומזיסט,
אָ, טרויעריקע זיפצן, טרערן, טרערן,
וואָס קאָנען קוועלברונענס, צוויי טײַכן ווערן,
אַזאַ געוויין פון מײַנע אויגן פליסט.

ווי האַרט און אומדערבאַרעמדיק דו ביסט,
דו קאַרגלעך ליכט פון הימלישע געשטערן,
וואָס פאַר מײַן האַרץ, פאַרברענט דורך אורבאַגערן,
אַלץ נײַע אוממענטשלעכע לײַדן גיסט.

נאָר אַמאָר מעג זיך איבער מיר פאַרוויילן
מיט נײַע פײַערן און נײַע פײַלן, —
ער קאָן מיר גאָרנישט טאָן. איך בין באַהיט:

ווײַל כ׳בין פון יעדער זײַט אַזוי צעשונדן,
אַז ס׳קאָנען מער ניט קיין שום נײַע וווּנדן
געפינען אָרט פאַר זיך אין מײַן געמיט.

## סאָנעט ד

זינט אַמאָר האָט אָן רחמים מיך פאַרסמט
און אָנגעצונדן אין מײַן ברוסט אַ פײַער
מיט גלוט אַ געטלעכער, וואָס אַלץ געטרײַער
טאָג־אויס טאָג־אײַן רק שטאַרקער זיך צעפלאַמט,

האָט קיין שום מי און קיין שום אומבאַשטאַנד,
קיין מורא ניט פאַר קיין שום ווונד קיין נײַער,
ניט פאַרן טויט, וואָס הויערט אומגעהײַער,
געקאָנט מיר אויסלעשן אין האַרץ דעם בראַנד.

וואָס מער דער ליבע־גאָט צעבלאָזט זײַן פלאַקער,
אַלץ מערער כוחות קלײַבן אויף מיר וואַקער,
אָנפאָרכטיק גרייט, ווען דאָס געפעכט אונדז רופט;

ווײַל דעם, צו ווען געטער זײַנען גינציק,
זיי לאָזן אים ניט גנוגן זיך מיט ווינציק:
דער שטאַרקער ווערט מיט שטאַרקע אויסגעפּרוווט.

## סאָנעט ה

דו, קלאָרע װענוס, װוּ דו אויך ניט קרײַזסט,
מײַן שטים, מײַן גאַרנדיק געבעט הער צו,
דײַן פּנים צו דײַן דינסט געגענען טו,
װאָס דיר איר שװערע זאָרג און קומער װײַזט.

מײַן אויג װערט װאַך און װײכער װערט מײַן גײַסט,
און מײַן געלעגער, װוּ איך װײן אָן רו,
זיך װײקט אין טרערן, װען איך װײס, אַז דו
ביסט עדות פון דער פּײַן, װאָס מיך צערײַסט.

פֿאַר אַלע מענטשן נעמט די מי אַ סוף,
און זײ פאַרזינקען אין אַ זיסן שלאָף;
נאָר איך אַזוי אַ טאָג אַ לאַנגן לײַד,

אַז װען איך פאַל אַװעק אין אָװנט שפּעט
געבראָכן שיער אין צװײען אויף מײַן בעט,
אַ גאַנצע נאַכט נאָך פון מיר מײַן בענקשאַפט שרײַט.

## סאָנעט ז

געבענטשט איז צוויי־דרײַ מאָל דאָס ווידערקערן
פֿון העלן שטערן. מער געבענטשט איז זי,
אויף וועמען ער זײַן בליק וועט וואַרפֿן הי
מיט אייטל גנאָד און ליכט זי צו באַערן;

וואָס קאָן מיט רוזקן געוויסן שווערן,
אַז ער געקושט אין שיינעם מאָרגנפֿרי
פֿון אַלע בלומען פּלאָרעס האָט איר בלי,
און אירע ליפּן פֿון זײַן קוש נאָך יערן.

קומט וועמען מער פֿון מיר אַזאַ מין גליק
פֿאַר גאָר דער צײַט, פֿאַרלוירן אין געווינען?
וועל איך באַנוצן אַלע מײַנע חנען,

די גאַנצע מאַכט פֿון מײַן פֿאַרליבטן בליק —
אַז גאָרנישט מער זאָל קאָנען אים באַשיצן,
און כ׳וועל אים שנעל און פֿולקומען באַזיצן.

## סאָנעט ז

אוודאי מוזן שטאַרבן די, וואָס לעבן,
ווען די נשמה שיידט זיך מיטן לײַב:
דו ביסט דער עיקר, איך — דער איבערבלײַב;
טאָ ווו־זשע, זעל געליבטע, טוסטו שוועבן?

אָ, לאָז מיך נישט פאַרחלשט ליגן, כ׳לעבן,
כל־זמן ס׳איז צײַט נאָך, ראַטעווע דאָס ווײַב!
קאַטאָוועס מיט דײַן קערפּער אסור טרײַב,
און זאָלסט דאָס וויכטיקסטע צוריק אים געבן.

נאָר זע, אַז פול מיט ליבלעכסטער כוונה
זאָל די באַגעגעניש זײַן אָן סכנה,
ניט הערשעריש, ניט ווילדוויליק, ניט שטרענג —

מיט מילדן חן, בסבר פּנים יפות
וועסט מיר דײַן שיינקייט געבן צום געשענק,
און בלײַבן לאַנג גענעדיק, ווי איך האָף עס.

## סאָנעט ח

איך לעב, איך שטאַרב, אָט ברען איך, אָט צערין איך,
אין גרעסטער היץ איך עלנטלעך פאַרפריר,
דאָס לעבן איז אָט ווייך, אָט האַרט צו מיר,
אַ טראָפּן פרייד אין גרעסטן וויי געפין איך.

איך וויין, איך לאַך, כסדר אַנדערש בין איך,
אין מיטן תענוג טרויער איך דערשפיר,
מײַן אוצר צאַנקט און דויערט אָן אַ שיעור,
און קוים פאַרדאַרט — גלײַך ווידער בלי און גרין איך.

אַזוי פירט אַמאָר מיך לויט זײַן קאַפּריז:
ווען ס׳דוכט זיך מיר, מײַן צער צום שטאַרקסטן איז,
ווערט יוסט מיר אויפן האַרצן פרײַ און פריידיק.

נאָר ווען דער תענוג איז אומענדלעך זיס,
דערלאַנגט ער פלוצלינג מיך צוריק אַ ריס
און שלײַדערט מיך צו מײַן געוווינטן ווייטיק.

## סאָנעט ט

איך זוך נאָך לאַנגן טאָג אין אָוונט קאַלטן
אין ווייכן בעט אַ ביסל אָפּרו בלויז,
נאָר תיכּף גייט מײַן גײַסט פון מיר אַרויס
און גייט אַרײַן אין דיר, ניט אָפּצוהאַלטן.

מיר דוכט זיך, אין מײַן צאַרטער ברוסט באַהאַלטן
כ׳וועל דעם, נאָך ווען כ׳גיי פון ליבע אויס,
און מײַן באַגער ווערט הייס אַזוי און גרויס,
אַז ס׳נעמט געוויין מיך שיער אין צוויי צעשפּאַלטן.

אַ, זיסער שלאָף, אַ, נאַכט פון גליק געפּילט,
אַ, איניקלעכע רו, באַגנוגט, געשטילט,
אין חלום לאָזט מיך נאַכט נאָך נאַכט זיך וויגן:

אויב קיין מאָל מײַן פאַרליבטע זעל נישט טאָר
קיין האָב און גוטס באַזיצן אויף דער וואָר —
זאָל זי צו מינדסט עס האָבן אין אַ ליגן.

## סאָנעט י

װען כ׳זע דײַן בלאָנדן קאָפּ באַקרױנט מיט רום,
און הער אַזױ דײַן לוטע צערטלעך קלינגען,
אַז בױם און פעלדז װאָלט זי געקאָנט באַצװינגען;
װען כ׳זע דיך אױסגעצירט און שײן און פרום,

און הער דײַן גוטן שם פון אומעטום,
װי אַלע רונד אַרום דיר שבחים זינגען,
אַז װאָס דו מאַכסט, מוז שטעטיקלעך געלינגען —
איך טראַכט זיך דעמאָלט לײַדנשאַפטלעך שטום:

פון אַלע מעלות, װאָס מען רימט אין דיר,
װאָלט אײנע כאָטש דײַן האַרץ געטאָן אַ ריר
און ליבן און פאַרליבן זיך עס לאָזן?

מען װאָלט אָן ספק דעמאָלט אױך געלױבט,
װאָס דו מײַן ליבע גנעדיק האָסט דערלױבט,
בײַ דיר אַ פײַער צערטלעך צו צעבלאָזן...



לואיז לאַבע. אַנאָנימע גראַווירור פון 16טן יאָרהונדערט.
(נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק. פּאַריז).

## סאָנעט יא

אָ, צאַרטע בליקן, אויגן שיין און גוט,
ווי קליינע גאָרטנס מיט פאַרליבטע בלומען,
ווו אַמאָר זייַנע פייַלן האָט גענומען,
ווי לאַנג מייַן בליק אין אייַערן נאָך רוט.

אָ, האַרץ אָן טרייַשאַפט, גרויזאַם אין דייַן מוט,
ווי האַלטסטו פעסט מיך אין דייַן מאַכט פולקומען,
און וויפל טרערן זייַנען שוין פאַרשווומען,
נאָר ס׳קאָן מייַן האַרץ ניט אויסלעשן זייַן גלוט.

טאָ זינקט אייַך, מייַנע אויגן, טיף אַרייַן
אין זייַנע און געניסט פון זייער שייַן;
נאָר דו, מייַן האַרץ, האָסט ניט קיין פאַרגעניגן:

וואָס מער איך בליק, אַלץ גרעסער איז דייַן פלאָג,
אוי וויי איז מיר, אַז איך אַזוינס פאַרטראָג —
ווי מייַנע אויגן מיטן האַרץ זיך קריגן.

## סאָנעט יב

אָ, לוטע, שוועסטער פון מײַן שווערן עול,
וואָס ס'איז מײַן זיפץ דײַן שטענדיקער באַטאָנער,
וואָס ס'איז מײַן טרער דײַן עדות און דערמאָנער;
באַגלייטערין פון לידער אָן אַ צאָל;

נאָר זוכט מײַן גײַסט אַן אַנדער קלאַנג צומאָל
און פּרוּווט צו זינגען אין אַ פרײדן־טאָן ער,
אַ קלאָגליד בלויז אַרויסבאַקומען קאָן ער
פון דײַנע סטרונעס מיט פאַרוויינטן קול.

און וויל איך צווינגען דעמאָלט דיך קאַפּויער,
די סטרונעס לאָזן נאָך און איך בלײַב שטום.
נאָר קוים זעסט ווידער מיך אין זיסן טרויער,

זיי ציטערן און מאָנען מיט געברום:
— אַז שעפן זאָל איך טרייסט אין ווייטיק גופא
פאַר ליבעלייד איז ליבע בלויז די תרופה.

## סאָנעט יג

אָ, פּעסטער צו זײַן ברוסט זאָל ער מיך דריקן,
וואָס איך מיט לײַב און לעבן אים געהער;
אַבי די קנאה זאָל ניט זײַן קיין שטער,
וועל איך מײַן לעבן לאַנג זיך הייס אַנטציקן.

אָ, זאָל ער זאָגן מיר: מײַן ליבסטע, הער,
נאָר מיטאַנאַנדער לאָמיר זיך באַגליקן,
דאָס לעבן קאָן אונדז נויט און שטורעם שיקן,
מיר וועלן קיין מאָל זיך ניט שיידן מער.

און אויב, ווען כ'האַלט אים פּעסט אַרומגענומען,
ווי ווילדגראָז רינגלט אַרום פון בוים דעם שטאַם,
דער ניט־פאַרגינער טויט וועט פּלוצלינג קומען,

זאָל ער מיר געבן נאָך אַ קוש פון פלאַם,
און אויסגיין וועט מײַן גײַסט אויף זײַנע ליפּן,
און שטאַרבן וועל איך ווי געלעבט: אין ליבן!

## סאָנעט יד

כל־זמן ס׳איז דאָ אַ טרער אין מײַנע אויגן
פאַר יעדער שעה, וואָס כ׳האָב פאַרבראַכט מיט דיר,
און ס׳קאָן מײַן שטים אויף עפּעס וואָס נאָך טויגן
אַחוץ אויף קרעכצן, זיפצן אָן אַ שיער;

כל־זמן דער לעצטער קלאַנג איז ניט פאַרפלויגן
פון ליבע־לוטע אונטער מײַן באַריר;
כל־זמן ס׳האָט אין מײַן גײַסט זיך ניט פאַרצויגן
דײַן אָנדענק מיט פאַרגעסן און פאַרפריר; —

ווייל איך ניט שטאַרבן. כ׳האָב נאָך ניט קיין תיקון.
נאָר ווען מײַן אויג וועט ווערן אויסגעטריקנט,
מײַן שטים צעבראָכן און מײַן האַנט אָן וואָג,

און ס׳וועט מײַן גײַסט אין מלכות שאָטן קרײַזן,
ניט קאָנען מער קיין ליבע־צייכן ווײַזן —
פאַרשוואַרצן זאָל דער טויט מײַן העלסטן טאָג.

צום כבוד פון דער זון, וואָס נעמט באַלד שטײַגן,
הייבט אויף זיך לײַכט דער ריינער מאָרגנווינט;
און ערד און וואַסער וואַכן אויף פון שווײַגן;
מיט גרוס דאָס איינע לוישפּערנדיק רינט.

די צווייטע שפּרייט פון בלומען און פון צווײַגן
איר שענסטן רײַכסטן טעפּעך אויס געשווינד;
און יעדער וואַנדערער הערט אויף צו דאגהן,
ווען ס׳טרילערן אַרום די פייגל לינד.

אויף זילבערנע לבניקע לעוואַדעס
עס טאַנצן נאָך די נימפעס און דריַאַדעס...
אָ, מאָרגנווינט, קום אויך צו מיר צו גיין!

באַנײַט זאָל איך דורך דיר אין גאַנצן ווערן,
אָ, לאָז מײַן זון צו מיר זיך ווידערקערן,
אַז אַלע זאָלן זען, ווי איך בין שיין!

## סאָנעט טז

ווען ס'פאַלט אויף דעם קאַווקאַז אַ שווערער האָגל
במשך לאַנגע טעג מיט בליץ און דונער,
קומט אָן דערנאָך אַ העלער טאָג פון זומער.
ווען פעבוס ענדיקט שוין זײַן ערדן־וואָגל,

און נידערט צו דעם אָקעאַנען־לאָגל,
זײַן שוועסטער ווײַזט זיך מיט דער שווערד דער קרומער.
ווען ס'לעשט זיך אויס דעם פּאַרטערס שלאַכטן־אומער,
ער הענגט זײַן בויגן דעמאָלט אויף אַ נאָגל...

געווען אַ צײַט, ווען איך האָב מילד געטרייסט דיך,
בײַ ווײַטן נאָך צו אַלעם ניט אַנטשלאָסן —
— נאָר זינט דײַן קוש, איך טו אַלץ, וואָס דו הייסט מיך —

האָסט דו איצט וואַסער אויף דײַן פלאַם געגאָסן,
און ביסט נאָך קילבלעכער ווי איך צוערשט.
וואָס מער איך ברען, אַלץ מער דו זיך באַהערשסט.

## סאָנעט יז

איך לויף פון שטעט, פון קירכעס, ווו אָן שוץ
מײַן האַרץ זיך לאָזט דורך דײַן געבעט צעווייכן,
און ווו דו קאָנסט מיך צווינגען און דערגרייכן,
איך זאָל דיר אָפּגעבן מײַן טײַערסט גוטס.

ווער דאַרף טורנירן, מאַסקעס, שפּילן, פּוץ —
אַז אַלע שיינקייטן אָן דיר פֿאַרבלייכן!
אַנטרינען פרווו איך פון דײַן רוף און צייכן,
געפינען עפּעס אַ געדאַנק מחוץ

פון תמיד פלאַקערדיקן ליבע־רעיון,
אין טיפן וואַלד פון אים זיך צו באַפרײַען;
נאָר ס׳איז אומזיסט מײַן בלאָנקען הין און הער:

אויב כ׳וויל באמת מער צו דיר ניט שטרעבן,
מ׳אויסן פון זיך גופא מוז איך לעבן,
ווײַל ווײַט פון מיר — דו ביסט אין מיר נאָך מער!

## סאָנעט יח

אָ, קוש מיך נאָך, און נאָך, און נאָך, לאָז פליסן
אַ קוש אין מיר ווי באַלזאַם טיפערהייט!
אַ קוש, וואָס גליט און זידט און בריט דאָס אינגעווייד!
דו וועסט פאַר יעדן פירפאַכיק געניסן!

דו ביסט נאָך ניט געשטילט? פון תענוג זיסן
האָב איך דיר צען נאָך זיסער צוגעגרייט;
אַז ווען דײַן קוש אין מײַנעם זיך צעגייט,
מיר זאָלן, אויסגעמישטע, מער ניט וויסן!

מיר וועלן זײַן פון טאָפּלט לעבן פול,
ס'וועט יעדער זיך אין זיך — און צווייטן שפּירן...
טאָ לאָז מיר זאָגן עפּעס, וואָס איז דול:

איך לײַד, ווען כ'מוז אין זיך מײַן לעבן פירן,
און דעמאָלט פיל איך בלויז אַ גליק אַ גרויס,
ווען כ'שפּרינג צומאָל פון זיך אַליין אַרויס.

## סאָנעט יט

נאָך פֿריילעכן, געראָטענעם געיעג,
בײַם ראַנד פֿון וואַלד אויף ליכט־פֿאַרפּלייצטע לאָנען,
די נימפֿעס האָבן דאָרט באַקראַנצט דיאַנען.
איך בין געגאַנגען טרוימענדיק מײַן וועג,

ווען ס׳האָט אַ שטים געטאָן מיך אַ דערוועק:
וואָס ביסטו, נימפֿע, דאָ צוריקגעשטאַנען?
דיאַנע וואַרט. צי האָסטו ניט פֿאַרשטאַנען?
און ס׳איז דײַן פֿײַלנבויגן אויך אַוועק.

ווער האָט דיר, חברטע, גערויבט די וואָפֿן?
— אוי ווײ — האָב איך געענטפֿערט — כ׳האָב געטראָפֿן
דאָרט איינעם און געוואָרפֿן פֿײַל נאָך פֿײַל,

דערנאָך דעם בויגן אויך. אומזיסט אַלץ. לאַכיק
האָט ער געגומען אים און הונדערטפֿאַכיק
פֿאַרוווּנדיקט מיך צוריק צו זײַן פֿאַרוויַיל.

## סאָנעט כ

מ׳האָט מיר פאָרויסגעזאָגט אַ גוטע ענד;
געזנוי דאָס אָנגעזיכט פון דעם באַשריבן,
וואָס כ׳וועל אים איניקלעך און וואַרעם ליבן;
און כ׳האָב אים טאַקע ווערליק דעם דערקענט.

זײַן גורל האָט צו מיר אים צוגעווענדט,
בין איך אויס רחמים אויך ניט קאַלט געבליבן,
און האָב אַזוי מײַן אייפער אָנגעטריבן,
אַז אויך בײַ מיר די ליבע פלאַמיק ברענט.

ווער אַנדערש וואָלט געמיינט, עס מוז דאָך וואַקסן
וואָס ס׳האָט דער גורל גופא אײַנגעפלאַנצט?
נאָר ווען איך זע די מוראדיקע שלאַקסן,

דעם בייזן ווינט, דעם האָגל ווילד צעטאַנצט —
אָ, ניט דער הימל, דער גיהנום גיכער
האָט צוגעגרייט מײַן אונטערגאַנג אויף זיכער.

## סאָנעט כא

ווי דאַרף־זשע זײַן לויט אונדזערע באַגריפן
פון מאַן די שטאַלטיקייט ? די האָר ? דער גאַנג ?
און וועלכע אויגן מער מיט האָניק טריפן ?
ווער מאַכט אַ ווונד, וואָס זי פאַרהיילט ניט לאַנג ?

וואָס איז פאַר אים דאָס איידלסטע געזאַנג,
וואָס דרינגט אַרײַן ביז אין זײַן האַרצנס טיפן ?
וואָס איז נאָך זיסער פון אַ לוטע־קלאַנג ?
און וואָסערער באַנעם — גענוג געשליפן ?

אוודאי איז ניט זיכער וואָס איך טראַכט,
ווײַל אַמאָר האַלט מיך אין זײַן איבערמאַכט,
דעם עיקר אָבער ווייס איך אויף געוויס שוין :

עס קאָנען ניט די שטאַלטיקסטע פיגור,
די גאַנצע קונסט, וואָס העלפט צו דער נאַטור,
מײַן גלוסט ניט מאַכן הייסער ווי זי איז שוין.

## סאָנעט כב

ווי גליקלעך ביסטו, זון אין שײַן צעגליטער,
כסדר אָנצוזען דײַן פרײַנדינס פּנים;
דײַן שוועסטער ווערט געקושט פון ענדימיאָנען,
געשפּײַזט מיט ליבערייד און זיסן ציטער.

אויך מאַרס און ווענוס, הערמעס דער געניטער
דורך אַלע ווײַטע הימלען זען זיך קאָנען;
און די גאַלאַנטע יוגנטטעג דערמאָנען
צי דאָ, צי דאָרט זיך פריילעך טוט יופּיטער.

די הימלישע האַרמאָניע לויבן לאָמיר,
זי בינדט די גײַסטער געטלעכע. נאָר טאָמער
פון ווײַטן ליבן וואָלטן זיי געדאָרפן,

דער סדר וואָלט געוואָרן אַ חסרון,
די שטרענגע געטער־מי געווען פאַרלאָרן,
אַזוי ווי מײַנע — גאַנץ אַרויסגעוואָרפן.

## סאָנעט כג

ווי ווייַ, וואָס ניצט עס מיר אַז ליבלעך־שיין
האָסט מײַנע בלאָנדע האָר געלויבט פולקומען,
און מײַנע שיינע אויגן צו צוויי זונען
פאַרגליכן, ווו ס'האָט אַמאָר אין געהיים

די פײַלן פאַר דײַן ווונדיק האַרץ גענומען?
ווו איז דער גיך פאַרשווונדענער געוויין?
דער טויט, וואָס האָסט געשוואָרן זיך, אַז ניין,
איך ער וועט ניט דײַן ליבע איבערקומען?

דו האָסט געוואָלט פאַרקנעכטן מיך מיט לויב —
דאָס איז געלונגען, אָבער מיר דערלויב,
אַ וואָרט אַ שאַרפס דיר איין מאָל ניט פאַרמײַדן:

איך בין אָפט צאָרנדיק אויף דיר און בייז,
נאָר ווו דו זאָלסט ניט איצטער זײַן, איך ווייס —
אַז דו ניט ווייניקער פון מיר מוזסט לײַדן.

## סאָנעט כד

אָ, דאַמען, טאַדלט מיך ניט, אויב דעם בראַנד
איך שפּיר אין מיר פון טויזנטער שטורקאַצן,
און ס׳פּײַניקט זיך מײַן האַרץ ביז צום צעפּלאַצן,
אַז ווײנען מוז איך איצטער נאָכאַנאַנד.

אָ, הענגט ניט אין מײַן נאָמען אָן קיין שאַנד;
אויב כ׳האָב געליבט אין כאַטעס און פּאַלאַצן,
זאָלט איר מײַן ווייטיק אויך ניט אונטערשאַצן —
געדענקט, אַז אַמאָר תּיכּף איז אין שטאַנד,

אים דאַרף זיך נאָר פאַרגלוסטיקן צו טאָן עס,
אָן פלאַם ווולקאַנס, אָן שיינקייט פון אַדאָניס,
פאַרליבט אײַך מאַכן אומגעריכט און גיך;

און שטעלן ווינציקער פון מיר צופרידן,
אַז אומגעשטילט זאָל אײַער תּאווה זידן,
און אומגליקלעך זאָלט זײַן איר — מער ווי איך!

## סאָנעט כה

(דער סאָנעט פון דער שיינער שטריקלערין)

אוי ווײ צום טאָג, ווען כ׳האָב דערזען זײַן בליק,
וואָס האָט צעפלאַקערט אין מײַן זעל באַגערן!
צי מוז דײַן פײַער, ליבע, אונדזער גליק
אין יאוש און אין לײַדן איבערקערן?

אָ, ווען מען וויסט פון שפיל דאָס לעצטע שטיק:
באַדויערס, טענות, פאָרוווּרפן און טרערן;
ווי שנעל אַ בלום פאַרלירט איר דופט צוריק;
אַז ס׳וועט דער טאָג אַזאַ מין נאַכט געבערן;

אָ, ווען מען וויסט, וואָס אונדז דער גורל שפינט,
איך וואָלט אַנטלאָפן פון זײַן מאַכט געשווינד,
וואָס ווײַטער זײַן פון די פאַטאַלע אויגן!

אוי ווײ, וואָס רייד איך? קומען זאָל אויפסנײַ
דער טאָג, ווען כ׳האָב דערזען אים, הלוואי —
כ׳וואָלט ווי אַ פייגעלע צו אים געפלויגן!



זשאָאַכים די־בעלעי
פּיער דע־ראָנסאַר
אַלפאָנס דע־לאַמאַרטין
מאַרסעלין דעבאָרד־וואַלמאָר
וויקטאָר הוגאָ
פּאָל ווערלען
אַרטור רעמבאָ
סטעפאַן מאַלאַרמע
עמיל ווערהאַרן
פּאָל וואַלערי
גיאָם אַפּאָלינער
זשאַן קאָקטאָ
זשאַן קאַסו
פּאָל עלואַר
לואי אַראַגאָן
סאַן־זשאָן פּערס




**זשאָאַכים די־בעלעי. מיטצייטלערישע גראַווור.**

(נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק. פּאַריז. און

קאָלעקציע ראָזשע וויאָלע).



שוין נעמט די נאַכט צוריק אין איר פּאַרצוים
די סטאַדע בלאָנקענדיקע שטערן יאָגן;
און האַסטיק אירע שוואַרצע פערד זיך טראָגן,
אַנטלויפנדיק פון טאָג אין טיפן תהום;

אין אינדיע רויטלט זיך דער הימלזוים,
און ס׳קעמט די מאָרגנשײַן זיך פאַרן טאָגן
די בלאָנדע צעפּ אין פּערלטוי געצוואָגן,
באַשפּריצנדיק דעם לאַן מיט זילבערשוים.

נאָר זע, מײַן טײַך, אויף דײַנע גרינע ברעגן
אַ לעבעדיקער שטערן איר אַנטקעגן
פון מערב קומט — אַ נימפע מלא חן.

צעצינדט זיך צונטעררויט די זון פאַר קנאה
און טאָפּלט־העל באַפּאַרבט זי איר מדינה,
פון אינדיענס בערג ביז אַנזשעװיגער פּליין.



אויב ס׳איז פאַר אייביקייט דאָס מענטשן־לעבן
נאָך מינדער פון אַ שעה און ס׳יאָגט אַוועק
דאָס יאָר, וואָס קרײַזט, אויף תמיד אַלע טעג;
אויב אַלץ, וואָס לעבט, איז אויך דעם טויט געגעבן —

טאָ וואָס־זשע, מײַן נשמה, ליימט דײַן שטרעבן?
וואָס לאָקט דיך נאָך בײַ אונדז אין נאַכט און שרעק,
אויב קאָנסטו צו אַ ליכטיקערן ברעג
זיך לאָזן אויף די שטאַרקע פליגלען שוועבן?

דאָרט איז דאָס גוטס, וואָס יעדער גײַסט ער וויל עס;
דאָרט איז די רו, וואָס יעדן מענטשנס ציל איז;
דאָרט איז נאָר פרייד און ליבע אָן אַ שיער.

נאָר דאָרט, מײַן גײַסט, אין הימלס העכסטע הייכן
צום פאָרבילד פון דער שיינקייט קאָנסטו גרייכן,
וואָס כ׳האָב מײַן לעבן לאַנג געדינט צו איר.



דו קומסט און זוכסט דאָ רוים אין רוים אומזיסט,
און קוקסט זיך אום מיט חידוש אין די אויגן;
נאָר אַלטע טוירן, מויערן און בויגן —
צי איז דאָס רוים באמת ווו דו ביסט?

נאָר זע, ווי שטאָלץ זי איז און זע ווי וויסט —
די שטאָט, וואָס האָט פון וועלפין־בריסט געזויגן
און אַלע פעלקער אונטער יאָך געבויגן —
אויך זי האָט מיט דער צײַט געקעמפט אומנישט.

דאָך רוים בלײַבט אונדז ווי רוימס אַ דענקמאָל איבער,
און רוים באַזיגט — האָט בלויז פון רוים די האַנט.
נאָר ס׳לויפט נאָך אַלץ אָן רו צום ים דער טיבער...

דאָס בלײַבט פון רוים? אָ, וועלט פון אומבאַשטאַנד:
וואָס פעסט דערשײַנט — די צײַט וועט עס צעשטערן,
וואָס זיך באַוועגט — קאָן קעגן איר זיך ווערן.



אָ, מוטער פון געזעץ, פון קונסט, פון וואָפנרום,
פון דײַנע ברוסטן, פראַנקרײַך, בין איך אַ גענערטער,
און ווי אַ לאַם שרײַט צו זײַן מאַמען דער באַגערטער,
דײַן נאָמען רוף איך דורך די לאַנען אומעטום.

צי בין איך ניט דײַן קינד ? טאָ וואָס־זשע בלײַבסטו שטום ?
וואָס בלײַבט מײַן אויסגעבענקטער רוף אַ ניט־דערהערטער ?
אָ, פראַנקרײַך, פראַנקרײַך, כ׳שרײַ צו דיר פון אַלע ערטער,
נאָר ס׳ענטפערט בלויז דאָס ווידערקול מיט באַנגן ברום.

צעווישן בייזע וועלף דורך פוסטן פליין איך בלאָנקע,
דער ווינטער וועט באַדעקן באַלד מיט שניי די לאָנקע ;
שוין שוידערט מיך פון זײַנע שווערע פרעסט אָן סוף !

אָ, אַלע שעפעלעך זיי פעלט ניט קיין געפיטער,
עס שרעקט זיי ניט קיין וואָלף, קיין ווינטער, קיין געוויטער,
צי בין איך אין דער טשערעדע די ערגסטע שאָף ?



אָ, ווײל צו דעם, וואָס װײַט איז, ווי אוליס, געפאָרן,
צי האָט די פּעל די גאָלדענע געבראַכט — און דאַן
זיך אומגעקערט אַ קלוגער און געניטער מאַן,
אויף אויסצולעבן אין דער היים בײַ זיך די יאָרן.

נאָר איך, ווען װעל איך זען דאָס דאָרף, וווּ כ׳בין געבאָרן,
זײַן פרידלעכן פרימאָרגן־רויך, דאָס פעלד, דעם לאַן?
דעם שטילן גאָרטן, וווּ מײַן קינדהייט איז פאַרגאַן,
וואָס קומט מיר פאָר אַ קיניגרײַך אין מײַן זכרון.

ס׳געפעלט מיר מער מײַן פאָטערס הויז פון ליים און האָלץ
ווי רוימישע פּאַלאַצן אויפגעטורעמט שטאָלץ,
דער שיפערשטיין — ווי זײַלן מירמלנע בײַם טיבער.

דער טײַך לוואַרע איז מײַן בענקשאַפט און מײַן טרוים,
לירע — מיר שענער ווי די זיבן בערג פון רוים,
און פראַנקרײַכס מילדע לופט פון לינדן ים־ווינט ליבער!



כ׳וועל ווערן קלוג, אַ גאַנצער פילאָסאָף,
שטודירן מעדיצין און מאַטעמאַטיק;
וועל ווערן אַ יוריסט, אַ חכם־עתיק
אין סודות טעאָלאָגיע שווערן שטאָף.

כ׳וועל מאָלן, פּעכטן, שפּילן אָן אַ סוף,
אויף בעלער גיין און ריידן שיין און גלאַטיק —
אַזוי וועט זײַן, האָב איך געטראַכט לעת־עתיק,
דאָס לעבן אין איטאַליע, ווי איך האָף.

אָ, פּוסטע רייד! געקומען כ׳בין אַהערצו
אויף צרות בלויז, אויף דאגות, אויף נאָך מער צו
פאַרתכלעווען די יאָרן אין דער פרעמד.

ווי יענער שיפער, וואָס פון ווײַטע קאַנטן
אַ פעסל הערינג ברענגט אַנשטאָט בריליאַנטן
און ס׳בינטל מיט זײַן אַלט פאַרלאַטעט העמד...



פיער דע־ראָנסאַר.
גראַווירור פון גאָטיע
(נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק. פּאַריז).

## פאַר קאַסאַנדרע

אָ, ווען איך קאָן מיט רײַכער געלער פּראַכט
אַ רעגן גאָלדענער אַרונטערקומען
אין מײַן קאַסאַנדרעס שויס, ווען אײַנגענומען
עס ווערט איר אויג פון מלכות פון דער נאַכט;

דערנאָך — אַ ווײַסער ביק מיט געטער־מאַכט
איך וואָלט זי אויף מײַן שטאַרקן קאַרק גענומען,
ווען זי — די שענסטע בלום — גייט קלײַבן בלומען
אויף לאָנקעס, ווו דער העלער מאָרגן לאַכט.

איך וואָלט געוואָלט, מײַן בענקשאַפט אויסצולאָדן,
אַז איך זאָל זײַן נאַרציס און זי — אַ קוואַל,
איך זאָל אַ גאַנצע נאַכט אין איר זיך באָדן;

אַ נאַכט אַן אייביקע, אָן מאָרגנשטראַל,
אַז פעבוס זאָל ניט קומען אויף זײַן וואָגן
מיך אויפוועקן צום אומנוציקן טאָגן.

## אָדע פֿאַר קאַסאַנדרע

קום אַרויס, מײַן שוועסטער כלה,
קום אַרויס, קום אַרויס,
לאָמיר זען די שײנע רויז,
וואָס אין מאָרגן האָט געבליט זי,
צי אין אָוונט האָט פֿאַרהיט זי
נאָך דעם פּורפּל פֿון איר שטאַלט,
קיניגלעך, ווי דו, צעשטראַלט.

אוי ווײ, אוי ווײ, ווי גיך פֿאַרגייט
יעדע בלום און יעדע קווייט;
זע, נאָך אָקערשט פֿול מיט פֿאַרבן,
ליגט זי איצט פֿאַרוועלקט אין שטאַרבן...
אוי, אַ שטיפֿמאַמע, בנאמנות,
די נאַטור איז אָן רחמנות,
אויב עס דויערט אַזאַ פּראַכט
פֿון דער פֿרי בלויז ביז פֿאַרנאַכט!

קום־זשע, קום, מײַן שוועסטער כלה,
וואַרט ניט מער, וואַרט ניט מער,
לאָז זיך טראָגן פֿון באַגער,
זע, די רויזן וועלקן אַלע...
קום געניסן פֿרייד פֿון דאַנען,

איידער זיי אין נאַכט פאַרוויאַנען,
כל־זמן נאָך דײַן פרילינג גרינט!
קלײַב־זשע, קלײַב די יוגנט־בלומען,
באַלד וועט שוין דער ווינטער קומען,
און דײַן שיינקייט זי פאַרשווינדט...

## פון די סאָנעטן פאַר העלענע

X

קאַסאַנדרע און מאַרי, איך זאָג אַדיע אײַך בײדן,
איך האָב שוין אָפּגעדינט גענוג בײַ אײַער זײַט.
בלויז אײנע לעבט פון זײ; געשטאָרבן פאַר דער צײַט,
די צווײטע איז געוויס אין הימל אין גן־עדן.

אין מײַן אַפּריל האָב איך פאַרגעטערט אײַך מיט פרײדן,
נאָר הערן ניט געוואָלט האָט אײַער שטאָלץ פאַרשײַט,
ווי שטאַרק צו אײַך מײַן האַרץ, מײַן האַרץ מיט גאַרונג שרײַט;
אַזוי האָט פּאַרקע מיט איר לינקער האַנט באַשײדן.

און איצט אין האַרבסט איז מײַן פאַרליבטקײט ניט אַוועק,
איך מוז פאַרליבן זיך ווי אין די פרילינג־טעג,
כדי מײַן לעבן זאָל אין בענקעניש פאַרברענען.

ס'איז צײַט שוין אויסצוטאָן דעם פאַנצער פונעם קריג,
נאָר אַמאָר יאָגט מיך מיט זײַן פײַל אין שלאַכט צוריק,
פאַרנעמען איליאָן און אײַננעמען העלענען.

## XLI

פאַרלאָז דאָס שקלאַפנלאַנד, פאַרלאָז די מלכות פרעה,
צום ירדן לאָז זיך גיין! וואָס ווײַטער פונעם טראָן!
פאַרלאָז דעם הויף, דעם פוץ, די לאָקונג פון סאַלאָן,
די קירקעס און סירענעס מיט פאַרשטעלטער מראה!

זיי זאָלן מאַכן פאַר דער האַרינטע אַ וואַרע —
און דו רעגיר מיט זיך לויט אייגענעם פאַסאָן!
שוין הײַנט זוך רו, ניט מאָרגן, איידער ס׳טוט דיר אָן
דער ווינטער אויף די האָר זײַן שנייִיקע טיִאַרע!

צי זעסטו ניט די צביעות פון דײַן הויף, דעם חשד,
דעם שקר וואָס פירט אָן דעם גאָלדענעם פאַראַד,
די חניפה אין דער הייך און דעם פאַרראַט בשתיקה?

אַנטלויף פון פאַלשער גנאָד, פון צביעותדיקן רום,
צו נימפעס און צו געטער אין די פעלדער קום!
כ׳וועל דײַן אָרפעוס זײַן און דו מײַן איירידיקע!

## XLIII

ווען איר וועט, שוין אַן אַלטיטשקע, אין אָוונט שפּינען
בײַם פֿײַער, בײַ אַ ליכט, און זאָגן פֿול מיט צער,
בײַם מורמלען מײַנס אַ ליד, וואָס קומט אײַך אויפֿן זינען:
„אָ, יאָ, עס האָט אַמאָל באַזונגען מיך ראָנסאַר."

וועט יעדע דינסט, וואָס וועט אײַך דעמאָלט נאָך באַדינען,
הגם פֿון לאַנגער אַרבעט האַלב־פֿאַרשלאָפֿן, שטאַר,
בײַם קלאַנג פֿון נאָמען מײַנעם נײַע קראַפֿט געפֿינען
און לויבן אײַך, וואָס האָט פֿאַרדינט אַזאַ מין שכר.

נאָר איך וועל ליגן אונטער ערד אין שטויב צעשאָטן,
אַ מירטע וועט מײַן קבר היטן מיט איר שאָטן;
און איר וועט זיצן בײַ דעם פֿײַער אַלט און מיד,

באַדויערן מײַן ליבע, וואָס איר פֿלעגט פֿאַראַכטן...
טאָ, גלייבט מיר, ליבט־זשע הײַנט, אָן קווענקלעניש, אָן טראַכטן,
די לעבנס־רויזן קלײַבט, כּל־זמן דער פֿרילינג בליט!

## די אָזערע

געשטויסן תמיד צו אַ נײַעם ברעג אַ ווײַטן,
אין נאַכט דער אייביקער געטראָגענע אָן רו,
צי קאָנען מיר אַ מאָל אין אָקעאַן פון צײַטן
אַן אַנקער וואַרפן ווו?

אָך, אָזערע, ס'איז קוים אַן איינציק יאָר פאַרשוווּמען
בײַ דײַנע כוואַליעס, וואָס זי האָט געליבט אַזוי,
און זע, איך קום אַליין צום שטיין, ווו זי פלעגט קומען
זיך שפּיגלען אין דײַן בלוי.

אויך דעמאָלט האָסטו שווער געברומט פון דײַנע תהומען,
דײַן ברוסט אין שאַרפן פעלדז געגעבן אַ צעריס,
און ס'האָט דער ווינט געוואָרפן די צעשפּריצטע שוימען
צו אירע שיינע פיס.

געדענקסט? אין שיפל האָבן מיר פאַרטראַכט געשוויגן,
קיין טאָן, קיין קלאַנג אַרום אין כישופדיקער נאַכט
ווי נאָר דאָס פליעסקען פון די רודערס און דער ניגון
פון וואַסער, וואָס נאָך וואַכט.

ווען ס'האָט אַן עכאָ אויפגעוועקט די שטילע ערטער
מיט אומבאַקאַנטע טענער אויף אַ מאָל;

און ערד און וואַסער האָבן צוגעהערט די ווערטער
פון ליבן, זיסן קול:

„אָ, צײַט, האַלט אײַן דײַן פלי! בלײַבט שטיין אין אָוונט לינדן
איר שעהען פול מיט גליק!
געניסן לאָזט די שיינע טעג, וואָס באַלד פאַרשווינדן
און קומען ניט צוריק!

„אָ, וויפל אומגליקלעכע קלאָגן זיך און וויינען —
פאַר זיי וואָס גיכער מעסט
די טעג מיט זייער מאַטערניש אין איינעם;
די גליקלעכע — פאַרגעסט.

„נאָר כ׳בעט אומזיסט, אומזיסט אַ רגע מיר צו לאָזן,
די צײַט אַנטרינט, צערינט.
„אָ, גיי פאַמעלעך, נאַכט" — נאָר פאַרן מאָרגן ראָזן
דער טונקל שוין פאַרשווינדט.

„טאָ לאָמיר ליבן זיך! ביז ס׳איז די שעה אַנטלאָפן,
נאָך אויסטרינקען די פרייד!
עס האָט קיין האַפן ניט דער מענטש, די צײַט — קיין סופן,
זי רינט און ער פאַרגייט."

אָ, צײַט, דו ניט־פאַרגינערין, וואָס אַלע רגעס,
ווען ס׳גיסט די ליבע פולע בעכער גליק אונדז אײַן,

מיט גלײַכער שנעליקייט און גלײַכגילט נעמסט אַוועק עס
ווי טעג פֿון נויט און פּײַן!

ניט שוין־זשע קאָנען מיר קיין אָנדענק ניט פֿאַרהיטן
פֿון רגעס, אײַנגעזאַפּט אין אייביקן פֿאַרגיי?
צי וועט די צײַט, וואָס גיט און נעמט זיי צו, פֿאַרשיטן
די לעצטע שפּור פֿון זיי?

איר עבר, אומזײַן, אייביקייט, אָן ענד, אָן דנאָען!
וואָס טוט איר מיט די טעג, וואָס איר פֿאַרשלינגט, פֿאַרצערט?
צי גיט איר אונדז ניט אָפּ די צוגערויבטע שעהען
פֿון העכסטער פֿרייד אויף ערד?

אָ, אָזערע, אָ, היילן, וועלדער, רויע שטיינער,
וואָס אײַך די צײַט פֿאַרשוינט, צי ייִנגער מאַכן קאָן!
פֿאַרהיט־זשע דו, נאַטור, פֿון יענער נאַכט דער שיינער
צום מינדסטן דעם דערמאָן!

זאָל ער אין דײַנע שטורעמס זײַן און אין דײַן רוען,
דו, שיינע אָזערע — אין גרינעם גאָרטן־ציר,
אין יאָדלעס טונקעלע, אין באַרגיקע שיפּועין,
וואָס הענגען איבער דיר;

אין ציטער פֿון זעפֿיר, וואָס שוועבנדיק אומקרײַזט דיך;
אין רויש, וואָס ס׳טראָגט פֿון ברעג צו ברעג דײַן וועל;

אין זילבער־שטערן, וואָס מיט מילדן ליכט פֿאַרוויַסט דיך
און מאַכט דיַין וואַסער העל;

אין דופט, וואָס פּילט דיַין לופט; אין אַיר, שוואַרץ־פֿאַרשאָטנט;
אין ליַיכטן ווינט, וואָס שטיפעריש קומט אָנגעהיפּט.
זאָל אַלץ דאָ זאָגן — וואָס מען זעט, מען הערט, מען אָטעמט:
„זיי האָבן זיך געליבט!"

## די רויזן פון סאַאַדי

איך האָב געוואָלט היינט פרי צו דיר מיט רויזן קומען,
האָב איך אַזוי פיל בלומען אין מיין שויס גענומען,
אַז ס׳איז צו ענג פאַר זיי געווען מיין קליידערזוים.

דער גאַרטל האָט געפּלאַצט, צעפלויגן זיך די רויזן,
דער ווינט האָט זיי צום ים פאַרטראָגן אין זיין ברויזן,
פאַרשוווּנדן זיינען זיי אויף אייביק מיטן שוים.

די כוואַליע פלאַקערט איצט מיט אָפּשיין רויטלעך־מאַטן, —
היינט אָוונט איז מיין קלייד נאָך פול מיט אַראָמאַטן,
טאָ אָטעם איין פון מיר דעם שמעקעדיקן טרוים.




וויקטאָר הוגאָ. צייכענונגען פון ראָדען.

# פיר לידער פונעם בוך „אָריענטאַלישע מאָטיוון”

## התלהבות

פאָרויס, בחור, פאָרויס, מאַרשיר!
אַנדרע שעניע.

קיין גריכנלאַנד! פול מוט דעם גרויסן רוף איך פאָלג;
אַז נאָך אַזוי פיל בלוט פון דעם מאַרטירער־פאָלק
זאָל פליסן בלוט פון די תלינים!
צום קאַמף פאַר פרײַהייט, פרײַנד, אָ, זאָטלט גיך מײַן פערד!
אַהער גיט דעם טורבאַן! און צו דער זײַט די שווערד!
קיין גריכנלאַנד! אַ טויט די שונאים!

ווען פאָרן מיר? אָ הערט! דער גרויסער טאָג קומט אָן!
כלי־זין גיט און פערד און שיפן אין טולאָן!
אַ שיף — צי פליגלען פאַר די קריגער!
דעם רעשט פון אַלטער גוואַרדיע נעמט פון דער אַרמיי, —
און לויפן ווען ווי גאַזעלן שנעל פאַר זיי
די טערקישע גערימטע טיגער!

פיר אָן, פאַוויע, מיט אונדז! געבענטשט איז וואָס דו טוסט!
פאַרנעמסט דאָס אָרט, וואָס די מלכים לאָזן פוסט, —
פיר אָן מיט אונזערע פאַלאַנגען!

דו אַלטער רוימער־שאָטן, קומסט צום יונגן גריך,
דו ערלעכער סאָלדאַט, וואָס מוטיק טראָגסט אויף זיך
פון פאָלק דעם גורל און פאַרלאַנגען!

צום שלאָף, צו לאַנגער נאַכט, אַ סוף געמאַכט! דערוואַכט,
פראַנצייזישע געווער! און דו, מוזיק פון שלאַכט,
קאַרטעטשן, באָמבעס, קלאַרינעטן!
וואַכט אויף, איר שטאָלצע פערד, מיט טופּענדיקן דראַנג,
איר שווערדן דורשטיקע נאָך בלוטיקן געטראַנק,
און בליי־געפּילטע פּיסטאָלעטן!

איך וויל די קאַמפן זען און זײַן אין ערשטער ריי,
די ספּאַהיס זען, ווי זיי מיט שטורמישן געשריי
אין שלאַכט זיך וואַרפן דער געדיכטער!
די הייסע פערד, וואָס יאָגן ווילדע אין גאַלאָפּ,
דעם בליץ פון שווערד, וואָס שנײַדט אַראָפּ אין רײַט אַ קאָפּ,
פאָרויס!... נאָר אָך, איך בין אַ דיכטער...

ווהין פאַרשלעפּט מיך בלויז מײַן קריגערישער ברויז?
נאָר קינדער, זקנים ווילן מיך... וואָס קומט אַרויס?
אַז יעדער הויך מײַן גײַסט לאָזט שוועבן.
ווי ס׳פאַלט אַ טרוקן בלאַט אַרונטער פונעם בוים
און וויגט זיך אויפן טײַך פון וועל צו וועל אין שוים,
פון טרוים צו טרוים זיך טראָגט מײַן לעבן.

אַלץ לאָזט מיך חלומען: די לופט, דאָס פעלד, דער וואַלד;
איך פיל אַ גאַנצן טאָג, ווען אַ האָבאָיע שאַלט,
צי שאָרכט אַ בלאַט, צי רוישן פליגלען.
אין שקיעה־שעה, אין טונקלדיקן טאָלן־גרונט
כ׳האָב ליב פון אָזערעס דעם ווײַטן, העלן רונד,
ווו וואָלקנס, וואָגלענדיק, זיך שפּיגלען.

כ׳האָב ליב דעם הייסן, פּורפּורנעם לבנה־קרײַז,
וואָס שטײַגט דורך נעפּל אויף, צי ווען עס פינקלט ווײַס
אַ יונגער סערפּ פון כמורנעם הימל.
אין שטילער נאַכט די שווערע וואָגנס האָב איך ליב,
וואָס פאָרן פאַזע הויז און וועמענס רעדער־סקריפּ
וועקט אויף אין דאָרף די הינט פון דרימל.

## די געפֿאַנגענע

מען האָט געהערט דאָס
פֿייגל־געזאַנג, אַזוי האַרמאָ־
ניש ווי פּאָעזיע...
סאַאַדי „גוליסטאַן".

ווען כ'וואָלט ניט געווען דאָ געפֿאַנגען,
געליבט וואָלט איך דעמאָלט דאָס לאַנד;
דעם ים מיט די כוואַליקע קלאַנגען,
דעם געל־קוקורוזענעם קאַנט;
דעם הימל, וואָס שפּרייט זיך אַ בלויער, —
ווען הינטער דער טונקעלער מויער
געפֿינקלט וואָלט ניט אויף דער לויער
די שווערד בײַ דעם ספּאַהי אין האַנט.

איך בין ניט פֿון טאָטער־מדינה,
אַז תּמיד אַ שוואַרצער יעוונוך
זאָל אָנשטימען מײַן מאַנדאָלינע,
מיר האַלטן מײַן שפּיגל און טוך.
אָ, ווײַט פֿון די סדומישע פֿריידן —
אין אונדזער לאַנד קאָן מען דאָך ריידן,
ווען ס'קומען אין אָוונט באַשיידן
צומאָל יונגע־לײַט צו באַזוך.

נאָר פּאָרט איז דער ברעג מיר אַ ליבער,
ווו קיין מאָל קיין פּראָסטיקער בלאָז
אין ווינטער דערגרייכט ניט אַריבער
פון פענצטער מיט פאַרביקן גלאָז.
אין זומער דער וואַרעמער רעגן,
און ס׳לויכטן אַרויס פּאַזע וועגן,
אַזוי ווי שמאַראַגדן אַנטקעגן,
די גרינע ציקאַדעס אין גראָז.

אָ, סמירנע איז ווי אַ בת־מלכה
מיט לאַנגע און הערלעכע צעפּ,
און פריש ווי אַ יונגע פּיאַלקע —
דער פרילינג טראָגט נאָך איר דעם שלעפּ.
און ליבלעכע אינדזלען באַראַמען
ווי בלומען־בוקעטן די ימען
און שטרעקן צו איר אויס צוזאַמען
פון וואַסער די צירלעכע קעפּ.

איך ליב אָט די פּורפּורנע טורעמס,
מיט פענער פון זיגן באַהעלט,
פון הײַזער די גילדענע פורעמס,
ווי קינדערשע שפּילצײַג צעשטעלט.
ווי ליב איך פאַר מײַנע געדאַנקען
דאָס ווייכע און ריטמישע שוואַנקען,
געוויגט אויף העלפאַנטישע פלאַנקען
אין לופטיקן, רונדן געצעלט.

אין פּאַלאַץ פון גאָלד און פון מירמל
גייט איבער מײַן האַרץ פון מוזיק;
עס גלייבט בײַם געדעמפּטן געמירמל,
וואָס קומט פון דעם מדבר צוריק,
צו הערן די געניוסן שפּילן
און שפּינען האַרמאָניעס אין שטילן
פון אייביקע לידער, וואָס פּילן
די לופט אַן מיט קלאַנגען פון גליק.

איך ליב פון די דאָזיקע לענדער
דעם ווירציקן, זיסן פּאַרפום,
אויף שויבן פּאַרגילדעטע רענדער
די בלעטער, וואָס ציטערן שטום,
דאָס קוואַליקע וואַסער צו האָרכן
ווען פּאַלמעס בנעימותדיק שאָרכן,
און ס׳שטייען די שניי־ווײַסע שטאָרכן
אויף שטיין־מינאַרעטן אַרום.

איך ליב אויפן מאָך, וואָס איז וואַרעם,
צו זינגען פון שפּאַניע אַ ליד,
בעת מײַנע שוועסטער פון האָרעם
מיט פלינקע און פלינקע טריט,
אין שאָטן פון שירעם דעם ראָזן
ווי פּלאַטערלעך, פריילעך צעלאָזן,
זיך לאָזן אין טאַנץ אויף די גראָזן,
מיט שמייכלען און לײַכטן געמיט.

נאָר מער נאָך, ווען אין די פאַרנאַכטן
אַ ווינטל דורכוויִעט דעם רוים,
האָב ליב איך צו זיצן און טראַכטן,
פאַרשפּונען אין אייגענעם טרוים;
אין ים מיט די בליקן פאַרזונקען,
בעת אין די כוואַליעס דערטרונקען,
די בלאָנדע לבנה נעמט טונקען
איר פּעכער אין זילבערנעם שוים.

## לאַדזאַראַ

**...און די פרוי איז געווען זייער שיין פון אויסזען.**
שמואל ב׳ י״א, ב.

אָ, זעט נאָר, ווי זי לויפט, אָ, זעט, מיט גיכע טריט
דורך תבואה־פעלדער, ווו דער מאָן דער רויטער גליט,
דורך לאָנקעס מיט נאַרציסן פולע;
דורך שטעגן איינזאַמע, דורך וועגן, זאַמד און שטיין,
אָ, זעט, דורך באַרג און טאָל, דורך וואַלד, און פעלד, און פליין,
אָ, זעט נאָר, ווי זי לויפט, די בתולה!

ווי הויך זי איז און שלאַנק, בעת זי קומט אַראָפּ
און ווײַזט זיך מיט אַ קאָרב פון בלומען אויפן קאָפּ,
אַ פריידיקע אַזאַ און קלאָרע.
ווען זי די ווײַסע אָרעמס הייבט צום שטערן אויף,
עס דוכט זיך דעמאָלט — אויף אַן אַלטן טעמפּלהויף
אַן אַלאַבאַסטערנע אַמפאָרע.

ווי יונג זי איז און פריש, און זינגט איר ליד מיט לוסט,
און שפּרינגט אַ באָרוועסע אַרום פון קוסט צו קוסט,
די גרינע פלאַטערלעך צו יאָגן;
פאַרהייבט דאָס קלייד און שפּרײַזט די טײַכלעך דורך געשווינד,
זי גייט, זי לויפט, זי פליט און לײַכטער נאָך פון ווינט
ווי פליגלען אירע פיס זי טראָגן.

ווען אינעם אָוונט קלײַבט מען זיך צונויף צום טאַנץ,
בעת פּאַמעלעך ציט אַהיים אין שקיעה־גלאַנץ
די טשערעדע מיט גלעקלעך־טענער, —
דאַן קומט זי, זוכט ניט גאָר, וואָס איר צום פּנים שטייט,
און שטעקט אַרײַן אין האָר אַ ווילדע רויז, וואָס קליידט
פון אַלץ און אַלעמען איר שענער!

געוויס, דער אַלטער פּאַשאַ אָמער אויף אַן אָרט
פאַר איר אַוועקגעשענקט די שיפן וואָלט פון פּאָרט
און זײַנע קופּערנע האַרמאַטן;
דעם האַרניש פון זײַן פערד, די וואָל פון זײַנע שאָף;
זײַן פּורפּורנעם טורבאַן, זײַן ווײַסן זײַדנשטאָף,
באַהאַפט מיט גילדענע דוקאַטן.

זײַן טײַערן מושקעט, זײַן שווערן פּיסטאָלעט,
וואָס ער מיט ליבשאַפט זיי די זילבער־קאָלבעס גלעט,
און זײַנע ברייטע עספּינגאָלן;
זײַן דאַמאַסקענער יאַטאַגאַן און זײַן פּאַלאַש; —
זײַן שענסטע טיגערפעל, ווו ס'הענגט זײַן פײַלנטאַש,
געפילט מיט פײַלן פון מאָנגאָלן.

זײַן טוכענע פּאָפּאָנע מיטן שאַרלאַכראַנד;
זײַן גאַנצן אוצר מיטן שאַצמײַנסטער באַנאַנד;
די לײַבוועכטער די אַלבאַנעזער;

די קעבסוויַבער די דריַ הונדערט פון זײַן סעראַיל,
די יאַגדהינט מיט די האַלדז־בראַסלעטן פון עמאַיל
און פונקען־שפּריצנדיקע נעזער.

די פראַנקען און די יידן ער פאַרשאַנקען וואָלט,
זײַן בונטן פּאַוויליאָן, אין רויט און גרין געמאָלט,
זײַן באָד מיט דילן פון מאָזאַיִק;
זײַן ציטאַדעלע מיט די טורעמס הויך און רונד;
זײַן זומערהויז, וואָס שפּיגלט זיך אין כוואַליעס־גרונט
בײַם בלויען גאָלף פון קירענאַיִק.

און אַלץ! אויך ביז צום ווײַסן פערד פאַר דעם סולטאַן,
ביז צום באַגילדעטן דמשקער געשפּאַן,
ביז צו דער שפּאַניערין אפילו,
וואָס צוגעשיקט עס האָט דער דעי אים פון אַלזשיר,
און וועלכע בײַם פאַנדאַנגאָ־טאַנץ מיט לײַכטן ריר
צעשפּרייט איר זײַדענע מאַנטילע.

נאָר נישט דער פּאַשאַ, ניין — אַ קלעפּטיונג, ברוין געלאָקט,
האָט זי געקראָגן, גאַנץ אומזיסט — ווײַל וואָס פאַרמאָגט
אַ קלעפּט אין ווילדעניש פאַרטײַעט?
אַ קלעפּט ער האָט דאָך נאָר דעם הימל אין דער הויך,
דאָס וואַסער פונעם קוואַל, זײַן ביקס געבראָנדזט פון רויך,
די בערג — און אויף די בערג די פרײַהייט!

## די דזשינען

...און ווי בוטשאַנעס, וואָס פורעמען אין דער לופט לאַנגע רייען און פליִען, קלאָגנדיק זייערע טענות, אָט אַזוי זײַנען אָנגעקומען, שלעפנדיק הינטער זיך זייערע יללות, די שאָטנס, פאַרטראָגענע דורכן שטורעם.

דאַנטע.

שטאָט. מויער
פון אָרט.
ים גרויער.
אַ פּאָרט.
קיין ווינט־שטער
קיין מינדסטער.
ס'איז פינצטער
אַלץ דאָרט.

אין דער נאַכטרו
אויפן פליין
עס דערוואַכט ווו
אַ געוויין.
ווי ס'וואָלט ווערן
דער גיהנום
ברענען, קלעמען
דאָס געביין.

די שטים נעמט קלינגען
ווי גלעקלעך העל,
ווי ס׳לאָזט זיך שפּרינגען
אַ קאַרליק שנעל.
אָט קלימפּערט העכער
ווי אויף אַ בלעך ער
און טאַנצט אַלץ פרעכער
פון וועל צו וועל.

דרייסטער און צעברויזטער
ווערט דאָס קלונג־געקלאַג,
ווי פון בייזן קלויסטער
אַ ניט־גוטער־גלאָק;
ווי געטופּ פון גײַסטער,
ווי אַ דונער קרײַזט ער,
פּלאַצט — און ווידער רײַסט ער
ס׳האַרץ מיט זײַן געגאָג.

אָ, גאָט, דער דזשינען־הויפן
קומט אָן מיט שטורעם־קלעפּ —
אָ, לאָמיר גיך אַנטלויפן
אין שוץ פון הויכן טרעפּ.
שוין נעמט מײַן לעמפּל טשאַדען
און ווילד פון באַלוסטראַדע
שפּרינגט אויף אַ ריזן־סטאַדע
פון שאָטנדיקע קעפּ.

אוי, דער דזשינען־ראַי אָט פליט ער
מיט געוואָי און ציין־געקריץ;
ס׳צינדן זיך ווי דינע ריטער
ציפּרעסביימער אָן פון היץ.
ווי אַ שוואַרצע סטאַיע ציט ער,
אַנגסט פאַרשפּרייטנדיק און ציטער,
ווי אַ כמאַרע פון געוויטער
טראָגט אין פלאַנק דעם בלאַנקן בליץ.

זיי קומען אָן! פאַרשליס די טירן!
דאָס הויז זאָל שיצן אונדז פאַר זיי!
דראַקאָנען פליִען און וואַמפּירן —
אָ, וואָסער שרעקלעכע אַרמיי!
די באַלקנס פונעם דאַך זיך רירן,
ווי גרעזער, וואָס דעם שטורעם שפּירן,
און ס׳קרעכצט די טיר אויף די שאַרנירן
און רײַסט שיער אָפּ זיך פון געשריי.

גיהנום־קול! אָט וויינט ער און אָט בילט ער!
דער גאַנצער ראַי, געיאָגט פון ווינטגעוואַלד,
אָ, הימל! אויף מײַן היים אָט איצטער צילט ער!
די מחנה ברעכט די ווענט, דער דאַך צעפאַלט,
דער בנין טרייסלט זיך פון דעם געפּילדער,
אָט נאָך אַ שטויס און ס׳וועט דער ווירבל ווילדער
אים ענלעך צו אַ בלאַט, וואָס מיט אים שפּילט ער,
אין כּף־הקל אַ שלײַדער געבן באַלד.

אָ, נביא, העלף אין נאַכט־מהומה,
אָ, בלײַב ניט צו מײַן תפילה טויב!
און קושן װעל איך הייס די שטומע
מעטשעטן־שטיינער צו דײַן לויב!
אָ, לאָז פאַר מײַנע טירן פרומע
פאַרלעשן זייער פלאַם פון טומאה,
און זאָלן זיי די נעגל קרומע
צעברעכן אין מײַן שוואַרצער שויב.

ס'איז פאַרבײַ. די בלוט־געשפּענסטער
פליִען אין אַן אַנדער זײַט;
קלאַפּן מער ניט אין מײַן פענצטער
מיט די פליגלען ווילד־פאַרשײַט.
מיט אַ קייטן־ליאַזג אַ שאַרפן
אויף די וועלדער זיי זיך וואַרפן
און מיט פײַערצונג פאַרשרפען
זיי די צעדער אין דער ווײַט.

עס לאָזט זיך קוים נאָך האָרכן
דער פליגלפאָך גאַנץ שוואַך —
ווי וואָלט פון ערגעץ שאָרכן
אין ווינט דער פאַלמען־סכך, —
ווי ס'טשירקען היישעריקן,
ציקאַדעס גרינע סיקן,
צי האָגל־שטיקער פּיקן
אויף בלײַ פון אַלטן דאַך.

מאָדנע רופן פאַלן
וויַט פון הימל־זוים; —
ווי צומאָל עס שאַלן
ערגעץ־ווו אין רוים
אויפן שטראַנד קלאַרנעטן,
הויך פון מינאַרעטן
טענער וויגן, גלעטן
ווי אַ קינדערטרוים.

דער דזשינען־וויכער,
די זין פון שרעק,
אַנטרינט אַלץ גיכער
אין נאַכט אַוועק.
מען הערט נאָך וואָיען,
אַ דומפּיק ראָיען
פון תהום דעם גראָען
צעברעכט בײַם ברעג.

אינעם נעפּל
אַלץ פאַרשווינדט.
כוואַליעס־פּרעפּל
ערגעץ רינט.
ווי אַ תפילה
נאָר אַ שטילע
בעט מחילה
פאַר אַ זינד.

נאַכט דויערט
נאָך לאַנג ;
עס הויערט
נאָך באַנג ; —
די שטימען
פאַרשווימען, —
קיין סימן,
קיין קלאַנג.

## פיר לידער פונעם בוך „האַרבסטיקע בלעטער"



צום אַטלאַס־באַרג עס האָבן איין מאָל, מלא קנאה,
געזאָגט די בערגלעך: זע אויף אונדז די לאָנקעס גרינע,
דאָס פרישע גראָז, ווו ס׳קומען מיידלעך פראַנק און פרײַ
צום זינגען, שטיפן און צו זיסער טרוימערײַ.
דער כמורנער אָקעאַן שטילט אײַן זײַן ווילדן ניגון
און קושט אונדז מילד די פיס אין שפּילעווודיקן וויגן;
און זומערדיקער פלאַם און פערלדיקער טוי
באַקרוינען אונדז דעם קאָפּ מיט בלומען רויט און בלוי.

נאָר דו, גיגאַנט, אָ, זאָג, פאַרוואָס אַן אָדלער־סטאַיע
קרײַזט שטענדיק איבער דיר אין דײַנע הייכן פרײַע?
ווער בייגט דײַן רוקן פון גראַניט אַרונטער פעסט,
ווי ס׳בייגט אַ צווײַג זיך, ווו אַ פויגל בויט זײַן נעסט?
פאַרוואָס צערײַסן שוואַרצע תהומען דײַנע שפּיצן?
און וואָסער שטורעם שלאָגט דײַן פלאַנק מיט בלאַנקע בליצן?
פאַרוואָס נאָר איז צעקנייטשט דײַן שטערן פינצטער־בייז?
באַדעקט מיט שניי, פאַרפלייצט מיט שווערן קאַלטן שווייס,
און ס׳קאָן קיין פרילינגשטראַל דײַן ווינטער ניט פאַריאָגן? —

און אַטלאַס ענטפערט זיי: ווײַל איך — אַ וועלט מוז טראָגן.



אָ, וויפל ליבע רייד און חנעוודיקע סודות
אַלינע האָט מיר אָנגעטרויט אין רויזן־חודש ;
צי האָט דאָס ווינטעלע, וואָס איז דאָרט גראָד פאַרביי,
די געטער אויסגעזאָגט די זיסע פלוידעריי ?

סעגרע.

אָ, זע דיר אָן די צוויַיג, די שוואַרצע און פאַרדאַרטע,
דער קאַלטער רעגן ווייקט איר קאָרע די פאַרשטאַרטע,
נאָר וואַרט נאָר, אַז דער ווינטער זאָל פאַרביי און שטאָלץ
אַ יונגע בלאַט וועט גרינען דורך די האַרטע קנופּן, —
און פרעגן וועסטו מיך : ווי קאָן פונאַנדערשטופּן
די צאַרטע קנאָספּ דעם שאָרסטקן שוואַרצן האָלץ ?

טאָ פרעג־זשע, טיַיערע, פאַרוואָס, אַז איך דערשפּיר נאָר,
ווי מיַין פאַרביטערטן געמיט גיט אַ באַריר נאָר
דיַין מילדער הויך, געליבטע, נאָך אַזוי פיל לייד ; —
פאַרוואָס עס הייבן מיַינע זאַפטן אָן צו יערן
און מיַין נשמה, ווי אַ בלום אין איר באַגערן,
שפּרייט אויס צו דיַינע פיס די פערזן קווייט נאָך קווייט.

וויַיל אַלץ האָט זיַין געזעץ, זיַין מזל, זיַין כוונה ;
וויַיל ס'שיַינט נאָך שוואַרצע נעכט דאָך ווידער די לבנה ;
וויַיל ס'האָט דאָך אַלץ זיַין אָפּפלייץ־ און זיַין אָנפלייץ־שעה.
וויַיל ס'איז דער בוים, וואָס וואַקסט, די שטורעמווינטן מוחל,
וויַיל נאָכן אומגליק איז געקומען מיר דיַין שמייכל,
וויַיל ווינטער איז אַוועק און ס'איז דער פרילינג דאָ !

# פּאַן

אויב זאָגט מען אײַך צומאָל: די קונסט און די פּאָעזיע
זיי זײַנען בלויז אַ שטראָם פון פראַזעס פון פּאָמפּעזע,
געררויש פון אַ המון, וואָס יעדן רום באַגלייט,
פון רײַך פאַרגילדעטע סאַלאָנען אַ גערודער,
צי גאָר אַ גראַם, וואָס זוכט זײַן קלינגעוודיקן ברודער, —
אָ, גלייבט ניט אָט די רייד!

פּאָעטן הייליקע, התפּעלותדיקע גײַסטער!
טראָגט אײַערע נשמות צו דער הייך פאַראײַזטער,
צו גלעטשער, ווו פון צפון־ווינט נאָר גרייכט דער בלאָז;
צום מדבר, ווו דער גײַסט געהיימע שטימען האָרכעט;
צו וועלדער, ווו דער האַרבסט אין געלע בלעטער שאָרכעט;
צו אָזערעס, וואָס שלאָפן אינעם מאָרגנראָז!

אַהין, ווו די נאַטור איז שיין, באַחנט און היימלעך,
ווו בלימלעך רײַסט אַ ציגעלע פון יונגע ביימלעך,
בײַ אַנטישע אַרקאַדעס זינגט אַ פּאַסטעך־קינד;
ווו ס׳פּאַשעט זיך אויף גרין־געדיכטן גראָז די סטאַדע,
און ס׳שמײַסט דעם ווײַנענדיקן פעלדז מיט דער קאַסקאַדע
אין שפּיל דער אָוונטווינט, —

ווּהין די פייגל־סטאַיעס טראָגן זיך פאַרשײַטע,
צי זאָל עס זײַן אַ ים, צי קאָנטינענטן ווײַטע,
אַן אַלטער טיפער וואַלד, וואָס אויף די פליינען טראָגט;
אַ וויסטער אינדזל, צי אַ טײַך צעווישן סקאַלעס, —
צו בערג, צום אָקעאַן, צו סטעפּעס, אָדער כוואַליעס,
צו אַלע זײַטן פונעם ברייטן האָריזאָנט; —

אָהין, צו שטעט, צו פעלדער, ווו עס וואַקסט די תבואה,
ווו ס׳טרעפן זיך די בערג צונויף אין איין שיפּוע,
ווו ס׳פאַלט אין שקיעה־שעה דער דעמבעס־שאָטן לאַנג;
ווו פּרות צײַטיקע אַיעדן צווײַג באַשווערן,
ווו ס׳טרינקט אַ פויגל פונעם טוי די טראָפּנס טרערן, —
אַהין גייט מיט געזאַנג!

אַהין, אין גרויסן וואַלד, אין טיפן טאָל געגאַנגען!
פאַראייניקט אין קאָנצערט די אָפּגעטיילטע קלאַנגען!
אָ, זוכט אין דער נאַטור, אין אַלץ און אַלע מאָל —
צי זאָל עס זײַן אין ווינטער, צי אין זומער־היצן,
אין שטילער אָוונט־שעה, צי אין געוויטער־בליצן —
דאָס וואָרט געהיימע, וואָס עס שטאַמלט יעדעס קול.

אין אַלץ איז גאָט, און די נאַטור איז זײַן יצירה,
זײַן טעמפּל, ווּעלכער לעבט, ווו אַלץ צו אים זינגט שירה,
צו אים, צום איינציקן, צום אחד, רעדט און רופט;

דאָס ווערק פון זײַנע הענט איז לויטער פרייד און שמייכל —
דער אָטעם אין דער בלום, דער שטערן אין זײַן היכל —
איז פּלאַם אַלץ אָדער דופט!

פאַרשיכורט אײַך פון אַלץ, פאַרשיכורט אײַך, פּאָעטן,
פון וואַנדערערס אַ ליד אין אַ פאַרנאַכט אַ שפּעטן,
פון טײַכלעך, לאָנקעס, בייטן אין דעם שיינעם סאָד;
פון ערשטע בלומען, וואָס אין מערץ אונדז איבערראַשן,
פון לופט, פון ליכט, פון אומרויִקן בלעטער־רעשן,
פון מאָנאָטאָנעם סקריפּען פון אַ וואָגנראָד.

דעם אָדלערס ברידער! ליבט די בערג, ווען ווילד־משונה
אַלץ העכער ברומט דער ווינט ווי אַ געשפּאַנטע סטרונע,
ווען ער צעהוליעט און צעפּײַפּט זיך דורכן רוים
און יאָגט פאַר זיך די שטיקער וואָלקן אַ פאַרקײַכטער
און בייגט די ביימער צו דער טיפעניש דער פײַכטער
בײַם ראַנד פון שוואַרצן תהום.

באַטראַכט די ריינקייט געטלעכע פון דעם באַגינען,
ווען ס׳נעמט דער נעפּל אין דער ווײַט פונאַנדעררינען;
ווען הינטער וועלדער גייט די זון אויף רויט באַקראַנצט,
פּאַמעלעך ווײַזנדיק איר אויסגעשניטן קײַלעך,
און וואַקסט און בלענדט, ווי ס׳וואָלט אויף אַ מהלך
אַ קופּאָל פון אַ פּאַלאַץ גאָלדיק דאָרט געגלאַנצט.

פאַרשיכורט אײַך אין אָוונט, ווען אין שאָטן שטומען
די לאַנדשאַפט מיט די פאָרמען אירע ווערט צעשווומען,
ווען טײַך און וועג און וואַלד פאַרשאַרט די שוואַרצע נאַכט;
ווען ס׳דוכט זיך אויס, דער באַרג — אַ ריז ליגט אויסגעצויגן
און קוקט פאַרחלומט שטיל — און אויפן עלנבויגן
ער שפאַרט זיך אָן פאַרטראַכט.

און טראָגט איר יאָ אין זיך אַ וועלט באַהאַלטן
פון בילדער לעבעדיקע, ליבלעכע געשטאַלטן,
מחשבות, ווונטשן, לײַדנשאַפט, געפילן, קראַפט, —
כדי די וועלט אין אײַער איך זאָל נעמען לעבן,
איר מוזט זי מיט דער וועלט אַרום צוזאַמענוועבן,
באַהעפטן אײַער גאַנצן גײַסט מיט אַלץ וואָס שאַפט!

ווײַל ס׳איז די קונסט די הייליקסטע אינטימע שטימע,
אַ פשוטע, אַ סודותדיקע, אַ סובלימע,
וואָס ענטפערט ווי דאָס וואַסער אויפן גרינגסטן ריר;
און טויזנטפאַכיק דער באַשאַף הייבט אָן וויברירן,
ווען אײַער האַנט די מעכטיקע נאָר נעמט באַרירן
דעם ריזיקן קלאַוויר.

## נאָכוואָרט צום בוך „האַרבסטיקע בלעטער"

אָ, גערעכטיקייט, וויין, אויב איך שטאַרב...
אַנדרע שעניע.

אַ וואָרט אַ לעצטן, פרײַנד, נאָך איידער איך פאַרמאַך
דאָס בוך, וואָס איז פאַר מיר שוין איצט אַ פרעמדע זאַך.
איך וויל קיין לויב, קיין טאַדל וועגן אים ניט וויסן, —
צי אַרט עס ווען דעם קוואַל, ווו ס׳וועט זײַן וואַסער פליסן?
און מיך, וואָס איצט אַ דרייסטער צו דער צוקונפט גייט,
וואָס אַרט עס מיך, וווהין דער ווינט פון האַרבסט פאַרוויט
אויף פליגלען אומרויִקע ווײַט אין די אין־סופן
די בלעטער פון די ביימער און דעם דיכטערס סטראָפן?

געוויס, איך בין נאָך יונג — הגם איך שוין באַמערק,
ווי דײַטלעך אויף מײַן שטערן, ווו עס שפּראָצן ווערק,
מיט יעדן טאָג אַלץ נײַע קנייטשן זיך באַווײַזן,
אַרײַנגעגראָבן דורך מײַן רעיונס אַקעראײַזן.
דער זומער האָט נאָך ניט קיין דרײַסיק מאָל ביז הײַנט
אין לעבנס־אָפּשניט, וואָס איז מיר באַשערט, געשײַנט.
און יאָר נאָך יאָר בײַ מיר, דעם קינד פון דעם יאָרהונדערט,
פאַרשווינדט אַ טעות מער, ווי איבער זיך פאַרוווּנדערט.
און איצטער ווייס איך קלאָר, וואָס ליבן איז כדאי
און בלײַב דער פרײַהייט און דעם פאָטערלאַנד געטרײַ.

איך האַס די אונטערדריקונג מיט דער גרעסטער שנאה,
און הער איך ווען פון וואָסער ס׳זאָל ניט זײַן מדינה,
ווי אונטער רוצחים־קעניגן אין אונדזער צײַט
דאָס פאָלק, וואָס מען דערמאָרדעט, רופט צו הילף און שרײַט;
ווען קריסטלעכע מלכים לאָזן צו די טערקן,
זיי זאָלן אונדזער מוטער גריכנלאַנד דערווערגן;
ווען אירלאַנד אויפן קרייץ מיט לעצטן אָטעם קרעכצט;
ווען דײַטשלאַנד אונטער פירשטן צען נאָך פרײַהייט לעכצט;
ווען ליסאַבאָן אַמאָל אַ יום־טובדיקער, שיינער
זיך שאָקלט אויף מיגועלס תליה דער געמיינער;
ווען ס׳פאַלט אַרײַן אין שלאָף לעטאַרגישן מאַדריד,
און ווין אין קייטן האַלט אויפסנײַ מילאַן פאַרשמידט;
ווען האַרט דערשטיקט דער בלוטהערצאָג מאָדענעס צאַפּל,
און ס׳פרעסט און שלאָפט און רירט זיך ניט נעאַפּל;
ווען ס׳הערשט אין קאַטאָנס לאַנד אַלבאַני איבער אַלץ,
און דרעזדען וואַרפט זיך מיט אַ פּעטליע אויפן האַלדז;
ווען עסטרײַך מיטן סצעפּטער, דורך דער שרעק פאַרגעטערט,
די פליגלען פון ווענעציעס לייב ברוטאַל צעשמעטערט;
און בעלגיעס לייבן ווי די אָקסן אונטער יאָך
די קנעכטשאַפט־סאָכע שלעפּן ווי אַ שווערן בראָך;
ווען ווילד דער צאַרישער סאַטראַפּ אין בלינדן צאָרן
די טויטע וואַרשע פאַרגעוואַלטיקט אין איר ארון,
און וויסט איר בתולה־גוף נאָך אינעם קבר שענדט,
צערײַסנדיק איר טויטנטוך מיט גראָבע הענט;

פאַרשילט איך די מלכים מיט די הייף און סוויטעס,
וואָס טרעטן זייער פאָלק מיט פערדישע קאָפּיטעס!
איך ווייס, דער דיכטער קאָן דער שופט זײַן, עס קאָן
די מוזע מיט איר מאַכט זיי צונאָגלען צום טראָן,
די קרוינען אויפן האַלדז, ווי צו די שאַנדע־קלעצער,
צו חרפּה אויסגעשטעלט אויף עפנטלעכע פּלעצער,
מיט קינס צייכן אויפן שטערן ווי אַ בראַנד,
אַרײַנגעברענט אויף אייביק דורך אַ דיכטערס האַנט!
איך ווייס: די מוזע פאַרן פאָלק האָט אַ התחייבות —
פאַרגעס איך איצט די קינדהייט און די יוגנט־תאוות,
די שלווה־לידער און דעם הייטערן געשאַל,
און גיב מײַן לירע צו אַ סטרונע פון מעטאַל!

## OCEANO NOX

אָ, וויפל דרייסטע ים־לײַט, וויפל קאַפּיטאַנען,
אַרויסגעשווומען פריילעכע אין ווײַט פון דאַנען,
זיי זײַנען אינעם כמורנעם האָריזאָנט פאַרגאַן!
אָ, וויפל זײַנען, גורל פינצטערער, פאַרשוווּנדן
אין אָנלבנהדיקע נעכט אין שוואַרצע גרונטן,
אין קאַלטן קבר פונעם בלינדן אָקעאַן!

בײַ וויפל שיפער מיט די מאַנשאַפטן צוזאַמען
דער אוראַגאַן צעשפרייט האָט אויפן דעק פון ימען
פון זייער לעבן אַלע בלעטער מיט איין בלאָז!
עס ווייסט ניט קיינער זייער סוף אין תהום דעם טיפן;
איעדע כוואַליע טראָגט אויף זיך דעם רויב פון שיפן,
אַ ברעט שלעפּט איינע מיט, די צווייטע — אַ מאַטראָס.

אָ, קיינער ווייסט ניט, וואָס עס האָט מיט אײַך געטראָפן,
איר קײַקלט זיך אַרום דורך פינצטערע אין־סופן
און קלאַפּט מיט אײַער שטערן אין אַ פרעמדן ריף.
אָ, וויפל טאַטע־מאַמעס מיט פאַרבענקטע בליקן
געשטאָרבן זײַנען, וואַרטנדיק בײַ לאַנדונגבריקן
פון טאָג צו טאָג אומזיסט אויף אײַער שיף!

מען רעדט פון אײַך צומאָל אין נאַכטוואַך אין אַ לאַנגער;
אַ חברה, זיצנדיק אויף זשאַווערדיקן אַנקער,
דערמאָנט נאָך אײַער נאָמען דעם פּאַרווישטן אָפּט
בײַם ליד, בײַם וויץ, בײַם בליק ווי אַנדערע איצט קושן
די כלות אײַערע — און איר אויף נאַסע פּליושן
פון גרינע ים־געוויקסן טיף אין אָפּגרונט שלאָפט.

מען פרעגט: צי קעניגן זיי ווו אויף אינדזלען גרינע?
צי האָבן זיי אַנטדעקט אַ שענערע מדינה?
דערנאָך ווערט אײַער זכר לאַנגזאַם אָפּגעמעקט —
דער גוף אין וואַסער און דער אָנדענק פונעם האַרצן;
די צײַט אויף יעדן שאָטן וואַרפט אַ נאָך מער שוואַרצן,
ביז טונקל פון פאַרגעס דעם ים־טונקל באַדעקט.

דער שאָטן אײַערער פאַרשווינדט פון אַלע קרײַזן —
צי האָט ניט ווער זײַן באַרקע, ווער זײַן אַקעראײַזן?
אין נעכט בלויז, ווען עס הערשט דעם שטורעמס ווילדער רעש,
עגונות עטלעכע, שוין מיד פון לאַנגן האַרן,
מיט גרויע קעפּ, דערמאָנען אײַך, בשעת זיי שאַרן
פון זייער פײַער און פון זייער האַרץ די אַש.

און וועט דער קבר־זאַמד אויך זיי דאָס אויג פאַרשיטן,
קיין שטיין אפילו וועט ניט אײַער נאָמען היטן,
קיין עכאָ אויפן קליינעם צווינטער, נישט קיין וואָרט;

אפילו ניט קיין ווערבע וועט אין אײַך דערמאָנען,
אפילו ניט אין זײַן געזאַנג דעם מאָנאָטאָנעם
אַ בעטלער בײַ דער אַלטער בריק פון פּאָרט.

ווו זײַנען זיי די ים־לײַט אין דער נאַכט פאַרהוילן?
אָ, וויפל ווייסט איר, אָפּגרונטיקע כוואַליעס, גרוילן,
וואָס יאָגן אָן אויף קני׳ענדיקע מאַמעס שרעק.
דערפון דערציילט איר אײַך, ווען מיטן אָנפלייץ נענט איר,
און אַלץ פאַרצווייפלטער איז אײַער שטים, וואָס נענטער
איר קײַקלט זיך פאַרנאַכט מיט מאַכט צו אונדזער ברעג.



כ׳וועל מאָרגן אין דער פרי, ווען ס׳ווײַסן זיך די פעלדער,
אַוועקגיין גלײַך. דו זעסט, איך ווייס, איך ווייס: דו וואַרטסט.
כ׳וועל איבער בערגלעך גיין, כ׳וועל גיין דורך גרינע וועלדער;
דו זעסט: עס קאָן ניט בלײַבן ווײַט פון דיר מײַן האַרץ.

כ׳וועל גיין. אויף מײַן געדאַנק אַראָפּגעלאָזט די אויגן,
נישט זען קיין זאַך, נישט הערן גאָרנישט, שטום, פאַרטראַכט,
אַליין, די הענט פאַרקראַמפּט, דעם רוקן אײַנגעבויגן;
אַ פרעמדער, ווען ס׳טאָג איז שוואַרצער ווי די נאַכט.

איך וועל ניט זען, ווי ס׳רינט דאָס אָונטגאָלד אַרונטער,
די זעגלען בײַ האָנפלער אויף בלויען ימען־פּלאַך.
און כ׳וועל אַנידערלייגן בלײַזקן האָלונדער
בײַם קבר דײַנעם, אײַנגעראָמט אין גרינעם סכך.

## נאַכט־נסיעה

מען פּילפּולט זיך, הקרנט, מען שרײַט און מען שטורעמט;
ס׳איז יעדע אמונה אַ גלאָקן־געטורעם;
אײן כהן צעשטערט וואָס דער אַנדערער מאַכט.
עס קלינגט יעדער טעמפּל אַרויס אין דער נאַכט
אין פינצטערן חלל שטרענג־פײַערלעך, גלייביק
אַן אַנדערן קלאַנג ווי דער גלאָק, וואָס איז אייביק.
ס׳ווייסט קיינער די הייך ניט און קיינער די טיף.
די מאַנשאַפט איז דול; ס׳פירט אַ בלינדער די שיף.
אַ האַנט פּעלט דעם מאַן, וואָס דעם רודער באַהערשט ער.
מיר זײַנען אַרויס קוים פון נאַכט פון דער ערשטער,
פון ווילדע געוואָרן באַרבאַרן און בלויז
געמאַכט פון דעם חושך אַ טריט נאָר פאָרויס
אין נעפּל, אין וועלכן מיר טרוימען און ליבן;
פון ערגסטן אַוועק, נאָר בײַם שלעכטן געבליבן, —
און שוין ברענט דער עבר די טריט אונדז און ברומט:
„בלײַבט שטיין! אויף צוריק!" נאָר סאָקראַטעס רופט: קומט!
גיין ווײַטער הייסט ישו. נאָר חכם און רבי
זיי קאָנען אין הימל אַן ענטפער זיך געבן,
צי בעסער פון גאַל איז דער טעם, צי פון סם.
דער שטן, וואָס זעט, ווי דער מענטשלעכער שטאַם

איז פֿאַלש און פֿאַרשטאָקט, בײַ דער האַנט וויל אים כאַפּן.
אַ וויסנשאַפֿט רופֿט מען — אין טונקל דאָס טאַפּן.
דער אָפּגרונט מיט ציטער זיך עפֿנט און שליסט,
אַ רגע — און אַלץ איז פֿאַרשלונגען, פֿאַרוויסט,
און וואָס ער פֿאַרשווינט האָט, עס צאַפּלט אין אויסגיין.
דאָס טאָפּלטע צאָגראָד פֿון שטענדיק פֿאַרויסגיין
צעטרעטנדיק עמעצן, עפּעס באַוועגט.
דאָס בייז קאָן זײַן פֿרייד. און דער גיפֿט ווי ער שמעקט!
פֿאַרברעך קעגן שטרענגן געזעץ תּמיד קעמפֿט ער.
עס רעדט דער קינזשאַל און די תּליה גיט ענטפֿער.
מיר הערן, מען ווייסט ניט פֿון ווו און וווהין,
דורך נאַכט און דורך הונגער געמאַטערטע זין,
פֿון טפּשות דאָס לאַכן, פֿון עלנט דאָס קרעכצן.
אַ ליליע קאָן טראַכטן? אַ שטערן קאָן לעכצן?
זאָג „יאָ” איך — זאָגסט „ניין” דו. מיר זעען אַרום
סײַ ליכט און סײַ פֿינצטערניש. אדם, בלײַב שטום!
מיר הילן אין סודות די פֿרויען און קינדער,
און שטרײַטן זיך וועגן דער צוקונפֿט דער בלינדער.
דורך היצן, דורך שנייען, חמסינען און קעלט
דער מענטש שפּרײַזט דורך אַלע קלימאַטן פֿון וועלט.
מיר שווימען אין נעפּל, דער ווינט טראָגט אָן טאָלק אים,
פֿון אונדזערע תּאוות צעיאָגט ער דעם וואָלקן.
רוסאָ זאָגט: „ער שטײַגט” און דע־מעסטר: „ער זינקט”.
נאַר, גאָט, אָט די שיף, וואָס זיך הוידעט און שפּרינגט,

און סקריפּעט אָן זעגלען און מאַסטן אויף תהומען
— אַ קײַלעך אַ שוואַרצער דורך קאָסמישע רוימען —
און טראָגט דאָס געמויזעכץ פון מענטשלעכע טעג,
זי בייגט זיך, און נייגט זיך, און שווימט זיך איר וועג.
פון שוואַרצן ראַנד הימל אַ שפּראָץ ווערט געבאָרן,
אויף שוימיקע בערג פאַלט אַ בליאַסק פון קאַיאָרן;
מיט יעדן מאָמענט — עס גענענט: יהי אור —
און שווימט מען צו זון און צו תכלית אָפּויר!

## פּאַרזייַ־צייַט

די טונקלעניש נידערט אַרונטער,
דער רעשט פון פּאַרגייִיקן בלאָ
באַלייַכט נאָך — איך זיץ און באַוווּנדער —
פון אַרבעט די לעצטע שוין שעה.

אין פעלד, וואָס די נאַכט הייבט אָן באָדן,
די שמאַטעס דערקען איך אין שייַן
פון זקן, וואָס וואַרפט אין דעם באָדן
די תבואה פון צוקונפט אַרייַן.

זייַן שוואַרצע געשטאַלט איז דערהויבן
אין ליכט, וואָס גייט לאַנגזאַם אַוועק,
מען שפירט עס, ווי שטאַרק ער מוז גלויבן
אין נוצלעכן לויף פון די טעג.

אין פליין דעם אומענדלעכן גייט ער
אָן אויפהער אַהין און אַהער,
און זשמעניע נאָך זשמעניע פאַרזייט ער...
איך זיץ בייַ דעם טויער און קלער.

בעת מיט צעבונדענעם שלייער
דער שאָטן, וואָס וועקט זיך איצט אויף,
די הייליקע טוונג פון זייער
טראָגט אויך צו די שטערן אַרויף.

פאָלק, אין גרויסן וועג באַוועג זיך!
נײַע הייך דערגרייך! פאָרויס!
לאַרווע, צו דײַן יש אַנטפּלעק זיך!
מחנה, צו לעגיאָן וואַקס אויס!
אָדלער, פלי צום ליכט צעשטראַלטן, —
נאָר די סאָוועס זיך באַהאַלטן,
ווען די העלע זון זיך ווײַזט.
גאָט אין זון מען קאָן באַשיידן;
ס׳טראָגט דער שטראַל פאַראייניקט ביידן:
גײַסט פון גאָט און מענטשנגײַסט.

ס׳האָט געדאַנק און ליכט פאַרבונדן,
הימלרונד און ערדנדנאָ;
פײַער אויבן — פרײַהייט אונטן,
מלאך דאָרט — אַפּאָסטאָל דאָ.
ס׳שאַפט האָראַציוסן און דאַנטען,
פאַרבט מיט גאָלד די רויז־געוואַנטן
און דעם כאַאָס, וואָס אונדז הילט;
ס׳שענקט די זעלבע עמעראַלדן
פאַר קאָליבריס פעדער־פאַלדן
און דראַקאָנענס שופּן־שילד.

נעמט די לויכטנדיקע וועגן,
נעמט דעם שטערנדיקן שליאַך!
גײַסט־פּאַרזייער, גייט אַנטקעגן
צוקונפט־שניטן, מוטיק, וואַך!
קנעכט פון נעכטנס אומעט־תהומען,
ברעכט אַפּויר פון טומאה־סדומען,
גייט פאַרויס, פאָרויס צום גליק!
אײַער גלאָריע די דערוואַרטע
און די עברדיקע חרפּה,
ביידע קרוינען אײַער זיג.

מענטש, שווים דורך דעם ים פון נויטן,
וואַרף אין שוים אַראָפּ די לאַסט!
לעצטן תליה־שטריק ווי קנויטן
אין לאַמטער צינד אָן פון מאַסט!
שטייג, דערקלעטער און צעשמעטער
אינעם קויט די גרוילן־געטער,
ווי אַפּאָלאָ פול מיט מוט!
די געדעכטע שווערד זאָלסט בענטשן,
ווײַל עס צירט די טריט פון מענטשן,
ווען זיי פאַרבט דער הידרעס בלוט!

## דאָס גוטע ליד

גיי, דו ליד, אין פלי אין פרײַען,
גיי צו איר און רייד:
אין מײַן האַרצן דעם געטרײַען
לײַכט אַ שטראַל פון פרייד.

יאָגט פונאַנד ווי אַ מנורה
פינצטערן געפלאָג:
אומצוטרויען, ספק, מורא —
זע, ס׳גייט אויף דער טאָג.

אָ, דו, שרעקעדיקע, שטומע,
הער דעם שמחה־קלאַנג,
ווי בײַם זונען־אויפגאַנג זומער
לאַרכן מיט געזאַנג.

פלי־זשע, איינפאַך ליד, אָן קונצן,
זאָל עס זײַן מיט גליק;
זאָל עס זײַן דאָס ליד געוווּנטשן,
דאָס וואָס קומט צוריק.

## האַרבסטגעזאַנג

מיט פידל־קלאַנג,
וואָס קלאָגט זיך לאַנג
און מאָנאָטאָנע,
דער האַרבסט, וואָס קומט,
וועקט אויף די ווונד
אין מײַן נשמה.

עס ווערגט מיך שווער,
איך וויין און הער
די שעהען שלאָגן;
און קלער פון דעם,
וואָס איז געווען
און איז פאַרטראָגן.

און איך פאַרשווינד,
געיאָגט פון ווינט
און בייזן וועטער,
פון אָרט צו אָרט,
באַלד דאָ, באַלד דאָרט,
ווי טויטע בלעטער.

## סענטימענטאַלער שמועס

אין איינזאַמען פאַרק, וואָס ליגט פראָסטיק־פאַרשטאַרט,
עס האָבן צוויי שאָטנס פאַרביי זיך געשאַרט.

די אויגן פאַרלאָשן, די לעפצן שוין פאַלבע,
עס פאַלן די ווערטער פאַרחלשטע, האַלבע.

אין פראָסטיקן פאַרק, אויף אַן איינזאַמען וועג
צוויי שאָטנס דערמאָנט האָבן נעכטיקע טעג:

— געדענקסט פון אַמאָל די התפעלות, דאָס בענקען?
— צו וואָס־זשע נאָך ווילט איר, איך זאָל עס געדענקען?

— צי קלאַפּט נאָך דײַן האַרץ, איך זאָל קומען צו גיין?
צי חלומט זיך דיר מײַן נשמה נאָך? — ניין.

— אָ, גליקלעכע צײַטן, ווען מיר האָבן טעגלעך
באַהאַפטן די ליפּן! — ווער ווייסט... עס איז מעגלעך.

— מיט האָפענונג פול האָט דער הימל געבלויט!
— דער הימל איז שוואַרץ און די האָפענונג טויט.

זיי האָבן שפּאַצירט דורך פאַרוויאַנעטע גראָזן;
די נאַכט האָט די ווערטער אין טונקל צעבלאָזן.

## אַקוואַרעל אין גרין

אָט זײַנען פּרות, בלומען, צווײַגן, בלעטער גרינע,
און אָט איז אויך מײַן האַרץ, וואָס קלאַפּט פֿאַר דיר אַליין —
צערײַס ניט מײַן געשענק מיט פֿינגער ווײַסע, דינע,
געפֿינען זאָל ער נאָר אין דײַנע אויגן חן.

איך קום נאָך גאַנץ באַדעקט מיט טוי פֿון דעם באַגינען,
וואָס ס'האָט פֿאַראײַזט אויף מײַן געזיכט דער קאַלטער ווינט;
דו זאָלסט מײַן מידן האַרץ בײַ דײַנע פֿיס פֿאַרגינען,
צו טרוימען פֿון די רגעס, ווען עס גליק געפֿינט.

דערלויב מיר, צו דײַן יונגער ברוסט מײַן קאָפּ צו נייגן,
מײַן קאָפּ, פֿון דײַנע לעצטע קושן פֿול מיט גלוסט —
דער זיסער שטורעם זאָל אין אים זיך ווידער לייגן,
איך זאָל אַ ווײַלע אײַנדרימלען, בשעת דו רוסט.



פּאָל ווערלען, געצייכנט דורך זיך גופא.

(קאָלעקציע ראַזשע וויאָלע, פּאַריז).

# אײַנדרוק

אַ זומער־אָוונט, וואָס איז ווייך און לוי און בלוי,
די סטעזשקעס צווישן קאָרן און אויף גראָז דעם לינדן,
די טריט אויף סאַמעטענעם וועג, באַדעקט מיט טוי,
דער קאָפּ, אַנטבלויזט, געבאָדן אינעם הויך פון ווינטן.

קיין וואָרט ניט, קיין געדאַנק, נאָר שפּירן, ווי ס'פאַרשווענקט
די ליבע פול דאָס האַרץ און גיט פאַר אַלץ די פאָרעם;
און גוט איז גיין ווי אַ ציגײַנער, שטיל פאַרבענקט,
און ס'רופט די נאַכט מיך, ווי אַ פרוי, אין אירע אָרעמס...

## די פאַרגאַפטע

זיי זיצן — שוואַרץ איף ווײַסן שניי אין נעפּל
פינף קינדערלעך אַ קעפּל בײַ אַ קעפּל,
די הינטנס אין אַ קרײַז;

בײַם פענצטערל, וואָס צינדט זיך אָן אַלץ העלער,
זיי קוקן, ווי דער בעקער באַקט אין קעלער
די ברויטן שווער און ווײַס.

זיי זעען, ווי עס קנעט דער דיקער אָרעם
דעם גרויען טייג און זעצט אַרײַן די פאָרעם
אין העלן לאָך, וואָס גליט.

זיי הערן, ווי געשמאַק דאָס ברויט נעמט קנאַקן;
דער בעקער, שמייכלענדיק מיט פעטע באַקן,
אַ ניגון בורטשעט מיט.

זיי קניִען, אײַנגעקאָרטשעטע און שטאַרע,
בײַם רויטן פענצטערל, וואָס שלאָגט מיט פאַרע,
און וואַרעם ווי אַ שויס.

ווען פאַרן נאַכטמאָל עמעצנס אַ שפּעטן,
ווי פּוטער־קוכן פּוכלע אויסגעקנעטן,
מען נעמט דאָס ברויט אַרויס;

ווען אונטער די פֿאַררויכערטע סופיטן
די שמעקעדיקע סקאָרינקעס זיך שיטן
און זינגען נעמט די גריל; —

ווי הייס דאָס לעבן בלאָזט דאַן דורך די קראַטעס,
אַז אונטער זייערע פֿאַרפּוילטע שמאַטעס
ברויזט אויף אַ פרייד־געפיל.

אַ נײַעם שטאַרקן לעבנס־טעם דערשפּירן
די קליינע יעזוסלעך, וואָס עלנט פרירן,
און מיט דער גאַנצער קראַפט

זיי קוועטשן צו די קליינע ראָזע שנוקן
צום קראַטע־לאָך און אַ געבעט זיי מרוקען
ווי חיהלעך פֿאַרגאַפט,

זיך ציִענדיק אַזוי מיט אַלע גלידער
צום הימל, וואָס זיך עפֿנט אונטן ווידער
מיט רויטן ליכט אַצינד,

אַז ס׳פּלאַצן זיי די הייזלעך די געשפּאַנטע
און ס׳העמדל פלאַטערט — עלעהיי אַ טראַנטע
איןווינטערדיקן ווינט.

## ראָמאַן

1

אַ יונג פון זיבעצן ער טראַכט ניט פיל אַרײַן.
אַן אָוונט — כאַפּט דער רוח ביר און לימאָנאַדע,
די קאַפּעס רוישיקע, די זשירְאַנדאָלן־שײַן! —
מען גייט אין לינדנפּאַרק אויף גרינער פּראָמענאַדע.

די לינדן דופטן גוט אין יוני אָוונטצײַט,
די לופט איז לינד אַזוי, אַז ס׳פאַלן צו די וויִעס.
דער ווינט ברענגט דעם גערויש פון שטאָט, וואָס איז ניט ווײַט,
ער שמעקט מיט ווײַנגאָרטן און שמעקט מיט ביר אַ חיות.

2

דערזעט מען אויבן הויך אַ פּיטשינק הימלשטיק,
אַ תכלת אײַנגעראָמט דורך צווײַגעלעך דורך דינע.
אַ שטערנדל אַ קליינס דערלאַנגט אַ בליץ, אַ בליק,
און רינט פונאַנדער גלײַך מיט ציטערדיקער מינע.

אַ יונג איך יוני־נאַכט!... פאַרשיכורט יעדער חוש,
דער זאַפּט שטײַגט ווי שאַמפּאַניער אויף צו די געהירן.

מען איז באַרוישט, מען שפּירט, אָט נעמט אַ צאַרטער קוש
אויף דײַנע ליפּן באַלד ווי אַ קאָמאַר וויברירן.

3

דאָס האַרץ זוכט אַ ראָמאַן; עס ראָבינזאָנט פאַרבענקט,
ווען ס׳גייט פאַרבײַ אין דעם לאַמטערן־ליכט דעם מאַטן
אַ פריילין פול מיט חן, פאַרשאָטנט אָבער שטרענג
פון מוראדיקן האַרטן קאָלנער פון איר טאַטן.

נאָר זי האָט שוין דערשפּירט, אַז דו ביסט נאָך נאַיִוו;
אויף אירע שיכעלעך, זיך וויגנדיק אין היפּן,
זי דרייט זיך אום אויף גיך און פון איר שנעלן שטיף
דאָס לײַכטע ניגונדל שטאַרבט אָפּ אויף דײַנע ליפּן.

4

און גלײַך ביסט דו פאַרליבט, פאַרקויפט מיט האַק און פּאַק,
פאַרליבט, פאַרדונגען שוין ביז סאַמע חודש אויגוסט.
די פרײַנד זיי לאַכן אויס פון דיך, פון דײַן געשמאַק, —
ביז איין מאָל אַ פאַרנאַכט פאַרשווינדט זי אָנגעברוגזט.

אין קאַפע קערסט זיך אום, צו זשיראַנדאָלן־שײַן,
באַשטעלסט דיר ווידער ביר, צי אפשר לימאָנאַדע.
אַ יונג פון זיבעצן ער קלערט ניט פיל אַרײַן,
ווען ס׳בליט די ליפּע לינד אויף גרינער פּראָמענאַדע.

## דאָס בייז

בשעת עס פּײַפּט דאָס רויטע כראַקען פון קאַנאָנען
אַ גאַנצן טאָג אין הימלס ווײַטער בלויער פּראַכט;
און לעבן קעניג, וואָס רק לאַכט, די באַטאַליאָנען,
צי פּורפּורנע, צי גרינע, פאַלן אין דער שלאַכט;

בשעת אַ ווילדע משוגעת נעמט אַלץ פאַרשיטן
און מאַכט אַ קופּע מיסט פון הונדערט טויזנט מאַן,
אין יום־טוב דײַנעם, אָ, נאַטור, אין סאַמע מיטן
פון זומער־פרייד, געפאַלן אויפן גרינעם לאַן —

איז דאָ אַ גאָט, וואָס שפּילט זיך דאַן מיט אַטלעס־שטאָפן,
מיט בעכער גילדענע און קטורת בײַם אַלטאַר,
וואָס הייבט בײַ דעם הושיע־נא גאָר אָן צו שלאָפן;

און כאַפּט זיך דערמאָלט אויף, ווען מאַמעס פול מיט צער,
די קעפ אין שוואַרצע הײַבלעך, וויינענדיק, אָן לשון,
אים ברענגען זייער לעצטן אָפּגעשפּאָרטן גראָשן.

## דער דרימלער אין טאָל

אין פרישן גרינס פון לאָנקע, ווו דאָס טײַכל מונטער
מיט זילבער־סטענגעס, שפּילנדיק, דעם לאַן באַזוימט;
ווו גליִיק שײַנט די זון פון שטאָלצן באַרג אַרונטער, —
אין קליינעם טאָל, פון הייסע שטראַלן איבערשוימט,

אַ יונגער זעלנער ליגט אין גראָז, דאָס מויל האַלב אָפן,
דער נאַקן טיף אין בלויען קרעס, וואָס וואַקסט געדיכט;
ער ליגט אַן אומבאַוועגלעכער אין פעסטן שלאָפן,
אַ בלאַסער אויף זײַן גרינעם בעט, פאַרפלייצט פון ליכט.

די פיס אויף איריס־בלומען, מיט אַ שמייכל רוט ער,
אַ קינד אַ שוואַכס אַזאַ, וואָס חלומט פון זײַן מוטער. —
דערוואַרעם אים, נאַטור, ער פרירט אין הייסער צײַט.

ער שפּירט ניט מער די זיסע ריחות פונעם זומער;
ער שלאָפט אין זון; די האַנט ליגט אויף דער ברוסט דער שטומער.
ער האָט צוויי רויטע לעכער אין דער רעכטער זײַט.

## אין „גרינעם שענק"

פינף אַזייגער נאָכמיטאָג.

כ'האָב אַכט מעת־לעתן לאַנג די שטיוול מיר געריסן
אויף שטיינער פונעם וועג — ביז אין שאַרלערואַ
מיט פוטערברויט און שינקע כ'האָב באַשטעלט אַ ביסן
אין „גרינעם שענק", פאַרנאַכט, אין מיטן פון הו־האַ.

כ'האָב אויסגעשטרעקט די פיס בײַם טיש פון ברעטער גרינע,
באַטראַכט די צייכענונג נאַיִווע פון טאַפּעט.
אַ מויד מיט ריזן־בוזעם און פאַרשײַטער מינע
— פון יענעם מין וואָס האָט ניט מורא פאַר אַ גלעט —

אַרײַן איז — אָך ווי גוט! — זי האָט געבראַכט מיט לאַכן
אויף בלאָען טעלער אַלע די געשמאַקע זאַכן:
דאָס ברויט, די פוטער און די שינקע ווײַס און ראָז,

באַהויכט מיט קנאָבלדופט וואָס קיצלט לײַכט די נאָז,
און אָנגעפילט אַ גרויסע קופלע ביר ביז אויבן,
וואָס ס'האָט אַ שפּעטער שטראַל פאַרגילדעט דורך די שויבן.

## די פֿאַרשײַטע מויד

אין ברוינעם עסצימער, ווו ס׳שוועבט אַ דופּט געדיכט
פֿון פֿרישן לאַק און פּרות, כ׳האָב געשמאַק געגעסן
כ׳געדענק ניט מער וואָס פֿאַר אַ בעלגישן געריכט;
אין ברייטן פֿאָטערשטול געלענט, כ׳האָב אַלץ פֿאַרגעסן,

געהערט דעם זייגער בלויז און אָנגעקוקט מײַן גלאָז.
ווען פּלוצעם האָט געטאָן אַ וואַרעם בלאָז פֿון קיכל;
די דינסטמויד איז אַרײַן, איך ווייס ניט צוליב וואָס
קאָקעט פֿאַרקעמט און האַלב פֿאַרשאַרט פֿון ברוסט דאָס טיכל —

און מיטן קליינעם פֿינגערל פֿאַרשײַט אַ ווײַז
געגעבן אויף איר באַק, אַ פּערסיק ראָז און ווײַס,
און מאַכנדיק אַ זיסע תּנועה מיטן פּיסקל,

גערוקט די טעלער כלומרשט, ס׳זאָל מיר זײַן באַקוועם,
נאָר ווענלדיק געוויס אַ קוש — גאַנץ שטיל נאָך דעם:
„אָ, זע, צי האָב איך ניט די באַק פֿאַרקילט אַ ביסקל?!“

# דער אַלמער

אַן אַלטער אַלמער פון געשניצטן דעמב דאָ שטייט.
ער האָט דעם אויסזען פון אַ גוטהאַרציקן זקן.
ער שטייט אַן אָפּענער. און פון זײַן ווינקל ווייט
דער דופט פון אַלטע ווײַנען מיט אַ פרײַנדלעך לאָקן.

מיט אַלטוואַרג פול: פאַרפּאַלבטע שמעקעדיקע וועש,
פאַרגעלטע אַלטע שפּיצן, קרעלן, שפּולן תכלת,
צעווישן טישטעכער אַ וואַרעמפּלאַש פון מעש,
מיט פאַוועס אויסגענייטע באָבעשע פאַטשיילעס.

און בלאָנדע האָר מיט בילדעלעך אין מעדאַליאָן,
אַ בלום אַ טרוקענע, אַ לײדיקער פלאַקאָן;
און ס׳מישט זיך אויס דער דופט פון פרוכט און פון פּאַפּירן...

אָ, וויפל, אַלטער אַלמער, דו דערציילן לעכצסט,
ווען דו מיט אָנגעשטרענגטן אָנמאַכטיקן קרעכץ
פאַמעלעך עפנסט דײַנע גרויסע שוואַרצע טירן!

## מײַן ציגײַנער־לעבן

איך האָב געשפּרײַזט, די הענט אין קעשענעס וואָס פּלאַצן;
מײַן מאַנטל אויך געוואָרן איז אַן אידעאַל.
געשפּרײַזט און רק געטרוימט, אָ, מוזע, דײַן וואַסאַל,
פון אײַ־אײַ־אײַ וואָס פאַר אַ ליבעס אין פּאַלאַצן!

אַ ייִנגל־פינגערל, מיט הויזן דורכגעלעכערט,
האָב איך געשאָטן אויפן וועג בײַ יעדן קער
אַ גראַם. מײַן קרעטשמע איז געווען בײַם גרויסן בער.
די שטערן האָבן רוישנדיק מיר צוגעפּעכערט.

און איך — זיך צוגעהערט, אין ראָוו בײַם שליאַך געזעצט,
דער טוי פון די סעפּטעמבער־נעכט האָט מיר באַנעצט
די שלייפן ווי מיט ווײַן, און מיך פאַרשיכורט קענטלעך,

ווען גראַמענדיק אין מיט פון שאָטן־טאַנץ — פלעג איך
ווי לירע־סטרונעס אָנציִען פון מײַנע שיך,
מיר פּעסט צום האַרצן דריקנדיק אַ פוס, די בענדלעך!

## מײַנע קלײנע געליבטע

הידראַנטן פון טרערן שײַערן
די הימלען גרין װי קרױט;
דער בױם ער גאַװערט אױף אײַערע
קאַלאַשן אין קױט.

פון לבנות אױסטערליש־בלײכע
אַ ליכט אַ רונדלעכס רינט;
טאָ קלאַפּט מיט די שטיװעלעך הײכע,
מײַן מױדן־געזינט!

מיר האָבן זיך האַלט געהאַט זײער,
געדענקסט, מײַן בלױע מױד.
געגעסן רק שיטערע אײער
און פײגלמילך־ברױט.

דו האָסט מיך מיט רום פון פּאָעטן
געזאַלבט, מײַן בלאָנדע מױד.
איך װיל אױף מײַן שױס דיך פאַרבעטן
און שמײַסן האַלבטױט!

כ׳האָב אָפּגעלעקט דיר פון טשופּרינע
די פאַרב, דו שװאַרצע מױד;

ווילסט אָפּרײַסן מײַן מאַנדאָלינע,
אין שטערן געבויט.

אָ פּע, דער פּאַרטריקנטער גאַוועער
פון אונדז, דו רויטע מויד,
צעפּרעסט אָט אַזוי ווי אַ זשאַוועער
דײַן בוזעם און הויט!

אָ, טײַערע מײַנע פאַרליבטע,
ווי האָס איך, האָס אײַך וויסט!
פאַרפּלאָנטערט אין קנייטשן פאַרקניפּטע
די מיאוסע בריסט!

צעטראַמפּלט די אַלטינקע שיסלען
פון גאָר מײַן סענטימענט;
אָ, זײַט באַלערינעס אַ ביסל
פאַר בלויז אַ מאָמענט!

דאָס שולטערבלאַט ווערט דערבײַ קאַליע,
געליבטע, לאָם און קרום!
מיט שטערן אויף בראָכיקער טאַליע
נאָר דרייט זיך אַרום!

צי אָט פאַר די דאָזיקע נאַקנס
די גראַמען כ׳האָב געזיפּט?

איך וויל איַיך די זײַטן צעהאַקן
פאַר האָבן געליבט!

אָ, שטערנדלעך נודנע, פאַרפושטע,
אין ווינקלען שנעל אַרײַן!
און פגרן וועט איר פאַרקושטע
נאָך שענדלעכן זײַן!

פון אונטער לבנות די בלייכע,
ווו ליכט אַ רונדלעכס רינט,
קלאַפּט צו מיט די שטיוועלעך הייכע,
מײַן מוידן־געזינט!

## די הענט פֿון זשאַן־מאַרי

זשאַן־מאַרי האָט הענט ווי מענער,
טונקל־ברוין פֿון זון געגאַרבט.
זײַנען דאָס די בלאַסע טענער
פֿון זשואַנאַ, ווען זי שטאַרבט?

האָבן זיי אין זומפּ פֿון גלוסטן
אויסגעשעפּט דעם ברוינעם שליים?
הייס צו די לבֿנה־ברוסטן
צוגעטוליעט זיך געהיים?

אונטער הימלען פֿון באַרבאַרן
רונד און רויִק זיך געזונט?
ערגעץ־ווו געדרייט ציגאַרן,
דימענטן געבראַכט פֿון גרונט?

אין די פֿלאַמען פֿון מאַדאָנעס
איז פֿאַרוויאָנעט זייער קראַנץ?
אײַנגעזאַפּט פֿון בעלאַדאָנעס
אין די דלאָניעס סם און גלאַנץ?

צי געיאָגט די פליגן־ראַיען
בײַ דער בלום, וואָס האָניק טריפט?
אין פרימאָרגנדיקע בלאָען
אָפגעזײַט אַ מאָדנעם גיפט?

טאָ פאַרכאַפּט האָט וואָס זיי עפּעס,
וואָסער חלום־גליוועט שטאַר?
טרוים פון אַזיעס טערפקע סטעפעס,
ציונס בערג, צי קענגאַוואַר?

ניט בײַ געטער ברוין געוואָרן,
ניט געהאַנדלט אויפן מאַרק,
ניט געשווענקט בײַ קימפּעטאָרינס
ווינדעלעך אַ נאַסן באַרג.

ניט קיין פריילין־הענט קיין שמאָלע,
ניט פון פויערטעס די הויט,
ניט בײַם רויך פון פעך און סמאָלע
האָט אַ זון פאַרברענט זיי רויט.

הענט, וואָס קאָנען אַלץ צעדריקן,
נאָר זיי טוען ניט קיין בייז —
ווי מאַשינען און ווי ביקן
גורלדיק און גוט און הייס.

ווי אַ קאַלכאויוון צעגליטער
דער באַריר פון זיי פאַרבריט;
מאַרסעליעזעס זייער ציטער,
ניט קיין הללויה־ליד!

ס׳וועט איַיך נאָך ביַים גאָרגל פּאַקן,
בייזע ווײַבער, ריַיך און שיין!
איַיך די אַדלהענט צעהאַקן
אויסגעכאָליעט און געמיין!

נאָר די הענט פון זשאַן־מאַריַיען
ליבע ביַי די שאָף דערוועקט;
און די זון אין רויטן גליַיען
מיט רובינען זיי באַדעקט.

ברוינלעך ווי אַ ברוסט פון נעכטן
דער המון האָט זיי באַמאָלט;
אָט די הענט, וואָס אין געפעכטן
שטאָלץ געקושט האָט דער רעוואָלט!

בלאַסער ווערן זיי און שאַרפער,
ווען די זון צעשטראַלטער איז,
אויפן בראַנדז פון קוילנוואַרפער
אין בונטאַרישן פּאַריז.

אָ, געהייליקטע געלענקען,
זשאַן־מאַריַעס הענט פון פרייד,
וואָס נאָך זיי מיר שיכור בענקען —
זעט, ווי ס׳שרײַבט פון זיי די קייט!

וואָסער שוידער, וואָסער צאַפּל,
ווען מיר זעען, ווי מען נעמט
טראָפּן נאָך אַ טראָפּן צאַפּן
בלוט פון זשאַן מאַריַעס הענט!




אַרטור רעמבאָ, געצייכנט דורך פּאָל ווערלען, יוני 1872.
די צושריפט אונטן רעכטס הייסט: „אויס דעם זכרון״.

## די שיכורע שיף

ווען איבער גלײַכגילטיקע טײַכן כ׳האָב געוואָגלט,
מיט איין מאָל זײַנען מײַנע שיף־שלעפערס אַוועק.
אינדיאַנער האָבן, שרײַענדיק, זיי צוגענאָגלט
צו אָפּגעמאָלטע סלופעס, נאַקעט, פאַזע ברעג.

נאָר וואָס האָט מיך געאַרט דער עקיפאַזש, וואָס האָט ער?
דער ווייץ פון פלאַנדערן צי ענגלאַנדס וואָלגעשפין...
פון שיפער־טומל ווי נאָר כ׳בין געוואָרן פטור,
געטראָגן האָט דער טײַך מיך איצט — אַלץ איינס וווּהין.

געשווּמען צווישן וואַסערס הילכיק־ווילדן וואָיען
בין איך אַ ווינטער לאַנג, אַ קינד צו אַלצדינג טויב,
און ס׳האָבן טריומפירנדיקע תוהו־בוהון
געטריבן האַלבאינדזלען ווי זיגערישן רויב.

אין ים האָט מיך געבענטשט דער שטורעם. איבער טיפן
געוויגט האָב איך זיך ווי אַ קאָריק אָן געוויכט;
געטאַנצט אויף כוואַליעס, קברים פון אַזוי פיל שיפן,
אַ צען מעת־לעת אָן וווּנק און פונק פון נאַריש ליכט.

נאָך מילדער ווי בײַם קינד דער זאַפט פון עפּל גרינע
אַרײַן איז אין מײַן שיף דאָס וואַסער גרין און זיס;
מיך אָפּגעוואַשן פונעם בלויען ווײַן און סלינע,
דעם שטײַער און די אַנקער־קייט דערלאַנגט אַ ריס.

פון איצטער אָן כ׳האָב אין דער ימיקער פּאָעמע
אין מילך פון שוים און שטערן זיך געבאָדן פרײַ;
געשלונגען גרינג דעם גרין, ווו בלאַסער ווי אַ סכעמע
עס שווימט צומאָל דאָרט אַ פאַרטראַכטער מת פאַרבײַ;

ווו פלוצעם פאַרבנדיק דעם בלאָ פון דער יצירה,
דורך פיבערס, ריטמען רינענדיק אין היץ פון טאָג,
נאָך שאַרפער ווי דער ספּירט, נאָך שטאַרקער ווי די לירע,
דער פּורפּור ביטערער פון ליבע גיט אַ שלאָג.

איך קען די הימלען מיט די בלאַנקע בליצן אויבן,
די שטראָמען קאָכיקע; איך קען די אָוונט־שעה;
די מאָרגנשײַן פאַרדבקהט ווי אַ טשאַטע טויבן;
איך האָב געזען צומאָל וואָס נאָר מען גלייבט, ס׳איז דאָ.

געזען: די טיפע זון אין פּיאָלעט פאַרפראָרן,
פאַרגליווערטע אין פאַסן פול מיט קאַלטער גרויל;
און אָנקומען פון ווײַט ווי אַנטישע אַקטיאָרן
די לאַנגע פאַליעס מיט צעצויגענעם געהויל.

געטרוימט: אַ גרינע נאַכט מיט בלענדיק־ווײַסע אײַזבערג,
אַ קוש פֿאַמעלעכן אויף וויִעס פֿון אַ וועל;
פֿון אויסטערלישע זאַפֿטן אייביקלעכן קרײַזווערק,
פֿון פֿאָספֿאָר וואָס דערוואַכט אין פּראַכט פֿון בלאָ און געל.

געהאָרכט: חדשים פֿולע אוראַגאַנען־אַריעס
ווי דולע קי, וואָס ברומען דומפּיק פֿונעם גרונט;
געוואַרט: מיט פֿיס מיט ליכטיקע צי וועלן מאַריעס
פֿאַרמאַכן קאָנען דעם אוקינוס׳ וויסטן שלונד.

באַרירט: צי ווייסט איר וואָס? פֿלאָרידעס, ווונדער ממש —
וווּ ס׳שפּראָצט אַ בלום מיט מענטשנהויט און לעמפּערטאויג;
וווּ ס׳פֿאַשען זיך אין רעגן־בויגנס אונטער־ימיש
די אַלגן־טשערעדעס אויף טאָלעקעס פֿון רויג.

געזען: ווי ס׳יוירט דער זומפּ, ווי לאַנגזאַם אַ לוויתן
פֿאַרפֿוילט אין ריזנגעץ פֿון אַיִר אין אַטאָל;
ווי ס׳האָבן די מרחקים זיך אַרײַנגעגאָסן
אין שטייענדיקן וואַסער מיט אַ דונערס קול.

און גלעטשערס, זילבערזונען, פּערלמוטער־גלאַנצן;
און שיפֿסקעלעטן אײַנגעזונקען טיף אין בוכט,
וווּ דיקע שלאַנגען, אויפֿגעפֿרעסענע דורך וואַנצן,
פֿון קרומע ביימער פֿאַלן ווי אַ שוואַרצע פֿרוכט.

איך וואָלט געוואָלט פֿאַר קינדער ווײַזן אָט די גראַדן,
די פֿיש די גאָלדענע, די זינגענדיקע פֿיש.
אויף שוימען בלומיקע אָן ציל דאָס נע־ונדן;
דעם ווינט, וואָס פֿלעגט דערנאָך דערוואַכן מונטער, פֿריש.

פֿאַרמאַטערט אָפֿט פֿון פּאָלוסן, קלימאַטן, זאָנעס,
פֿלעגט אויפֿשטײַגן דער ים מיט ווײנענדיקן ליד,
מעדוזעס שענקען מיר און געלע אַנעמאָנעס;
און איך פֿלעג בלײַבן עלעהיי אַ פֿרוי וואָס קניט,

כמעט אַן אינדזל, וואָס זיך שאָקלט גאַנץ פֿאַרשאָטן
פֿון פֿייגלמיסט, געשריי און פֿליגלשן געפּאָך;
און הינטערווײַלעכץ פֿלעגן שלאָפֿן גיין אין שאָטן
דערטרונקענע דורך מיר ווי דורך אַ פֿוסטער לאָך...

נאָר א י ך — אַ שיף פֿאַרפּלאָנטערט אין די האָר פֿון גאָלפֿן,
געיאָגט דורך ווינט אין עטער, ווו מען גאָרניט זעט,
וואָס קיין פֿרעגאַט, קיין האַנזאַ־פּלאָט וואָלט ניט געהאָלפֿן
צו ראַטעווען דעם כוואַליעס־שיכורן סקעלעט;

אַ פֿרײַער, מיט לילאָווע זעגלען פֿון טומאַנען,
אַ וואַנט וואָס לעכערט דורך דעם הימל הויך און רויט,
וואָס ברענגט פֿאַר דיכטער נייע אײדעלע מעדנים:
לישײַניקעס פֿון שײַן און תּכלתדיקע קויט;

וואָס שפּרינגט, געשפּרענקלט פון עלעקטרישע סעגמענטן,
אַ דולע ברעט, באַגלייט פון ים־פערד אַ טאַבון,
ווען יוליס ברעכן אויס מיט דונערדיקע פּרענטן
פון גראַנאַטענעם האָריזאָנט די הייסע זון;

וואָס ציטערט אויף, ווען דער געברום פאַר פּופּציק מײַלן
פון נילפערד צי פון מאַלשטראָם־אָפּגרונטן זיך הערט;
וואָס פלעגט אין אַלע בלאָע אומבאַוועגן אײַלן,
— איך בענק איצט נאָך אייראָפּע, נאָך דער ענגער ערד!

איך האָב געזען: אַרכיפּעלאַגן ליגן אָפן,
ווו פיבערדיק דער הימל זיך אויפסנײַ באַשאַפט;
— נאָר שיקסטו ניט צו מיר פון דײַנע נעכט, אין שלאָפן,
מיליאָנען גאָלדפייגל — אָ, קומענדיקע קראַפט!

צו פיל געוויינט! צו פיל! מיך פּײַניקט דער באַגינען,
די זון איז גאַל פאַר מיר, און די לבנה — סם!
די ליבע ביטערע צעיוירט אוןליימט מײַן זינען...
טאָ זינק, מײַן שיף! מיט מיר צוזאַם! פאַרשלינג אונדז, ים!

נאָר אויב אייראָפּע — זאָל עס זײַן אַן איינציק וואַסער:
צעווישן טאָג און נאַכט אַ לוזשע קאַלט און שוואַרץ,
ווו ס׳לאָזט אַוועק אַן עלנט קינד בײַ שײַן דער בלאַסער
אַ שיפל פון פּאַפּיר, אַ פלאַטערל אַ צאַרטס.

געבאָדן אין דער בענקעניש פון אײַך, אָ, ימען,
איך קאָן ניט פירן מער קיין באַנוול און קיין שטריק,
ניט גריסן פענער גאַווהשע און אָריפלאַמען,
ניט שווימען אונטער ליכט, וואָס שרעקט מיך פון אַ בריק!

## וואָקאַלן

אַ שוואַרץ, ע ווײַס, אי רויט, או גרין, אָ בלוי — וואָקאַלן!
כ'וועל זאָגן, ווו אײַערע באַשאַפונג־כוחות ליגן:
אַ: באַהאָרטער, גלאַנציק־שוואַרצער גאַרטל פליגן
רעשט אַרום אַן עיפוש; בוכט, ווו שאָטנס פאַלן.

ע: געצעלטן הערע, נעפּלען, גרעזער־וויגן;
בלענד פון גלעטשער, ווײַסע קעניגן, קינזשאַלן.
אי: געלעכטער גרימיק צי אין תשובה־קוואַלן
צישט פון שיינע ליפּן; בלוטשפּריץ; פּורפּור־זיגן.

או: אין גרינע ימען שאַפּונג־צוקן, ציקלען,
רו פון קנייטשן, וואָס אַ פאָרשער־קאָפּ אומוויקלען;
רו פון לאָנען, ברום פון סטאַדעס, שלווה־שאַל.

אָ: געקרוױנטער שופר פול מיט שאַרפע שטימען;
שטילקייטן, ווו וועלטן און מלאכים שווימען;
אָ, אָמעגאַ, אויג מיט פיִאָלעטן שטראַל!

# גליק

אָ, שלעסער, אָ, יאָרן,
איז עמעצער אָן אַ חסרון?

אָ, שלעסער, אָ, יאָרן,

די מאַגיע אויסשטודירט איך האָב
פון גליק, וואָס קיינער ווענדט ניט אָפּ.

טאָ לעבן זאָל ער, ווען זיך ברייט
דער האָן דער גאַלישער צעקרייט.

נאָר איך, איך שטרעב צו גאָרנישט מער,
מיט גאָר מײַן לעבן פירט אָן — ער,

דער כּישוף איצט — מיט גײַסט און גוף,
פאַריאָגט מײַן מי, פאַרכאַפּט מײַן רוף.

ווער זאָל מײַן וואָרט פאַרשטיין אַצינד?
עס פליט און טראָגט זיך און אַנטרינט!

אָ, שלעסער, אָ, יאָרן!

## דער גלאָקן־קלינגער

בעת דער גלאָק קלינגט העל אַרויס אין קלאָרן הימל
אין דורכזיכטיקער לופט, ווו נײַ דער טאָג דערוואַכט,
און אויפגעשטאַן אין דופט פון מיענטע און פון קימל,
דאָס קינד לכבוד אים אַ מאָרגן־ברכה מאַכט; —

צום גלאָקן־קלינגער, וואָס די סאָוועס וועקט פון דרימל
און פרעפּלט זײַן לאַטײַן און הוידעט זיך פאַרשמאַכט
אויף שווערן שטיין, וואָס הענגט אַראָפּ פון שטריק פול שימל,
דערגייט געקלימפּער נאָר ווי פון אַ פוסטער שאַכט.

איך בין ווי אָט דער מאַן. אוי וויי, אין נעכט פול צאַפּל
איך צי אומזיסט דעם שטריק און קלינג דעם אידעאַל;
עס פלאַטערן אַרום בלויז קאַלטע זינד אַ שלל,

און ס׳גרייכט דער קלונג צו מיר נאָר שוואַך ווי אַ געפּלאַפּל.
נאָר איין מאָל מיד, אָ, שטן, מיד און מאַט פון אַלץ,
כ׳וועל אָנבינדן אין שטריק אַנשטאָט דעם שטיין — מײַן האַלדז.

דאָס לײַב איז אומעטיק; געלייענט אַלע ביכער;
אָ, נאָר אַוועק! ווי פייגל שיכורע, וואָס גיכער
צעווישן הימל זײַן און אומבאַקאַנטן שוים.
עס האַלט ניט אָפּ מײַן האַרץ, וואָס שטרעבט צום ימען־רוים,
דער אַלטער גאָרטן, אין די אויגן אָפּגעשפּיגלט;
נישט — נעכט! פון לאָמפּנליכט פון איינזאַמען דער עיגול
אויף ליידיקן פּאַפּיר, דורך ריינעם ווײַס געשיצט,
און ניט די יונגע פרוי, וואָס שטיל בײַם וויגל זיצט.
איך וויל אַוועק, אַוועק! אָ, שיף, צעוויג זיך מאַסטיק
און שווים צו אַ נאַטור פון פרעמדקייט און פאַנטאַסטיק!

פון פאַלשער האָפענונג פאַרצווייפלט דער פאַרדרוס
ער וואַרט נאָך אויף די טאַשנטיכערס ווײַסן גרוס.
נאָר אפשר רופן שוין די מאַסטן דאָס געוויטער,
באַשערט צו זינקען מיט דער שיף אין לעצטן ציטער!
צעשטערט, אָן זעגלען, ווײַט פון אינדזלען גרין צעבליט...
נאָר האָרך, מײַן האַרץ, האָרך צו זיך צום מאַטראָסן־ליד!

*

איך שליס מײַן בוך, ווען איך צום נאָמען פּאַפּאָס קום;
אָ, וואָסער תּענוג מיטן גײַסט נאָר אויסצוקלויבן
אַן אָרט אַ חרובן, וואָס טויזנט שוימען לויבן
אין ווײַטן היַאַצינט פּאַר זײַנע טעג פון רום.

זאָל קומען איצט די קעלט מיט אירע סערפּן שטום,
איך וועל מײַן קול אין הוילן קלאָגליד ניט דערהויבן,
ווען אויפן באָדן וועט דאָס ווײַסע שפּיל באַרויבן
די גלאָריע פון אַ פֿאַלשער לאַנדשאַפט אומעטום.

מײַן הונגער, וועלכן קיין שום פּרות דאָ ניט שטילן,
אין זייער אָפּזײַן וויסיקן אַ טעם נעמט פילן:
דעם אָפּגלאַנץ פון אַ מענטשנלײַב, וואָס שמעקט און בלאַנקט.

און טראַכט איך דעמאָלט לאַנג, פֿאַרזונקען אין כוונה, —
דעם פוס אויף דעם קאַמין, ווו אונדזער ליבע צאַנקט —
ווי ס'האָט איר ברוסט פֿאַרברענט אַמאָל די אַמאַזאָנע.



דער בתולה׳שער, דער לעבנספּולער, שיינער הײַנט
מיט פליגלפּאָך פאַרשיכורטן וועט ער צערײַסן
די האַרטע אָזערע, וואָס אין פאַרגליווער ווײַסן
דורך גלעטשער פון געשמידטע פלי׳ענישן שײַנט?

אַ שוואַן געדענקט, ווי שטאָלץ ער איז געווען צוערשט,
נאָר האָט אָן האָפענונג זיך גופא בלויז באַצוווּנגען,
ווײַל ער דאָס לעבנסלאַנד האָט דעמאָלט ניט באַזונגען,
ווען ס׳האָט עקרהדיק דער ווינטערגײַסט געהערשט.

אין ווײַסער גסיסה שטויסט ער מיטן האַלדז דעם שטאַרקן,
און טרייסלט אָפּ דעם רוים, נאָר ניט די גרויל פון קרקע,
ווו זײַן געפעדער תמיד פעסטער פרירט אים צו.

געשפּענסט, פון דעם אַרום דער שטראַליק־העלער קערן,
פאַרשטאַרט ער אינעם ביטול־טרוים פון קאַלטער רו,
ווי ס׳טראָגט אים נע־ונד אָן ציל דער שוואַן־געשטערן.



**סטעפאַן מאַלאַרמע,**
**געצייכנט דורך פּאָל ווערלען.**
(לויט דער זאַמלונג „הײַנטיקע פּאָעטן״,
פֿאַרלאַג פּיער סעגער).

## דאָס ליד פֿונעם דאָרפֿנאַר

איר קאָנט מיט קולי־קולות שרײַען צו דער ערד
און רײַסן קברים.
קיין איין מאָל ניט און קיינער ניט פֿון די נפֿטרים
וועט האָבן אײַער קלאָגן ווען געהערט.

זיי זײַנען טאַקע אויף אַן אמת טויט די טויטע,
אָט די, וואָס פֿלעגן אַקערן אַמאָל דאָס פּרוכפּעריקע פֿעלד,
זיי זײַנען הײַנט אַן אומגעהוירער הויפֿן טויטע,
שוין לאַנג פֿאַרפֿוילטע אין פֿיר עקן פֿון דער וועלט,
די טויטע.

עס זײַנען דעמאָלט האַרן איבער שטעט געווען די פֿעלדער;
דער הכנעה־גײַסט דער זעלבער
געבויגן האָט די רוקנס אומעטום צו דינען;
און קיינער האָט זיך ניט צו זען געריכט,
ווי ס'וועלן פֿעסט אַרומנעמען דאָס אָוונטליכט
מיט ווילדע מאוימדיקע אָרעמס די מאַשינען.

איר קאָנט מיט קולי־קולות שרײַען צו דער ערד,
דאָס מויל אויף קברים.
אָט די, וואָס דעמאָלט זײַנען זיי געווען נפֿטרים,
זיי זײַנען הײַנט ביז סאַמע גרונט פֿון ערד
שוין טויטע.

## די וואָס גייען אַוועק

אַ טריט שלעפּנדיק הינטער אַ טריט,
די שטערנס שווער, די הערצער מיד,
אין וויַיטן וועג אין אָוונט־שעה
עס גייט אַוועק דאָס פאָלק פון דאָ,
פון ווינט געניערט, פון רעגן זאַט,
פון נאַסן נעפּל מיד און מאַט.

דאָס פאָלק פון דאָ האָט גאָרנישט מיט נישט,
עס זעט פאַר זיך נאָר פּוסט און וויסט
דעם שליאַך, וואָס ציט זיך אָן אַ סוף.
און איטלעכער טראָגט אויף אַ לאַנגן שטאַנג
אין זייַנעם אַ טיכל מיט בלויען קאַנט,
אין זייַנעם אַ טיכל מיט ברייטע נעט —
און בייַט אָפּ דעם אַקסל און בייַט אָפּ די האַנט,
און טראָגט דאָס אַלטע ברודנע גרעט
פון לאַנג שוין אָפּגעהאָפּטע טעג.

דאָס פאָלק פון דאָ עס גייט אַוועק —
אָן סוף, אָן עק זיך ציט דער וועג.

בייַם טויטן וואַלד די קרעטשמע שטאַרט,
די קרעטשמע, ווו דאָס פרעמדע וואָרט,

די שטשורעס שפּילן אויף די דילן
און די מײַז.
די קרעטשמע פּרירט, די פענצטער בלינד,
די ווענט פאַרשימלט, שוואַרץ און שוואַך,
מיט קרומען קאָלטעוואַטן דאַך,
און שטעקט אַרויס דעם פײַכטן שילד,
אַן אָפּגענאָגטן ביין דעם ווינט.

פּחדניש איז דאָס פאָלק פון דאָ;
עס צלמט זיך אין שווערער שעה
און ציטערט.
דאָס פאָלק פון דאָ טראָגט אינעם האַרץ
צוויי האָלאָוועשקעס קאַלט און שוואַרץ,
אַ האָלאָוועשקעס־קרייץ אָן פלאַם.

פּחדניש איז דאָס פאָלק פון דאָ;
קיין ליכט איז אויף זײַנע אַלטאַרן נישטאָ,
פאַרוועפּט פון זײַן ווײַרעך איז לאַנג שוין דער טעם;
און נאָר אין נישעס, ווו קיינער ניט קומט,
נאָך וואַלגערט אַ רויז זיך אַרום און עס שטומט
אַ קריסטוס פון פאַבריקן גיפּס.

דאָס פאָלק פון דאָ פאַרן שאָטן האָט מורא אין פעלד,
פאַר אייגענע סטאַוון, לבנה־באַהעלט,
פאַר פייגלשע פגירות בײַ עמעצענס פירהויז;
דאָס פאָלק פון דאָ האָט מורא פאַר זיך און פאַר לײַט.

דאָס פאָלק פון דאָ איז אומגעשיקט,
דער מוח טעמפּ, דער קאָפּ געדריקט,
הגם עקשנותדיק דער קאַרק;
עס לעבט פאַרשלאָסן, קליינלעך, קאַרג,
און רעכנט אויף די פּרוטות בלויז
זײַן נעבעכדיקן דלות אויס.

מיט זייער קאַץ, מיט זייער הונט,
מיט זייער פויגל אין דער שטײַג,
מיט אַלערלעצטן לעבנסגרונד:
דעם צער פאַרטרינקן, דעם כעס פאַרשווײַג, —
די פיס פאַרוואונדט, דאָס האַרץ פאַרגרעבט,
דאָס פאָלק פון דאָ זיך לאַנגזאַם שלעפּט,
פון היים און לאַנד עס גייט אַוועק
אין אָוונט אין דעם אין־סוף־וועג.

די מאַמעס ציִען בײַ זייערע קליידער
די כאָפּטע קינדער, וואָס מעקעט כסדר,
געטרייסלט, זיך טרייסלט אַהין און אַהער.
די אַלטע פינטלען שווער מיטן בליק
צום לעצטן מאָל נאָך אויף צוריק
אויף אָט־דעם ווינקל גרויע ערד,
פון רעגן און פון ווינט צעשטערט,
פון קעלט פאַרצערט.

און הינטער זיי די פערמע־קנעכט,
די אָרעמס ווי אַ שטריקגעפלעכט,
אָן שטאָלץ, אָן מוט, אָן קלענסטן דראַנג
צו דעם, וואָס איז פאַרגאַנגען לאַנג,
צום גליק, וואָס איז אַמאָל געווען;
אָן כוח אין די פינגער צען
אַ פויסט צו בײַלן קעגן נויט
און קעגן צאָרן פונעם טויט.

דאָס פאָלק פון דאָרף, דאָס פאָלק פון דאָ
טרינקט אויס זײַן אומגליק ביזן דנאָ.

און זייערע פורן, זייערע וואָגנס
זיך טרייסלען פון סאַמע דער פרי אויף די וועגן,
צעברעכנדיק בײַ יעדן רוק
די ביינער שפּיציקע פון ברוק.
אויף עטלעכע, דאַרע אַזוי ווי סקעלעטן
עס קלימפּערן בלעכיק אָרום אַמולעטן
אויף הויכע האָלאָבליעס ווי שטאַרציקע ריפּן;
געשרײַיִק די אַנדערע קריצן און סקריפּען
אַזוי ווי די עמערס אין ברינעמער־טיפן;
און עטלעכע טראָגן לאַמטערנעס, ווי שיפן.

די פערדלעך מיד,
בײַ יעדן טריט

טרייסלען די ברעטער פון זייער געביין;
דער פורמאַן ער קאָרטשעט זיך שיער מיט געוויין;
און וואַרפט — ווי משוגע מיט דולער העוויה
צומאָל אין דער ווײַט אַ פאַרמאַטערטן שטיין
דאָרט ערגעץ־וווהין, ווו עס פליט ווי דער גורל
אַ שוואַרצע וואָראָנישע סטאַיע.

דאָס פאָלק פון דאָ — אַזוי ווי שאָף —
זײַן נויט איז סובל ביז צום סוף.

און די סטאַדעס, דאַר און טרוקן,
שלעפּן זיך דורך זאַמד און ליים,
און עס פּײַפּט אויף זייער רוקן
און עס טרײַבט זיי פון דער היים
די בײַטש פון הונגערנויט און טויט.
באַראַנעס שטרויכלען מיד אויף יעדן שטיין אַ קרומען;
די אָקסן, שפּירנדיק די מיתה, ברומען;
די קי, געשוואָלענע, בײַם ראַנד פון וועג,
מיט אייטערס שלאַבעריק ווי פּוסטע זעק;
און אייזלען קרעציקע, אין וועמענס זײַטן
די פּגירה ענגט זיך אָן אין ווילדן רײַטן.

אַזוי אָט פּי און פאָלק מאַרשירט
אַוועק אין אַלטן וועג.

וואָס זיי דורך נאַכט און עלנט פירט
אַרום דער וועלט אָן ברעג.
פון וואַנען קומען זיי נאָר, זאָגט,
דורך גורל וואָסערן געיאָגט ?
דורך דערפער, פעלדער אָן אַ סוף,
און נאָר בית־עלמינס פאַרן שלאָף.
אַלץ גייענדיק, אַלץ שפּרײַזנדיק,
פאַרקניפּלענדיק, פאַרקרײַזנדיק
די וועגן קרום און שוואַרץ און לאַנג.
אין ווינטער, זומער, פרילינג, האַרבסט,
און תמיד מיד זיי וואַנדערן,
און תמיד אויף אַ נײַעם גאַנג
פון איין אָן־סוף צום אַנדערן.

בעת שוין דאָרטן, אין דער ווײַטן, הויך,
פון אונטער פעטע הימלען, פול מיט רויך,
מיט שווערן שטערן ווי אַ תבור־באַרג,
מיט שוואַרצע מײַלער און מיט רויטן הויך,
עס הויערט, צײַענדיק דאָס פאָלק פון פליין
מיט ליכט, וואָס ביז אין טיפסטן חושך דרינגט אַראָפּ עס ;
אין גיפּס, אין קאַלך, אין שטאָל, אין גאָלד, אין שטיין,
די שטאָט —
אַ טויזנט־אָרעמדיקער ריזיקער
אָקטאָפּוס.

## דער אויפשטאַנד

די גאַס אין אַ גיכן געווירבל פון טריט,
פון רוקנס, און פלייצעס, און אָרעמס — זי פליט,
זי טראָגט זיך מיט גרימיקן וואָיען,
אַרויף צו דער שעה פון שגעון,
אין וועלכער עס שמעלצט זיך איר צאָרן, וואָס זידט,
צונויף מיטן האַס, מיטן רוף, מיטן האָפן דערוואַכטן;
די גאַס, וואָס אין שקיעה־גאָלד גליט,
די גאַס, וואָס איז מעכטיק און רויט
אין פורפורנעם תהום פון פאַרנאַכטן.

דער טויט,
דער גאַנצער שטייט אויף אין דעם שטורעמגלאָקס ברומען;
דער גאַנצער אָנצאָליקער טויט
פון חלום אין וואָר איז געקומען, —
מיט קאָסעס און שווערדן און קעפּ אויף די שטענגלעך פון פּיקעס
ווי בלוטיק־פאַרשניטענע בלומען.

פון שווערע קאַנאָנען דער הוסט,
דער דומפּיקער ברום פון טשוהונענער ברוסט,
אַן איינציקער ציילט נאָך דעם זיפץ פון דער שעה.
עס לײַכטן קיין זייגערס ניט מער אויף די גאַסן

דורך שאַרפע און שפּיציקע שטיינער צעבראָכן,
די אויגן פון שטאָט זײַנען בלינד, אויסגעשטאָכן.
נישטאָ מער קיין צײַט, וואָס מען מעסט,
פאַר הערצער, וואָס זײַנען אַנטשלאָסן און פעסט,
פון הונגער־געטריבענע מאַסן.

דער גרימצאָרן איז מיט אַ מעכטיקן רוק
אַרויס פונעם באָדן מיט קאָכיקער גבורה,
דער גרימצאָרן איז מיט אַ פלאַמיקער צורה
אַרויף אויף דער שטיינערנער גרודע פון ברוק.
דער גרימצאָרן האָט מיט געוואַלד אַזאַ שפּרונג
מאוימדיק־אײַליק געגעבן,
אַז ס׳ווערט אין דער איינציקער רגע פון שווונג
מקוים יאָרהונדערטער־שטרעבן.

דאָס אַלץ, וואָס אַ חלום אַמאָל איז געווען,
וואָס דרייסטעסטע אויגן נאָר האָבן געזען
אין טונקעלער צוקונפט ערשט שטײַגן;
וואָס אײדעלע הערצער נאָר האָבן דערוואַרט,
וואָס דורשטיקע בליקן נאָר האָבן געגאַרט,
דאָס אַלץ, וואָס אין מענטשהייט־פּאַרזיי איז אין שווײַגן
פאַרשטומט און פאַרשלאָסן געשלאָפן, —
ווערט וואָר אין די טויזנטער אָרעמס מיט וואָפן
פון מאַסן, וואָס וועקן דורך האַסן דאָס האָפן.

דער בלוטיקער יום־טוב שפּרייט אויס זײַן נצחון
דורך אימה צו פרײדיקע פּאָנען, וואָס פּאָכן;
די מענטשן מאַרשירן פֿאַרשיכורטע, רויטע,
די מענטשן מאַרשירן אַריבער די טויטע;
די זעלנער אין קופּערנע העלמען זיך פֿרעגן,
ווער איז דאָ געזעגנט אינעם נײַעם געפֿעכט,
מיד צו געהאָרכן, צו שלאָגן זיך קעגן
דעם ריזיקן פֿאָלק, וואָס קיין קויל האַלט ניט אָפּ,
וואָס וויל, אַז באַקרוינען זאָל ענדלעך זײַן קאָפּ
דאָס בלוטיקע גאָלד פֿונעם זיגער־דערפֿאָלג.

אין הרגענען — שאַפֿן, פֿאַרייִנגען!
ווי ס׳איז די נאַטור אומגעזעטיקט, אַרײַן
אין ציל מיט די ציין און אים צווינגען
אין טאָג פֿונעם גרויסן שגעון!
דערהרגענען אָדער אַ קרבן פֿון בויען,
פֿון וועבן דאָס לעבן צו זײַן!
אָט ברענען די הײַזער, די בריקן, די סקלאַדן,
אויף טונקעלן נאַכט־פֿאָן מיט בלוטיקע רויטע פֿאַסאַדן,
און שפּיגלען זיך אָפּ ביז צום דנאָ פֿון קאַנאַל אַזוי מעכטיק און הויך,
צעצונדן פֿון אויבן ביז אונטן אין פֿלאַמען און רויך;
גיגאַנטישע טורעמס, באַגאָלדט פֿון דער זײַט דורכן פֿלאַקער,
צעשנײַדן מיט ריזיקע שאָטנס די שטאָט אין דער ווײַט ווי אַן אַקער;
די אָרעמס פֿון פֿײַער צעעפֿענען זייערע הענט צום פֿאַרניכטן,

צעשיטנדיק גליזיקע פאַקלען אין טונקל געדיכטן,
און ס׳רײַסן די בראַנדיקע דעכער זיך אויף און זיך טראָגן
אַרויף אויסער זיך צו די וואָלקנס אין ווילדן משוגענעם יאָגן.

מען שיסט דאָרט כסדר. אַ זאַלפּ...

דער טויט אויף געניטעם מעכאַנישן אופן
מיט גיכן געווער, וואָס קנאַלט טרוקן און שאַרף,
בײַם מויער פון ראָג גיט אַ וואַרף
אין בלוטיקע לוזשעס אַ הויפן
פאַרגליווערטע קערפּערס, משונה־פאַרשטאַרטע, אין רייען;
אַ שטומקייט פון בלײַ נעמט אַרום און דערשטיקט די געשרייען;
די מתים, צעלעכערט דורך קוילן, האַלב־נאַקעטע, וואַלגערן זיך
אויף די גאַסן,
דער גוף אַ צעריסענער און אַ פאַרשוועכטער;
און ס׳מאַכט פון פאַנטאַסטישן פײַער דער אָפּשײַן — פון זייערע
לעצטע גרימאַסן,
פון לעצטן געשריי אַ פאַרקראַמפּעטן, ווילדן געלעכטער.

דער שטורעמגלאָק אײַלט זיך, פאַרקײַכט זיך און וויגט זיך,
אַזוי ווי אַ האַרץ אינעם קאַמף;
נאָר אָפּט ווערט אַזוי ווי אַ שטים, וואָס דערשטיקט זיך,
אַ גלאָק, וואָס האָט אָקערשט פאַרעקשנט געברומט,
אין טורעם, פאַרכאַפּט פונעם פײַער־געשטורעם,
פאַרשטומט.

ווּ ס׳האָבן פון גאָלדענע אוצרות די שררות
געהאַלטן די שטאָט אין אַן אײַזערנעם צוים,
צעטראַמפּלט איר דראַנג און צעטראָטן איר טרוים,
פֿאַרשפּאַרט דעם המונישן כוח אין נאָרעס, —
דאָרט נעמען בײַ גאווהדיק־אַלטע פּאַלאַצן
די שלעסער פון דעמבענע טויערן פּלאַצן;
מען ברעכט אָפּ די פּודיקע בראָנדזענע ריגלען;
מען זעצט אויס די טירן, מען רײַסט אָפּ די זיגלען;
עס שיטן אַרויס זיך פון שטאָלענע שרענק
פּאַפּירן, געזעצן, חשבונות פון בענק;
אָט לעקט זיי מיט בראַנדיקער צונג שוין אַ פֿאַקל,
פֿאַרשרפֿעט פון עבר דעם שוואַרצן סך־הכל;
אין קעלערס, אויף ביידעמער ברעכט מען און ברענט;
און גופים, געשלײַדערט פון הויכע באַלקאָנען,
זיי כאַפּן די לופט מיט צעוואָרפענע הענט.

אין קירכעס די שויבן צעשמעטערט;
די אַלטע מאַדאָנעס, נאָך אָקערשט פֿאַרגעטערט,
איצט ליגן צעריסן, אַזוי ווי דורך שטורעם דער שטרויענער
דאַך פון אַ כאַטע;
אַ קריסטוס, אָנבלוטיק, געשפּענסטערדיק, שטאַר,
צעשניטן אויף פּאַסן, אַזוי ווי אַ הילצערנע שמאַטע
נאָך הענגט אויפן נאָגל דעם לעצטן פון קרייץ בײַם אַלטאַר.
די הייליקע זאַלבן צעגאָסן; די וואַקסענע ליכטער פֿאַרלאָשן;

די קדושים־סטאַטועס באַשפּיגן;
און אומעטום ליגן,
אַזוי ווי אַ שניי — די אָבלאַטעס צעשאָטן,
דורך הונדערטער צאָרניקע שטיוול צעטראָטן.

די טײַערע שטיינער פון מאָרד און צעשטערן
צעגלימערן אונטערן אויג פון די שטערן,
די שטאָט לויכט אַ גאַנצע אין גלאַנץ —
אַ גאָלדענער ריז אין אַ פלאַמיקן קראַנץ;
די שטאָט פון פאַרנאַכטיקן דנאָ צו דעם ווײַטן און טונקעלן רוים
שטרעקט אויס איר צעפינקלטע פײַער־אומגאַרטלטע קרוין;
דער כעס איבערשוימטער, דער דראַנג איבערפולטער
זיי קנעטן דאָס לעבן אין ריזיקן מולטער,
אַזוי, אַז עס ציטערט צומאָל אויף די ערד
און ס׳ברענען די ווײַטן;
און ס׳ווירבלט דער רויך, וואָס צעבושעוועט קערט
דעם הימל פון אַלע פיר זײַטן.

אין דערהרגענען — שאַף! און אין שטאַרבן — באַנײַ!
זיג אָדער פאַל, נאָר פאַרייַנגער, באַפרײַ!
עפן אויף, צי צעברעך אין דער טיר זיך די פויסט!
ווײַל גרין אָדער רויט איז דער פרילינג־געברויז, —
נאָר אַ כוח איז דאָ, וואָס באַוועגט און וואָס שטויסט,
דער כוח, וואָס קײַכנדיק, גורלדיק, גרויס,
דורך יאָרהונדערטער פירט אונדז — פאָרויס!

# דער בית־עולם בײַם ים

דער שטילער דאַך, ווו טויבן לאַנגזאַם גייען,
ער ציטערט צווישן פּיניען, קברים־רייען;
גערעכטער מיטנטאָג זײַן פלאַם דאָרט צינדט.
דער ים, דער ים, וואָס שטענדיק הייבט זיך נײַ אָן!
אָ, ד י באַלוינונג נאָך אַ טיפן רעיון —
אַ לאַנגער בליק אויף געטער־רו אַצינד.

ווי ריין פאַראַרבעטן די פײַנע בליצן
די דימענטן פון דינעם שוים, וואָס שפּריצן,
און וועלכע שלווה שײַנט פאַרשפּרייט אין רוים!
ווען ס'נעמט דער תהום די זון אין זײַנע רינגען,
די ריינע ווערק פון אייביקע באַדינגען,
ווערט גלאַנץ די צײַט און וויסנשאַפט דער טרוים.

מינערוועס טעמפּל, אוצר רײַך פון דויער,
פון רו אַ מאַסע, פון באַטראַכט אַ טויער;
געשטרענגע ברעם פון וואַסער; אויג, וואָס וואַך
אַ שלל פון שלאָף היט הינטער פלאַמען־מיניען;
אָ, שטילקייט מײַנע, מײַן נשמה־בנין
מיט טויזנטציגלדיק פאַרגילדטן דאַך.

פון צײַט דער טעמפּל, וואָס איין זיפץ איז כולל;
צום ריינעם אָרט, געווונטשן שוין, בין איך עולה,
מײַן ים־בליק רינגלט מיך פון אומעטום.
און גלײַך מײַן העכסטן קרבן פאַר די געטער
צעזייט דער פרידלעך־פינקלדיקער עטער
אַ ביטול מלכותדיק אויף אַלץ אַרום.

ווי פרוכט, וואָס שמעלצט, צעגייט אין דעם געניסן,
פאַרוואַנדלט איר פאַרשווינד אין תענוג זיסן
אין מויל, ווו אירע פאָרמען גייען אויס, —
מײַן צוקונפטיקן רויך דאָ בין איך טועם,
און ס'זינגט צו דער נשמה אין צעטויען
דער הימל וועגן ברעג, וואָס ווערט גערויש.

אָ, זע, איך בײַט זיך, שיינער, עכטער הימל,
נאָך לאַנגער גאווה, נאָך אַזוי פיל דרימל
פון מאָדנעם גאָרנישט־טאָן, נאָר פול מיט קראַפט,
האָב א י ך דעם רוים פול שײַן זיך אָנגעבאָטן;
אויף מתים־שטיבלעך שאַרט זיך שוואַרץ מײַן שאָטן
און צוימט מיך, שוועבנדיק פאַרבײַ, אָן האַפט.

מײַן גײַסט אין מאַכט פון מיטנזומער־פאַקלען,
האַלט א י ך דיך אויס אָן ציטערניש און וואַקלען,
געריכט פון ליכט, וואָס פון קיין גנאָד ניט ווייסט.

איך גיב דיך ריין אָפּ צו דײַן אָרט דעם ערשטן,
אָ, זע זיך אָן... נאָר שענקען ליכט באַהערשטן
אַ העלפּט פון שאָטן מיטצוגעבן הייסט.

פאַר מיר, בײַ מיר, אין מיר וויל איך פאַרנעמען —
צום האַרצן נאָנט, בײַם קוואַל פון מײַן פּאָעמע,
צעווישן גאָרניט־זײַן און ריינעם זײַן —
דעם עכאָ פון מײַן אינזיכישער גדולה,
אַ ברונעם ברומיק־טונקעלער און פולער,
פון וואַנען ס׳קלינגט אין עתיד פּוסט אַרײַן.

צי ווייסטו, ווי אין בלעטערוואַרג געפאַנגען,
דער גאָלף, וואָס צערט פון צוים די דינע שטאַנגען,
און שליסט מײַן בליק מיט גלאַנץ פון סודות־שעה,
וואָס שלעפּט מיך פאַר אַ גוף צום פוילן שטאַרבן?
וואָס ציט אים צו דער ערד דאָ פאַר אַ שאַרבן?
אַ פונק פון די, וואָס זײַנען מער ניטאָ.

פאַרמאַכט, געהייליקט, ברענענדיק אָן חומר,
אַ שטיקל ערד, פון הייסן ליכט אַ שומר,
געפעלט מיר אָט דאָס אָרט, באַהערשט פון פלאַם,
אין גאָלד און שטיין און טונקלדיקע ביימער;
אויף שאָטנס ציטערן די מירמל־שטיינער;
אויף מײַנע קבֿרים שלאָפט געטרײַ דער ים.

די הונט פול פּראַכט! פּאַריאָג דעם גען וואָס האָסט דיך!
ווען איינזאַם מיטן שמייכל פון אַ פּאַסטעך
איך פיר אַרום די שעפּעלעך פול סוד,
מײַן ווײַסע טשערעדע מצבות פּאַשען,
האַלט ווײַט פון מיר דעם גײַסט פון איבערראַשן,
די קלוגע טויבן און מלאכים־שפּאַט!

אַהערגעקומען איז די צוקונפט פוילקייט;
דער שרץ קראַצט פון טריקעניש די הוילקייט;
ס'איז אַלץ פאַרברענט, צעלאָזט אין לופט און קרײַזט
צעמישט אין עפּעס אַזאַ שטרענגן עיקר;
ווי ברייט דאָס לעבן איז, פון ניט־זײַן שיכור,
און זיס ווערט ביטערניש און קלאָר דער גײַסט.

די טויטע רוען גוט אויפן בית־עולם,
וואָס וואַרעמט זיי און טריקנט זיי פאַרהוילן.
דער מיטנטאָג דאָ אויבן, אָן אַ ריר,
אין זיך זיך טראַכט און איז פאַר זיך באַלוינונג...
אַ שלמותדיקער קאָפּ און העכסטע קרוינונג —
נאָר א י ך — בין די פאַרענדערונג אין דיר.

דו האָסט נאָר מ י ך דײַן אַנגסט אין זיך צו טראָגן;
די ספקות מײַנע, די חרטה־פּלאָגן
זיי זײַנען אויף דײַן דימענטשטיין דער פלעק. —

אין זייער נאַכט נאָר, מירמלדיק באַפּעסטיקט,
אַ שאָטנפאַלק, וואָס ביי די וואָרצלען נעסטיקט,
פּאַמעלעך אויף דיין זייט גייט גאַנץ אַוועק.

זיי ווערן אויס אין אָפּזיין דעם געדיכטן;
דער רויטער ליים זאַפּט איין די ווייסע שיכטן;
די לעבנסקראַפט זי רינט אין בלומען איצט.
ווו זיינען זיי די רייד פון די נפטרים,
די קונסט פון זיי, די איינמאָליקע פאָרעם?
די לאַרווע שפּינט, ווו ס׳האָט די טרער געשפּריצט.

דער פויגל־אויפשריי פון אַ מיידלס צניעות,
די ציין, די אויגן, די באַפּייכטע וויִעס,
די שיינע ברוסט, סיי גלייִק און סיי קיל;
דאָס בלוט אויף ליפּן אין אַ קוש פול בענקען,
די פינגער, וואָס זיך ווערן פאַרן שענקען, —
אַראָפּ אַלץ אונטער דרערד אין זעלבן שפּיל.

צי האָפּסטו, גרויסע זעל, זיך צו פאַרוויגן
אין טרוימען אפשר אָן קאָליר פון ליגן,
אין וועלכן גאָלד און כוואַליע אַלץ דאָ פאַרבט?
וועסט זינגען, ווען דו ווערסט צעהויכט אין בלאָ זיין?
געִנוג! אַלץ שווינדט! און שוין צערינט מיין דאָזיין,
דער אומרו הייליקער — אויך ער, ער שטאַרבט.

אומשטאַרביקייט, מיט שוואַרץ־פאַרגילדטער טאָרבע,
די דאַרע טרייסטעריך, באַפּוצט מיט לאָרבער,
וואָס אויך פון טויט אַ מוטערשויס גאָר מאַכט.
דער שיינער שקר און דער פרומער פלוידער,
ווער קען אים ניט און שטויסט ניט אָפּ מיט שוידער
דעם פוסטן שאַרבן, וועלכער אייביק לאַכט.

איר טיפּע אבות, קעפּ, וואָס ליגן ליידיק,
פון קופּעס ערד פאַרשאָטענע אויף אייביק,
איר זײַט דער שטויב, וואָס אונדזער טריט פאַרווישט.
דער וואָרעם, ועמען קיינער איז ניט גובר,
איז נישט פאַר אײַך, וואָס שלאָפט אין אײַער קבר, —
ער לעבט פון לעבן און פאַרלאָזט מיך נישט!

צו מיר די ליבע, צי די שנאה איז עס?
זײַן צאָן מיך נאָגט אַזוי אין אַלע וויזיעס,
אַז יעדער נאָמען קאָן אים פּאַסן גוט.
ער זעט, ער וויל, ער איז דער אַלץ־באַוועגער,
אים שמעקט מײַן לײַב און ביז אויף מײַן געלעגער
געהער איך אים און נער אים מיט מײַן בלוט.

אָ, זענאָן, אכזר, איז עס דײַן נצחון?
צי האָסטו מיט דײַן פײַל מיך דורכגעשטאָכן,
וואָס זשומט, וויברירט און פליט, און פליט ניט פאָרט?

דער קלאַנג באַוועגט מיך, נאָר דער פּלי אָן ציל איז;
די זון... דער שילדקרויט־שאָטן אויף אַכילעס:
די זעל וואָס לויפט און רירט זיך ניט פון אָרט.

ניין! ניין! שטיי אויף! אין נאָכאַנאַנדער־ווערן
צעברעך, מײַן גוף, די מויער פון דײַן קלערן;
טרינק אויס, מײַן ברוסט, דעם ווינט, וואָס קומט פון ווײַט!
דער פרישער הויך פון ים מײַן גײַסט מאַכט מונטער,
דער כוח זאַלציקער... אָ, טונק זיך אונטער
אין ים, וואָס שטויסט צום לעבן און באַנײַט!

יאָ, גרויסער ים מיט ברויזנדיקע פליגלען,
פּאַנטערן־פעל, כלאַמידע, ווו זיך שפּיגלען
מיליאָסן זונען־געצן אינעם פּײַכט.
פאַרשיכורט פון דײַן בלויען לײַב, וואָס שטרעקט זיך,
דו הידרע מעכטיקע, וואָס בײַסט אין עק זיך,
אין דונער־ליאַרעם, וואָס צו שטילקייט גלײַכט.

דער ווינט דערוואַכט... מען דאַרף פּרובירן לעבן;
דער לופטהויך מישט מײַן בוך אין ראַשן שוועבן;
די וועל שפּרינגט אָפּ פון פעלדז צעשטויבט, צעפּליקט.
אָ. פליט אַוועק, איר זײַטן פול התפּעלות,
צעטראָגט דעם שטילן דאַך, דערפרייטע כוואַליעס,
דעם דאַך, ווו ס׳האָבן פּאָקזעגלען געפּיקט.



**גיִאָם אַפּאָלינער, געצייכנט אין 1905**
**דורך מאַקס זשאַקאָב.**
(לויט דער זאַמלונג „הײַנטיקע פּאָעטן“,
פאַרלאַג פּיער סעגער).

## איך האָרך

איך האָרך דעם רויש פון שטאָט־געווימל
געפּאַנגען זיץ איך אײַנגעקלעמט
און כ׳זע אַרום אַ קאַלטן הימל
פון הוילע שטומע תּפֿיסה־ווענט

דער טאָג פאַרגייט ס׳ווערט אָנגעצונדן
אַ קליינער לאָמפּ אין תּפֿיסה־צעל
מיר בלײַבן ביידע דאָ געבונדן
מײַן ליבער שכל שיין און העל.

## פּאָסטקאַרטל

איך שרײַב דיר אונטערן געצעלט
דער זומערטאָג ער ליגט אין שטאַרבן
נאָר בונט און גלאַנציק זיך צעהעלט
אויף הימלס מאַטע בלאַסע פאַרבן
קאַנאָנען־פײַער אין דעם בלאָ
פאַרוועלקט נאָך איידער ער איז דאָ.

## דער ראַק

אָ וואַקלענישן תּענוג מײַן
צוזאַם מיר גייען אָן שום אײַלעכץ
אַזוי ווי ראַקעס שטיל און פֿײַן
אויף הינטערווײַלעכץ הינטערווײַלעכץ.

## די גלאָקן

אָ הער דעם גלאָקנקלאַנג פאַרנעם
ציגײַנער מײַנער ליבער שײנער
מיר האָבן זיך געליבט מיט ברען
געמיינט אַז ניט געזען האָט קיינער

אוי ווײ עס האָט זיך אַלץ אַנטפּלעקט
די הויכע גלאָקן פון דער ווײַטן
פון טורעמס האָבן אונדז אַנטדעקט
און גלײַך דערציילט פאַר אַלע לײַטן

שוין מאָרגן וועלן קיפּריאַן
אַנרי מאַרי און קאַטערינע
די בעקערקע פון דאָרף איר מאַן
און אויך גערטרודע מײַן קוזינע

צעשמייכלען זיך ווו איך וועל זײַן
און איך וועל שטיין אַ צונטעררויטע
דו וועסט זײַן ווײַט — פון לויטער פּײַן
כ׳וועל אפשר ליגן באַלד אַ טויטע.

*

איך זינג אויף אָפּנאַרן פון צײַט דעם בייזן זייגער,
מיט צוואַנציקערליי טאָן;
און מײַד דעריבער אויס פון צוגעווינטן שטייגער
דעם אײַזיקן פּאַסאָן.

עס טויג ניט, אַז דער רום געווינטשאַפט זאָל באַקרוינען,
ווען ס׳איז דער קאָפּ שוין גרוי;
מען דאַרף, דאָס האַרץ זאָל איבער לאַנגער ליבע שטוינען,
ווען זי איז קורץ אַזוי.

אָט דעמאָלט שטענדיק יונג און פרײַ פון אַלע פּרײַזן,
דאָס בוך נאָר בײַ דער זײַט,
די אַלע שפּילן, טענץ און קונצן קאָן מען ווײַזן
פון קומענדיקער צײַט.

דעריבער שרעקט דער טויט מיך טאַקע און קאַפּויער:
ער ווינקט מיר ליבלעך צו,
אַ גרויסע שטימע, וואָס מיר מורמלט אינעם אויער:
געדענק מײַן ראַנדעווו;

לאָז אַלע לײַט אַװעקגײן, לאָז דעם װײַן פֿאַרשטראָמען,
לאָז צומאַכן די טיר,
באַגראָבן לאָז דײַן טױטן גוף; איך בין דער נאָמען
דער געטלעכער פֿון דיר.

*

עס דריקט אויף מיר די גאָלדלאַסט פון מוזייאומס אויסגעפּוצטע,
די אומגעהוירע שיף אָט דאָ.
אויף וויפל מעכטיקער ווי אָט די מײַלער אָפּגענוצטע
עס רעדט דאָס ווערק פון פּיקאַסאָ.

איך זע דאָרט, ווי עס שוועבן אין די צימערן די זאַכן,
צומאָל צו קליין, צומאָל צו גרויס,
און ווי אַזוי די ליבע מישט די טיף־געבויטע פלאַכן
פון מײַלער און פון לײַבער אויס.

די מוזעס האָבן מיטגעפירט אין זייער טאַנץ דעם מאָלער
און האָבן אים זײַן האַנט געבענטשט,
אַז דעם באַשאַפס אומאָרדענונג די וווּנדערלעכע זאָל ער
פאַרבײַטן דורך דער אָרדענונג פון מענטש.

## אַ ביז גאָר ווינטיקע עצה

דער שלעפֿער טאָר ניט ריידן וואָס ער טרוימט כּסדר.
די מיידלעך צופּן גרײַלעך העגער אָפּ וואָס שפּעט
פֿאַרוווּנדעטע פֿון האַרבסט פֿאַרוויקלען זיך אין קליידער
נאָך פֿאַרביקערע ווי די האָמערס פֿון קראָקעט.

דער עיקר שווײַג, צי איז אַזוי עס, צי אַזוי עס;
אָמבעסטן טאָן ווי וואָלט מען גאָרניט זיך געקענט.
ווײַל גייסטו נאָר אַרויס פֿון חלום על פּי טעות,
זיי וועלן דיך אַ נעם טאָן תּיכּף אין די הענט.

טאָ מײַד פֿון האַרבסט־פֿאַרברעכנס אויס די גאַנצע סבֿיבֿה,
שטעל אָן דײַן רעגן־בויגן אין אַן אַנדער זײַט;
די מיידלעך טאַנצן מיט די מענער די נאַיִווע
וואָס שפּרינגען אין די אָרעמס גרויזאַמע פֿאַרשײַט.

אָ, שלעפֿער, וואַרט אויף מיר בײַם בוים, ווו טרוימען בלי̇ען,
(אַבי עס שלעפֿערט דער אָרקעסטער מיך בלויז אײַן)
אַבי צו דיר מיט יידע פּיס זיך אויסצוצי̇ען,
ווי ס׳ציט זיך אויפֿן ים אויס די לבֿנה־שײַן.



אָ, זײַט מיר מוחל מוזעס מײַנע קריזיסן און בונטן
ס׳פּאַסירט אַז איך ווער מיד פֿון צײַט צו צײַט
און קלײַב אויף שלעכט דאָס בלוט וואָס טריפֿט פֿון מײַנע טיפֿע ווונדן
פֿון האַרץ וואָס איר מיט די נײַן מעסערס אײַערע צעשנײַדט

די ליבע אײַערע מיך קרוינט מיט ברענענדיקן דאָרן
צי וועל איך זען ווי ער פֿאַרלעשט זיך גלײַך ?
די פּײַן וואָס ס׳האָט דער גורל מיר באַשערט בײַ מײַן געבאָרן
קאָן קיינער אויך ניט אויף אַ רגע אָפּשטעלן חוץ אײַך.

## כבוד פאַר קאַפקאַ

בײַם סאַמע ראַנד פון נאַכט ווו קיין שום גראָז ניט העלט
(אויף וועלכע גרעזער זאָל ער גיין ? אויף וואָסער אופן ?)
דער ייִדן־קעניג האָט זײַן לינקן פוס געשטעלט
דעם רעכטן באָטנדיק דעם פלאַם פון שײַטערהויפן

אין איבלדיקן רויך פון פלייש וואָס ווערט פאַרברענט
ווו נאָר דאָס וואָרט פון דיר געשריבן איז נאָך זײַיִק
דערזעט מען ערשט די רייד וואָס ענדלעך מען דערקענט
פון דײַן צעעפנט מויל זיך אויספורעמען שרײַיִק

איך לויב דיך בײַ דער נודנער אייביקייט אין שויס
נאָך ערגער ווי דײַן קבר ווו דו שלאָפסט פאַרלאָרן
דײַן בויך פון פערד צעריסן דורך אַ האָרן־שטויס
דײַן האַלדז דערשטיקט אין קנופּ פון טויזנט קאָרידאָרן.

## פון די קאַרצער־סאָנעטן

II

די דיכטער וועלן אויף דער ערד זיך ווידערקערן,
נאָך איין מאָל זען די אָזערע, די צויבער־אינד,
די קינדערשפּילן אין די פּאַרקן פון קיטערע,
דעם טאָל פון ליבע־ווערטער און דאָס הויז פון זינד;

און אַלע פרײַנדינס אינעם עבר שוין פאַרשפּינט,
די פרויען זעלטענע, די שוועסטערס צאַרטע טרערן,
דאָס גליצערדיקע גליק, דעם שטילן שטאָלץ, וואָס לינד
פלעגט קושן זייער איינזאַמען, פאַרטראַכטן שטערן.

אין פרייד פון קאַרנאַוואַל, אין פאַראַנדאָלע־טאַנץ
דערקענען וועלן זיי דאָרט אונטער מאַסקעס נײַע
די שענסטע פערזן זייערע, פון ווייטיק פרײַע,

וואָס האָט געבאָרן זיי. און אינעם אָוונטגלאַנץ
אַוועקגיין וועלן זיי און בענטשן מיט התפעלות
די ליבע און דעם רום, דעם ווינט, דאָס בלוט, די כוואַליעס.

# פון די קאַרצער־סאָנעטן

## IV

טרינק אויס דעם כוס פון פינצטערניש און שלאָף. דײַן נויט
מיר וועלן נעמען ווי אַ קראַנץ און אַ מתנה
און טראָגן זי ביז צו די גערטענער פון טויט.
און ס׳וועט זיך דורכשלײַכן ווי וואַנדלערס פון לבנה

דורך יענער טיר, וווּ קיינער גייט ניט, דײַן נשמה,
צו קלײַבן דאָרט די מירטן־צווײַגן גאָלדיק־רויט.
דער גלאַנץ פון זיי און פון דער פורפל־אַנעמאָנע
וועט פירן דיך דורך דער פאַרײַנגטער נאַכט, וואָס בלויט,

צום ברעג פון אמתדיקן לעבן, רײנסטער שלמות,
וווּ מעכטיק, שרעקלעך, זיכער זײַנען די חלומות.
און אויסגעהיילט דײַן גײַסט דערזען וועט אינעם לאַנד

פון מאָרגנדיקן טאָג, וווּ אײביק איז דאָס ליכט יונג,
ווי ס׳קומען דיר געטרײַ אַנטקעגן האַנט אין האַנט
די גרויסע שוועסטערס דײַנע: ליבע, פרײַהייט, דיכטונג.

*

דײַן אַפּעלסינענע טשופּרינע אינעם חלל פֿונעם וועלטאַל
אינעם חלל פֿון די שויבן אָנגעלאָדן שווער מיט שווײַגן
און מיט שאָטן ווו עס זוכן מײַנע הוילע הענט דײַן אָפּשײַן

ס׳איז די פֿאָרעם פֿון דײַן האַרצן אַ געשפּענסט
און דײַן ליבע ענלעך איז צו מײַן פֿאַרלוירענעם פֿאַרלאַנגען
אָ זיפֿצן אַמבּרענע חלומות בליקן

נאָר דו דו ביסט מיט מיר געווען ניט שטענדיק מײַן זכרון
איז פֿאַרטונקלט דורכן אָנבליק פֿון דײַן קומען און אַוועקגיין
אויף די צײַט באַנוצט דאָך ווערטער ווי די ליבע.



פון דײַנע אויגן קרײַזט דער בויגן גאַנץ אַרום מײַן האַרץ
אַ קאַראַהאָד פון טאַנץ און מילדע רינגען
אַ ליכטקרוין פון דער צײַט אַ נאַכטיש זיכער וויגל
און ס׳האָט מײַן עבר צוגעדעקט זײַן שפּיגל
ווײַל ס׳האָבן דעמאָלט ניט געזען מיך דײַנע אויגן

בלעטער פון טאָג וועלכער רוט
טוי און אַ׳זר בײַם פּרוד
פליגלען וואָס טראָגן דאָס ליכט
שיפן באַלאָדן מיט הימל און ים
שורש פון שטילקייט קוואַל פון קאָלירן

דופטן געבאָרן אין נעסט פון קאַיאָרן
וואָס זיצן זיי אויס אויפן שטרוי פון די שטערן
אַזוי ווי דער טאָג לעבט אין זכות פון דער אומשולד
די וועלט לעבט אין זכות פון די אויגן פון דײַנע
און ס׳ריזלט מײַן בלוט בלויז אין זייערע בליקן.

## איך בין ניט אַליין

באַלאָדן
מיט פּרות וואָס לאָקן די ליפּן
באַקראַנצט
מיט טויזנט געשטאַלטיקע בלומען
צעגלאַנצט
אין די אָרעמס פון גליִיִקע זונען
באַגליקט
דורך אַ הימישלעך־קאָנטיקן פויגל
אַנטציקט
פון אַ טראָפּן אַ העלן פון רעגן
אַ נײַע
נאָך שענער פון הימל אין שײַן פון קאַיאָר
אַ געטרײַע

איך רייד פון אַ גאָרטן

איך חלום
דאָס הייסט אַז איך ליב.

## אין וואַרשע דער פאַנטאַסטישער שטאָט

ווער ס׳האָט די חורבות ניט געזען פון געטאָ
ער ווייסט ניט פונעם גוף דעם אייגענעם דעם גורל
בײַם יום־טוב פונעם טויט ווען ס׳פוילט זײַן האַרץ
און זײַן ניטאָיִקייט באַשאַפט דעם פוסטן חלל

נאָר ווער עס זעט די חורבות פונעם געטאָ ווייסט
עס קאָן די טווּנג פונעם מענטש ניט זײַן די זעלבע
אַלץ מוז זיך ענדערן אַנישט וועט הערשן טויט
באַזיגט מען ניט דעם טויט וועט קעניגן דער מדבר

אָט דאָ באַווײַזט זיך אונדז די חיה וועלכע ברומט
אַ שטאָלצע אינעם האַרץ פון מענטשן גופא צו דערוואַכן
פון מענטש וואָס איז געשמידט פון מענטש פאַרמאַטערט־קרום
וואָס זעט ניט קלאָר און וויל ניט מערער טראַכטן

דער געטאָ טויט די חיה אויף זײַן שאָטן ליגט
נאָר ס׳איז זײַן מוט געווען צו אַלעמען די ליבע
פאַרווייטע עבר־ליבע וואָס אין עתיד בליט
און בלומיק־וואָרצלדיק אין מאָרגן שפּראָצט אַריבער

און אונטער וואַרשעס הימלען שווערע ווי פון בלײַ
אָנסופיק לאַנגע לײַדן אומגעהוירע פּײַן צעלייגן
און לייגן נײַ צונויף אַ טרוים פון גליק און שײַן
די האָפענונג זי רעגנבויגנט אויס די וועגן

דער טויטער אין דער ערד טרעט אָפּ דאָס אָרט דעם מענטש
אויף ערד!

## ס׳איז אַלץ געראַטעוועט

ס׳איז אַלץ פּאַרוויסט איך זע שוין איצט דעם חורבן
אַ שטשור שטאַרט אויפן דאַך אַ פויגל שטאַרבט אין קעלער
די ליפּן זשומען מער ניט אין די ביכער־בלעטער
אַלע בילדער אויסגעדרייט זיך אין דער גרעב קאַפּויער
צווזאַם פּאַרטונקלען זיך די וואָר און די זכרונות

אַ זקן ליגט אַ ליאַלקע נישטיק בײַ אַ וויגל
אַ קינד צעגריזשעט דאָס געציין פון רעדער
אויף אַ בית־עולם איז אַ מת אַן איינציקער געבליבן

און די לינדע רייד פון ליבשאַפט און די וויג־ניגונים
און דעם מענטשנס ווערק זיי שווײַגן ביז צום פּלאַצן
די שוואַלבן פון דער ראיה האָבן זיך פאַרשלאָסן
אַ פּיִאָלעטער פלאַם פאַרברענט האָט מאַריעס ביינער
אַ צוואה־תהום פאַרשלונגען מאַקס און פיערן

דער נפטרער גיהנום ער פאַרטריקנט אויף די גלאָקן־טורעמס
אַן אָרעאָל פון שאָטנס שטאַריק שטיקט די שטערנס
אַ העלד ער באָדט זיך אינעם בלוט פון אַ פאַרברעכער

די שעה פאַרגליווערט אויף די רינשטאָקן און ימען
אַ תכלתדיק צרעת פרעסט די לעצטע ביימער

צי רעגנט עס צי נישט דער הימל מאַכט העוויות
אפשר איז גאָר קיין מאָל גאָרנישט אויף דער ערד געוועזן
אַז דער טויט דערשײַנט ווי אַ געבוירן־ווערן

ס׳איז אַלץ פּאַרוויסט איך זע שוין די וואַרשטאַטן
ווו אַלץ פּאַרענדיקט איז דער סערפּ די סאָכע
זיי צופּן מיטן שנאָבל אײַזערנעם נאָר נערוון־קנוילן

דער שפּיגל פון גאונישע קאָקעטע קונדס־קונצן
ער שפּיגלט אין זײַן לאַווע אָפּ אַ לעכערלעך כלי־זין
צי האָט מען ווען באַגינען מיט באַגער פּאַרגליכן
צי האָט מען לייענען געקאָנט אויף מוטער־לענדן
צי איז דער מאַן פון שטיין די פרוי פון אַש געוועזן

אַ ברוסט אַמאָל אַ רומפּולע פּאַרטראָגט די לאָסקע
פון ברוק פון די פּאַרשווונדענע באַלעבטע גאַסן
און ס׳האָט דאָס פּנים פון דער שטאָט אַ שטויב פּאַרשאָטן

צום קנסמאָל האָט דאָס בייז אַרומגעזוכט זײַן זיווג
און אים געפונען אין דער וויסטעניש אויף אייביק
איך זע עס ווי מען וואָלט מיר שוואַרץ אויף ווײַס געוויזן
איך קאָן אַ ווינטער־קינד אַלץ זען אין נעגאַטיוון
צום שטאַרבן כ׳בין געבוירן און אַלץ מיט מיר וועט שטאַרבן

די שטערן אויסגעלאָשענע זיי זײַנען מײַנע

דער טרויער פירט צונויף די ווענט וואָס שיידן מענטשן
נישטאָ איז קיינער וואָס זאָל לערנען פון דער מעשה

*
**

נאָר ניט פאַרוויסט געראַטעוועט איז אַלץ ווײַל מיר עס ווילן
אין צוקונפט זײַנען מיר מיר זײַנען די הבטחה
און אָט הייבט מאָרגן אָן אויף ערד שוין הײַנט רעגירן

געלעכטערס ברייטע זײַנען דאָ אויף ברייטע פּלעצער
געלעכטערס פאַרביקע אויף העל־פאַרגילדטע פּלעצער
די שיפן פון די קושן פאָרשן אויס דעם וועלטרוים
די קינדער די גערעטעניש באַרעכטיקן דאָס האָפן
די מענער שטאַרקן דאָס באַוווסטזײַן פון די מוטערס

דער גלאַנץ פון לײַדנשאַפט מאַכט צערטלעך די געזיכטער
די פרישקייט פאַוועט אינעם בליק איר פעדער־פעכער
חלומות שפּרײַזן ניט־געדאגהט אויף די וועגן

באַפליגלט דער באַדאַרף באַשייד באַקרוינט דאָס שטרעבן
דאָס האַרץ האָט רחבות צו פאַרמעסטן זיך מיט שטערן
עס שטראָמט ווי אַן אָן־סופיקע און פרישע כוואַליע
עס שטראָמט ווי אַ פאַריינגענדיקער קוואַל אין קערפּער
די גדולה פונעם לעבן האָט דעם טויט פאַרלייקנט

איך רייד פון אַט דער צײַט וואָס איז דערגרייכט געוואָרן
מיר ווילן זי און ווען זי ניט לאָזן רויבן
מיר זײַנען ווײַט אין פּאָרויס שוין געגאַנגען

די קוילנגרעבער האָבן אויפגעזוונגען קעגן אומרעכט
די קאַטאָרזשניקעס מיט געזאַנג צעפּליקט די קייטן
די ברידער אונדזערע געקעמפט אָן רו אָן ספקות
האָבן זיך צעקנאָספּעט דערנער און פאַרדאַרטעביימער
און ס'איז דער מוט געגאַנגען האַנט בײַ האַנט מיט ליבע

דערוואַכן ווי אַ קנעכט פלעגט נאָר די שלאַכט צעברענען
פון גאָרנישט ווייניקער מיר זײַנען אַלץ געוואָרן
די וועלט האָט אונדז געהערט און מיר דערפאַר זיך גופא

די שפּראַך פון לעבן איז אונדז אויף דער צונג צעגאַנגען
מיר האָבן קיין אַאַזיס ניט פאַרמאָגט קיין מקלט
מיר האָבן נאָר געזוכט די ברידערלעכע בינדונג
דעם ווירקעוודיקן אמת דעם דערשפּירטן יושר
אין תהום פון לײַדן האָבן מיר דאָס בייז פאַרלייקנט

מען האָט אונדזערע ברידער אויסגעהונגערט און געפּײַניקט
געשטויסן זיי צום יאוש געטריבן צו דער שחיטה
די פײַער־רויז פון זייער בלוט געלעבט האָט אָבער ווײַטער

די מענטשן אויך דערפאַר זײַנען געוועזן מיר ערוב
און די קינדסקינדער פון זיי באַלויכט האָבן דעם עתיד

די בוכהאַלטער צעקלאַפּט די נולן פונעם ניט־זײַן
די פּויערים באַרעכנט דעם באַשאַפס חדשים
דאָס זען צעשפּרייט זיך אין דער ווײַט ווי שטראַלן

אונדזער כוח איז אַן סוף פון טיפעניש געוואַקסן
אויב ווייניק האָט געוואָגן שיינקייט אָדער צוטרוי
פונדעסטוועגן האָט זייער טוי דעם הײַנט באַפּרוכפּערט

און אַט הייבט מאָרגן אָן אויף ערד שוין הײַנט צו הערשן
די צײַט איז דורכן מענטש געוואָרן דויער
און ס׳איז די וועלט אַ זאַך אַ ניצלעכע אַצינדער
אַ זאַך פול תענוג אומצעשטערלעך און וואָס קיניגט
באַגליקט מיט אַלץ מיט וואָס דאָס לעבן קאָן דעם מענטש באַגליקן.



5 octobre 1941

Picasso 17.

פּאָל עלואַר. צייכענונג פון פּיקאַסאָ.

## דאָס געריכטע געזעץ

אַזוי איז דאָס הייסע געזעץ פון די מענטשן
פון די טרויבן ווײַן צו מאַכן
פון די קוילן מאַכן פײַער
פון די קושן שאַפן מענטשן

אַזוי איז דאָס שטרענגע געזעץ פון די מענטשן
גאַנצע צו בלײַבן אַקעגן צו אַלע
אַלע מלחמות און צרות
און טויטלעכע שווערע סכנות

אַזוי איז דאָס מילדע געזעץ פון די מענטשן
דאָס וואַסער אין ליכט צו פאַרוואַנדלען
דעם חלום אין טוונג
די שונאים אין ברידער

און אַלט געזעץ וואָס תמיד נײַ איז
און פאַרפולקומט זיך כסדר
פון דער טיף פון קינדער־הערצער
ביז צום אַלערהעכסטן שכל.

## פרייַהייט

אויף די העפטן פון מײַן שולצײַט
אויף מײַן פולט און אויף די ביימער
אויף דעם שניי און אויף די זאַמדן
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף די זײַטן דורכגעלייענט
אויף די אַלע ווײַסע זײַטן
שטיינער בלוט פּאַפּיר צי אַש נאָר
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף די בילדער די באַגילדטע
אויף די וואָפן פון די קריגער
אויף דער קרוין פון די מלכים
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דעם מדבר און דעם דזשונגל
אויף די נעסטער און גענינסטער
אויף דעם עכאָ פון מײַן קינדהייט
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דער נאַכט מיט אירע וווּנדער
אויף דעם טאָג דעם ברויט דעם ווײַסן
אויף דעם יאָרס פֿאַרקנסטע צײַטן
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף אַיעדן צוויט פֿון תּכלת
אויף דעם סטאַוו אַ זון אַ גרינע
אויף דעם טײַכס לבֿנה־זילבער
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דעם פֿעלד די הימלזײַטן
אויף די פֿליגלען פֿון די פֿייגל
אויף דער ווינטמיל פֿון די שאָטנס
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דעם הויך פֿון יעדן מאָרגן
אויף דעם ים און אויף די שיפֿן
אויף די בערג די ווילד־צעברויזטע
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דעם שוים פֿון כמורנע וואָלקנס
אויף דעם שווייס פֿון דעם געוויטער
אויף דעם נודנעם שווערן רעגן
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף די פינקלענדיקע פּאָרמען
אויף די גלאָקן פון די פאַרבן
אויף דעם גשמיותדיקן אמת
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף די אויפגעוועקטע שטעגן
אויף די וועגן די צעוויגטע
אויף די פּלעצער איבערפלייצטע
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דעם לאָמפּ וואָס הייבט אָן לײַכטן
אויף דעם לאָמפּ וואָס ווערט פאַרלאָשן
אויף די אַלע היימען מײַנע
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דער פרוכט אין צוויי צעשניטן
פונעם שפּיגל און מײַן צימער
אויף מײַן בעט די פּוסטע מושל
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף מײַן הונט דעם ליבן נאַשער
אויף זײַן אויסגעקרימטער לאַפּע
זײַנע אויערן פאַרשפּיצטע
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דער שוועל פון מײַן אַרײַנגאַנג
אויף די היימישלעכע זאַכן
אויף דעם שטראָם געבענטשטן פײַער
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף איעדן לײַב געשענקטן
אויף דעם שטערן פון חברים
אויף דער האַנט וואָס מען דערלאַנגט מיר
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דער שויב פון איבערראַשונג
אויף די אויפמערקזאַמע ליפּן
הויך נאָך העכער ווי דאָס שווײַגן
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף מײַן וויסטן מקום־מקלט
מײַנע לײַכטטורעמס צעשטערטע
אויף דער מויער פון מײַן אומעט
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דעם אָפּזײַן אָן פאַרלאַנגען
אויף דעם נאַקעטן אַליינזײַן
אויף די טרעפּ פון טויט אפילו
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

אויף דעם אומקער פון געזונטזײַן
אויף פֿאַרשווונדענער סכנה
אויף דעם האָפן אָן באַדויער
שרײַב איך אויף דײַן נאָמען

און דורך מאַכט פון וואָרט פון איינעם
הייב איך ווידער אָן צו לעבן
כ׳בין געבוירן דיך צו קענען
און דיך אָנצורופן

פ ר ײַ ה יי ט.

# וואָס עס זאָגט עלזאַ

דו זאָגסט אַז מײַנע פּערזן זײַנען מאָדנע פֿינצטער
און מיר האָט זיך געדוכט ס׳איז ניט גענוג פֿאַרהילט
אויף אונדזער שטיקל גליק פֿאַרמאַך אויף גיך די פֿענצטער
עס זאָלן ניט די טאָג־געשפּענסטער
אַרײַן און אָנקוקן מיט פּוסטן בליק דײַן בילד

דו זאָגסט אויב אונדזער ליבע זאָל אַ וועלט באַטײַטן
איז דאָס אַ וועלט ווו מענטשן ליבן קלאָרע רייד
טאָ לאָז די ריטער פֿונעם רונדן טיש זיך שטרײַטן
איזאָלדע עקסלאַרמאָנדע בײַטן
דעם שפּיגל אויף אַ שווערד וואָס ווײַזט אַלץ קרומערהייט

אין מײַנע אויגן זוך די ליבע ניט אין מעטרען
פֿאַרשיכור ניט דײַן האַרץ פֿון זייער אַלטן סם
די פּוסטקייט פֿון רוזנעס אין דער זון דערזעט מען
מיט אונדזערע צוויי שאָטנס וועט מען
די קונצן האַמעווען פֿון כיראָמאַנטן־שטאַם

צי קאָן די נאַכט דיך מערער ווי דער טאָג פֿאַרפֿירן
זאָל שעמען זיך ווער ס׳בענקט ניט נאָך אַ הימלבלוי

זיך שעמען דער וואָס ס׳קאָן ניט מער קיין קינד אים רירן
ווער ס׳קאָן ניט מער קיין טרער דערשפּירן
פֿאַר עפּעס אַ געזאַנג אין גאַס אַ בלום אין טוי

דו זאָגסט מיר לאָז אַוועק דעם דונערדיקן וויכער
אָ וויפֿל מענטשן זוכן איצט אין שוואַרצער נאַכט
ניט קאָנענדיק מער נישטערן אין דיקע ביכער
די ווערטער נאָר וואָס מאַכן זיכער
די ווערטער פּשוטע צו שעפּטשען זיי פֿאַרטראַכט

דו ווילסט איך זאָל דיך ליבן ברענג אַ ריינעם בעכער
און זײַ אַ קוואַל פֿאַר זייער דורשטיקן געמיט
און שטילער זינג ווי ס׳זינגט אַ שינדלער אויף די דעכער
פֿאַר פֿייגל אָן אַ נעסט ניט העכער
אַז דײַן פּאָעמע זאָל דאָס בלוט זײַן פֿון דײַן שניט

זאָל דײַן פּאָעמע אָנזאָגן דער סוף וועט קומען
צום שוואַרצן פּעליעטאָן וואָס ציט זיך טאָג נאָך טאָג
זאָל מענטשן־קול באַזיגן דאָס טרומייטן־ברומען
און ווען מען האָט אַלץ גענומען
אַ וואָרט אַ נײַ צום לעבן און צום האָפֿן זאָג

זאָל דײַן פּאָעמע זײַן אין יענעם לאַנד פֿון פּלאָגן
ווו נאָר מען מאַטערט זיך מען בלוטיקט שטאַרבט פֿון שלעג

אַ ניגונדל אַ שטילס וואָס העלפט דעם יאָך דערטראָגן
אַ שוואַרצער קאָפּע פּרי פּאַרטאָגן
אַ פרײַנד באַגעגנט אויפן לעצטן שווערן וועג

פאַר ווען לוינט עס נאָך צו שאַפן די געזאַנגען
אויב ניט פאַר די וואָס לעבן אין דײַן חלום טיף
וואָס זייער זכר וואַכט בײַ נאַכט מיט קייטן־קלאַנגען
אין דײַנע אָדערן מיט באַנגען
און דיר דאָס האַרץ באַוועגט ווי ווינט אַ זעגלשיף

דו זאָגסט איך ליב דיך יאָ איך האָב דיך ליב באמת
טאָ מאָל אין בילד פון מיר אַרײַן אין סאַמע גרונט
באַהאַלטן ווי אַ וואָרעם טיף אין כריזאַנטעמעס
געהיים אַ טעמע אין די טעמעס
ווי ס׳ווערט פאַרקנסט די ליבע מיט דער זון וואָס קומט.

## רויזן אין ווינטער

ווען מיר זײַנען געווען די לערע גלעזער
אַ קאַרשנבוים פֿאַרצערט אין שטורעם־ריס
צעברעקלט ברויט צעבראָכענע גרעזער
דערטרונקענע וואָס שווימען דורך פּאַריז

ווען מיר זײַנען געווען ווי שטויב צעשאָטן
אַ ליד פֿאַרשטומט אַ זיפֿץ וואָס זיך באַהאַלט
אַ לאָדן אין דעם ווינט אַ בייט צעטראָטן
ווען מיר זײַנען געווען דאָס פֿערד וואָס פֿאַלט

ווען פֿרעמדע זײַנען מיר געווען אין פֿראַנקרײַך
ווי בעטלער זיך געשלעפּט אין אייגן לאַנד
און האָבן צו אַ בלאַסער האָפֿונג דאַנקרײַך
פֿאַרשעמטע אויסגעשטרעקט די פּוסטע האַנט

אַ דעמאָלט זיי וואָס זײַנען אויפֿגעקומען
אפֿילו אויף אַ רגע גלײַך צעשטערט
אין מיטן ווינטער ערשטע פּרימל־בלומען
און זייער בליק געבליצט האָט ווי אַ שווערד

קאַיאָר פון ווייִנאַכט אָ דאָס קורצע שטרעבן
האָט אײַך געגעבן קליינגלויביקע לײַט
די ליבע וועלכע שטאַרבט כדי צו לעבן
פאַר אַלץ וואָס קומט און דעם אַמאָל באַנײַט

וועט איר נאָך האָבן זייער ווינטערס ברויזן
איר פרילינגען מחוץ געפאַר פון הײַנט?
דערמאָנט אײַך נאָר דעם ריח פון די רויזן
ווען פאַר די פאָסטעכער דער שטערן שײַנט

פאַרגעסט דעם שטערן איר ווען זונען פלאַמען?
פאַרגעסט איר שוין די נאַכט בײַ מאָרגנרויט?
ווען ס׳וועט דער ווינט אײַך פריש די זעגלען שפּאַנען
פאַרגעסט איר דעמאָלט איפיגעניעס טויט?

צי ווינט דער פורפור פון לעווקאָיען־ווײַעס
צי פערלדיק אַ שוויס ווי בלוט דאָרט רינט
פאַרגעסן וועט איר ווען די האַק די תליות
וועט איר זיי זען אויב אײַער בליק בלײַבט בלינד?

פאַרגאָסן בלוט ווערט לאַנג נאָך ניט אַנטשוויגן
פאַרגעסט איר שוין פון ווו די תבואה שטאַמט?
די ליפּן־טרויבן אויפן באָדן ליגן
און זייער טעם וואָס נאָך דעם ווײַן פאַרסמט?

## די באַלאַדע וועגן דעם
## וואָס האָט געזונגען אונטער די קוילן

און לעב איך אַ לעבן אַ צווייטן
כ'גיי ווידער דעם זעלביקן וועג
אַ שטימע שטײַגט אויף פון די קייטן
און רעדט פון די מאָרגיקע טעג

מען זאָגט אַז עס זײַנען אַרונטער
אין תפיסה צוויי מענטשן בײַ נאַכט
און צוגערעדט אים גיב זיך אונטער
האָסט צײַט נאָך באַטראַכט זיך באַטראַכט

קאָנסט לעבן קאָנסט לעבן פון נײַעם
קאָנסט לעבן ווי מיר און אָן מי
דאָס וואָרט זאָג וואָס וועט דיך באַפרײַען
און לעבן וועסט דו אויף די קני

און האָב איך אַ לעבן אַ צווייטן
כ'גיי ווידער דעם זעלביקן וועג
די שטימע שטײַגט אויף פון די קייטן
און רעדט צו די מאָרגיקע טעג

אײן װאָרט און די טיר די געהיטע
צעעפנט זיך לאָזט דיך אַרויס
דער תלין האָט מער ניט קײן שליטה
סעזאָם און דײַן לײַדן איז אויס

אַ װאָרט בלויז אַ ליגן אַ קלײנעם
דײַן גורל אַן אַנדערער װערט
אָ טראַכט נאָר אָ טראַכט פון די שײנע
די זיסע פרימאָרגנס אויף ערד

און לעב איך אַ לעבן אַ צװײטן
כ׳גײ װידער דעם זעלביקן װעג
די שטימע זי רופט פון די קײטן
די מענטשן פון מאָרגיקע טעג

כ׳האָב אַלצדינג געזאָגט יעדעס װערטל
אַזוי װי אין לעבן דאָך איז
מײַן קעניגרײַך נעמט פאַר אַ פערדל
אַ מעסע איז װערט פאַר פּאַריז

עס העלפט ניט טאָ לאָזט אים פאַרפאַלן
מיט בלוט װערט עקשנות באַצאָלט
אויב אומשולדיק װעט ער דאָ פאַלן
ער האָט עס ניט אַנדערש געװאָלט

נאָר לעבט ער אַ לעבן אַ צווייטן
וועט אויסקלײַבן ער אָט די טעג
די שטימע זי ענטפערט פון קייטן
איך גיי אים שוין מאָרגן דעם וועג

איך שטאַרב נאָר עס בלײַבט ווי אַ טרייסט מיר
מײַן פראַנקרײַך מײַן ליבע און פאָן
אָ פרײַנד מײַנע שטאַרב איך דאַן ווייסט איר
פאַר וועמען איך האָב עס געטאָן

זיי זײַנען געקומען אים פירן
פאַרדאָלמעטשט פון דײַטש נאָך אַ מאָל
האָסט צײַט נאָך צום קאַפּיטולירן
ער ענטפערט מיט רויִקן קול

און לעב איך אַ לעבן אַ צווייטן
כ׳גיי ווידער דעם זעלביקן וועג
געפּײַניקט געשמידטע אין קייטן
זינגט אויף מײַנע מאָרגיקע טעג

און אונטער די קוילן געזונגען
האָט ער דאַן צי הערט איר דעם רוף
זיי זײַנען געוועזן געצוווּנגען
מיט נאָך אַ זאַלפּ טויטן זײַן גוף

האָט ער מיט אַ ליד מיט אַ צווייטן
די אויגן אויף אייביק פאַרמאַכט
דאָס ליד וואָס מיט אים פון די קייטן
די מענטשהייט די גאַנצע דערוואַכט.

די וואָס האָבן ניט געוואָלט אַנטלויפֿן
וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט פֿאַרקויפֿן
די קינדער מיט הייסן היימלאַנד־בלוט
זיי האָבן דאָס האַרץ אונטער אַש אַ הויפֿן
ווי סאַלאַמאַנדרעס אין פֿלאַמיקער גלוט
געקעמפֿט אויף זייער אופֿן

וווּ זײַנען די גוטע פֿרײַנד אַזוי ווײַט
אין הײַנטיקן ווינטער די יונגע־לײַט
די מיידלעך פֿאַראיינזאַמט זיך דאגהן
ווער וועט פֿאַר אונדז זינגען אין אָוונטצײַט
ווער וועט ווי זיי בנעימותדיק שווײַגן
בײַ אונדזער זײַט

די מאַמע טראַכט מיט אַ זיפֿץ אַ לאַנגן
צי מוז מען תמיד זאָרגן און באַנגען
זיי שלאָפֿן דאָרט אין שמוץ אויף שטרוי
ווער וועט זיי אַ ווינטער־בגד דערלאַנגען
געוועז איז נאָך מאָדנע וואַרעם און לוי
ווען זיי זײַנען געגאַנגען

דאָס לאַנד איז טיף און דער הימל פאַרשטעלט
ווער ווייסט ווו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט
זיך וואַלגערן ווו אין אַ שײַער
און האַרט אין דער פרי איז דאָרטן די קעלט
און ס׳בלאָזט דער ווינט בײַם טויטן פײַער
אָן מאָס אויף דער וועלט

און אַנדערע זיצן בײַ זיך אין די היימען
זיי וואַרטן אויף הילף מיט ווונטש אַ געהיימען
זיי ציילן די שעהען רויק זאַט
זיי האָבן ניט מורא פאַר קיינעם פאַר קיינעם
די פרעסט צי פאַטרולן אפילו פאַרראַט
ניט זיי קאָן עס מיינען

עס פויקט דער פאַרראַט אויפן באַראַבאַן
ער מאַכט פון דעם חוב אַ חוזק סתם
אין שונא׳ס מונדיר אַ פאַרפוצטער
זאָגט שוואַרץ ער אויף ווײַס אויף געטרײַשאַפט סם
זאָגט כבוד אויף אַ געמיינער חוצפּה
זאָגט נאַכט אויף זון אין פלאַם

נאָר אונדזערע קינדער איידער צו טראָגן
דעם שוואַרצן געשפּאַן פון שונא׳ס וואָגן
געוויילט די סכנה האָבן זיי

געדענק געדענק ווען די שנייווינטן יאָגן
אַז אונטער שווערע קופּעס פון שניי
זיי ליגן ווײַט פאַרטראָגן

מײַן פראַנקרײַך אָ ווידער די ערשטע זײַ
אין דײַנע קינדער פול מוט און געטרײַ
דערקענען ווען דיך דאָס יאָרהונדערט
דײַן יוגנט דיך נעמט אין די אָרעמס אויפסנײַ
און הייבט דיך אַרויף אַ לעגענדע און וואונדער
אין זיגער־קראַנץ גליקלעך און פרײַ

ווער זאָגט אַז מען האָט אונדז באַזיגט און צעשטערט
עס האָט אונדזער לאַנד זיך כסדר געווערט
דורך נויט און דורך טויט און געפאַרן
טאָ לויבט זיי און רימט זיי וואָס האָבן געהערט
דעם הייליקן קאַמפּרוף פון די מאַקיזאַרן
אויף אונדזער פראַנצייזישער ערד!

## אויף דער נײַער בריק

(פון דער פּאָעמע „דער ניט־פֿאַרענדיקטער ראָמאַן״)

„געטראָפֿן איך האָב אויף דער נײַער בריק״ —
ווו קלינגט אָט דאָס ליד פון דער סענע
צי פון אַ באַרקע פֿאַראַנקערט מיט שטריק
צי פון מעטראָ סאַמאַריטענע

כ׳האָב פּלוצלינג דערזען אויף דער נײַער בריק
אַן הונט אַן אַ צעטל אַן שטעקן
אַזוי אָט ווי די וואָס מיט פּוסטן בליק
רחמנות־געפֿילן דערוועקן

אויף דער נײַער בריק געזען האָב איך גיין
די אַלטע געשטאַלט פון מיר גופֿא
וואָס אויגן געהאַט האָט נאָר צום געוויין
אַ מויל נאָר פֿאַר לעסטערונג־רופֿן

אויף דער נײַער בריק איז פֿאַר מיר געשטאַן
אַזוי אַ געשפּענסט פֿול באַנגען
ווי נעבעכדיק שטייט אַ בעטלערמאַן
פון אייגענע לײַדן געפֿאַנגען

אויף דער נײַער בריק האָב איך די געשטאַלט
דערזען ווי אין רויך אין אַ גראָען
ווי איך בין געווען אויפֿן ראַנד פֿון וואַלד
אין די פֿרײַעסטע מאָרגן־שעהען

אויף דער נײַער בריק איז געשטאַנען בלינד
אַזוי ווי נאָך גאָרניט געבאָרן
פֿון דעמאָלט דאָס תמיד פֿאַרגאַפּטע קינד
געשפּענסט פֿון די ייִנגלשע יאָרן

אויף דער נײַער בריק געטראָפֿן האָב איך
די צוואַנציק יאָר מלכות פֿון שקר
פֿאַרבײַגיין אַזוי ווי אַ זיפֿץ אויף גיך
בײַם קינד אָט דעם טרוימען־אַנטדעקער

באַגעגנט איך האָב אויף דער נײַער בריק
דעם יונג מיט די הענט תמיד ליידיק
די ליפּן אין ווינט און אין קאָפּ מוזיק
פֿון לידער פֿאַרשיכורט און פֿריידיק

אויף דער נײַער בריק האָט אַרומשפּאַצירט
דער קלאָון פֿון הימל און האַרצן
דער שטערן ריין נאָר דער ווילן אוטרירט
צום פֿײַף פֿון דער שלעפּשיף דעם שוואַרצן

אויף דער נײַער בריק כ׳האָב ווידער דערקענט
ווי ס׳האָט זײַן נשמה דאָס טײַבל
פֿאַרבלאָנקעטע אין גאָטרע־דאָם פֿאַרברענט
דער שפּילער צו אַלדי טײַוול

אויף דער נײַער בריק באַגעגנט איך האָב
מײַן יוגנט די ערשטע די גאַנצע
די שטאָט איז באַגאָלדעט איצט שטראָם־אַראָפּ
און שטאַרבט שטראָם־אַרויף די ראָמאַנצע

אויף דער נײַער בריק געשטאַנען איז שטום
מײַן אָרעמער איך דער צעצווייטער
און האָט מיר געוויזן ווי ס׳שפּילט די זון
מיט פֿלעקן אויף סענע דער ברייטער

אויף דער נײַער בריק איז ער צו מיר צו
מײַן איך מאַסקאַראַד פֿונעם עבר
אין בלאַסלעכן ליכט פֿון דער שקיעה־רו
געזאָגט צו מיר שטילערהייט חבר

אויף דער נײַער בריק געזען האָב איך גיין
מײַן שפּיגלבילד נאַריש און גלייביק
און כ׳בין אין מײַן שאָטן געבליבן שטיין
ווי דאָרט וואָלט געשטאַנען איך אייביק

באַגעגנט איך האָב אויף דער נײַער בריק
אויף שטיין אָפּגענוצטן פון מויער
דאָס ליד וואָס געמורמלט איך האָב פון גליק
דעם טרוים וואָס געוואָרן איז זוהר

אַ בלינדן אַ בלינדן האָב איך דאָ דערזען
אַ בלינדן מיט לײדיקן בליק
אָ דו מײַן עבר וואָס זוכסט וואָס געווען
אָט דאָ אויף דער נײַער בריק.

דרום וועל איך לויבן!

מײַן שטערן אונטער געלע הענט,
דערמאָנסטו זיך, מײַן שטערן, נאָך דעם שוויס דעם נאַכטישן?
די פּוסטע מיטנגאַכט פון פיבער און דעם טעם פון אַ ציסטערנע?
און די בלומען פון באַגינען בלויען, טאַנצנדיק אויף בוכטעס פון פרימאָרגן,
און די מיטאָג־שעה, צעזשומט נאָך מער ווי מוקן, און די פײַלן פון אַ ים אַ פאַרביקן געשלײַדערט...?

דרום וועל איך לויבן, לויבן!
עס זײַנען הויכע שיפן מיט מוזיק געווען אין האַפן. גאַנצע בערג פון קאַמפערהאָלץ; הענגלעך פרות הילצערנע פון צײַטיקייט געפּלאַצטע... נאָר וואָס־זשע האָט מען דען גע־מאַכט מיט אַלע הויכע שיפן פול מוזיק, וואָס זײַנען אַט געווען אין האַפן?

פאַלמען...! הייסט עס,
האָט אַ ים אַ צוטרוילעכער, טרוימענדיק פון ניט־געזעענע נסיעות,

אַן אויפגעשטאָקטער ווי אַ הימל איבער סעדער,
זיך אָנגעפּילט מיט פּרות גאָלדענע, מיט פּיאָלעטע פּיש
און פייגל.

דעמאָלט — דופטן שמייכלענדיקע, דרינגענדיק ביז צו די
פֿײַערלעכסטע הייכן, האָבן אויסגערוישט דעם אָטעם פון גאָר
ווײַטע צײַטן,
און דורכן צימרינג־בוים אַליין אין גאָרטן פון מײַן פאָטער
— אָ, דער אָנשטעל!
איז אַ וועלט, פאַרטראָגן און מיט רום פון שיפן און פון
פאַנצערס פול, פאַרגאַנגען אין התפעלות.

(...דרום וועל איך לויבן! אָ, ברייטגעביקע לעגענדע, טיש
פון שפע!)

# שמאָל זייַנען די שיפֿן

(פֿראַגמענטן)

אָ, געליבטע, שפּעט געקומענע צעווישן בראַנדז און מירמל־שטיינער, ווען ס׳ציִען לאַנג זיך אויס די ערשטע פֿייַערן פֿון אָוונט,
געליבטע, שווייַגנדיק אין שויס פֿון פֿרעמדע עדות,
אויך איר וועט עדות זאָגן הייַנט פֿאַרנאַכט צום שבח פֿון ים:

1

...שמאָל זייַנען די שיפֿן, שמאָל אונדזער געלעגער, אומגעהויער איז דער שטח פֿון געוועסער, נאָך גרעסער אונדזער קיניגרייַך
מיט די פֿאַרשלאָסענע חדרים פֿון באַגערן.

דער זומער קומט אַרייַן, ער קומט פֿון ים. מיר וועלן בלויז דעם ים דערציילן, אַז פֿרעמדע זייַנען מיר געווען אויף די יום־טובים פֿון דער שטאָט, און וואָסער אויפֿגייִקער שטערן פֿון יום־טובים אונטער־ן־מישע
געקומען איז פֿאַרנאַכט אויף אונדזער רואָרט שפּירן, ווי עס רוט די שכינה.

אומנישט די נאָענטע יבשה צייכנט אונדז איר גרענעץ. די

זעלבע כוואַליע דורך דער גאַנצער וועלט, די זעלבע כוואַליע שוין פון טראָיע אָן
די היפּטן קניִקלט ביז צו אונדז. העט וויַיט אַרויס אין גרויסן ים, העט וויַיט פון אונדז האָט אויפגעוויגט זי גאָר אַמאָל אַ ווינטוויי...
און גרויס איז דער געוויש פאַרנאַכט אין די חדרים: דעם טויט אפילו, מיט געשאַל פון מושל־שופרות וואָלט מען נישט געקאָנט דערהערן.

ליבט, געפּאָרטע, ליבט די שיפן און דעם ים דעם אָפּענעם אין די חדרים!
די ערד באַוויינט אַן אָוונט אירע געטער; דער מאַן יאָגט נאָך די רויטהאָריקע חיות; די שטעט צעטראָגן זיך, די פרויען טרוימען... זאָל תמיד זיַין ביַי אונדזער טיר
דער ריזיקער קאַיאַר, וואָס רופט זיך ים — אויסדערוויילטע פליגלען, רוף צו וואָפן; ים און ליבע פונעם זעלבן בעט, ים און ליבע אינעם זעלבן בעט —

און אָט דאָס צווייגערייד אין די חדרים:

2

א

„...ליבע, ליבע, הויך דערהייבסטו דעם געשריי פון מיַין געבוירן — ים אין גאַנג צו דער געליבטער. וויַינשטאָק אויסגעפּרעסט אויף אַלע שטראַנדן, תענוג שוימיקער אין אַלע ליַי־

בער, געזאַנג פון בלעזלעך אויף די זאַמדן... הללויה, הללויה צו דער געטלעכער באַלעבונג!

דו, גלוסטיקער מאַן, טוסט מיך אויס: אַ האַר נאָך זיכערער ווי אויפן באָרט דער האַר פון שיף. דער זעגל פאַלט. ניטאָ מער ווינט ווי די וואָס ווערט באַוויליקט. דער זומער עפנט זיך, ער לעבט פון ים. און ס'עפנט דיר מיַין האַרץ אַ ווינט נאָך פרישער ווי דאָס גרינע וואַסער: זוימען און זאַפט פון זאַנפטיקייט, זויערס מיט מילך פאַרמישט, זאַלץ מיט ברויזיק בלוט, און גאָלד, און יאָד, און טעם פון קופּער מיט זיַין תמצית ביטערן — דער גאַנצער ים אין מיר געטראָגן ווי אין דער מוטערלעכער אורנע...

און אויפן שטראַנד פון מיַין גוף האָט דער מאַן זיך, פון ים דער געבוירענער, אויסגעשטרעקט. זאָל ער דערפרישן זיַין פּנים בײַם קוואַל פון די זאַמדן; פריַי אויף מיַין דרעשפלאַץ זיך פרייען אַזוי ווי דער גאָט, טאַטויִרט מיטן מענלעכן קרײַ־טעכץ... ביסט דאָרשטיק, געליבטער? בין א י ך דײַנע ליפּן אַ ווינט, וואָס איז נײַער פון דאָרשט. מיַין פּנים אין דײַנע הענט — ווי אין קילבלעכע הענט פון דעם שיפבראָך — אָ, זאָל עס אין וואַרעמער נאַכט דיר זײַן די פרישקייט פון מאַנדלען, דער טעם פון קאַיאָרן און ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט פרוכטן אויף ברעגן אויף פרעמדע.

כ'האָב אינעם אָוונט געחלומט פון אינדזלען נאָך גרינער ווי טרוימען... עס קומען די שיפערס אַראָפּ אויפן ברעג

וואַסערן בלויע צו זוכן; די צײַט איז פון אָפּפּלייץ — זיי זעען צעוואָרפן דאָס בעט פון צערונענע זאַמדן: אויפגעבוימט פורעמט דער ים דאָרטן זויבערע האָריקע שפּורן, ווי גרוי־סע געקרייציקטע פּאַלמעס, הויכע עקסטאַטישע מיידן, און לייגט זיי פּאַרווינטע אַוועק מיט געפּלאָכטענע שירצן פון גראָז און צעפּלאָכטענע צעפּ.

דאָס זײַנען חזיונות פון חלום. נאָר דו, מאַן מיט שטערן דעם גראָדן, ליגסט אין דער וואָר פון עם חלום. טרינקסט פון מײַן רונדיקן מויל און שפּירסט דאָך זײַן טאָפּעלן אָנטאָן: לײַב פון מילגרוים, האַרץ פון סאַברע, פײַג פון אַפריקע, טרויב פון אַזיע... פּרות פון ווײַב, מײַן געליבטער, מערער ווי פּרות פון ים: פון מיר ניט־באַמאָלטע־באַפּוצטע באַקום אַדערויף פון ימישן זומער...״

ב

„...אין האַרצן פון מאַן, דאָס אַליינזײַן. אויסטערליש איז עס דער מאַן, אָן אַ ברעג, געגענט צום ווײַב אויפן ברעג. איך גופא בין ים צו דײַן מזרח, דײַן גאָלד־געמישטן זאַמד. כ׳גיי אויף דײַן ברעג און איך זאָם זיך אין לאַנגזאַמען וויקלגאַנג פון דײַנע ליימיקע רינגען — ווײַב וואָס ווערט און ווערט־אויס מיט דער כוואַליע, וואָס ברענגט עס צום לעבן...

דו, נאָך מער צניעותדיק — נאַקעט, בלויז מיט דײַנע העגט באַקליידט; ניט מאַדאָנע פון די טיפסטע טיפן, ניט פון בראָנדז, צי ווײַסן שטיין אַ זיגער־געטין, אַרויסגעצויגענע באַנאַנד מיט

אַן אַמפּאָרע אין די אַלגן־שווערע נעצן דורך די שכירי־יום פון ים. נײַערט לײַב פון ווײַב מײַן פנים, וואַרעמקייט פון ווײַב מײַן חוש־הריח, ווײַב באַלויכטן דורך איר דופט, ווי דורך אַ פלאַם פון ראָזן פײַער צווישן האַלב־פאַרמאַכטע פינגער.

און ווי דאָס זאַלץ דער תבואה, האָט אויך דיר, דער ים אין דיר, זײַן תמצית, אַלץ פון אים אין דיר, געבראַכט דעם טעם דעם גליקלעכן פון ווײַב געגעגנטן... דײַן פנים אונטער מיר, דײַן מויל אַ פּרי צום דערקוויקן אין דער נאַכט אויף דעק פון שיפל. פרײַ מײַן אָטעם אויף דײַן ברוסט און פרײַ דאָס שטײַגן פון די וויספּעס גלוסט פון אַלע זײַטן. ווי אין די צופלייצן בײַ נאָענטע לבנות, ווען די ווײַבלעכע יבשה זיך צעעפנט פאַרן ים געזאַלצענעם, געשמײַדיקן, מיט בלעזלעך שוים באַקראַנצטן ביז די ווײַטסטע ווּעסערלעך און זומפּן; דער פולער ים, וואָס רוישט אין גראָז, אַרויף אַראָפּ, ווי עמערס שעפּנדיק אין ברונעם, און די נאַכט איז פול מיט אויפבלי...

אָ, געליבטע מיטן טעם פון ים, טאָ זאָלן אַנדערע, פון ים דער־ווײַטערט, ס׳פּאַסטעך־לידל פּאַשען אויפן דנאָ פון צוגע־מאַכטע טאָלן — מעלילאָט, מיענטע און מעליסע, לעבלעכ־קייט פון מאַלווע און אַלפאַלפאַ. רעדט דאָרט איינער וועגן בינען אינעם בינשטאָק. רעדט אַ צווייטער וועגן שעפעלעך אין שטעלער. און ס׳קושט דער וואָלוואַטער שעפּס די ערד בײַם פוס פון ווענט פון בלומענשטויב אַ שוואַרצן. נאָר איך האָב דעמאָלט ווען די פלוימען זיך פּאַרקניפּן, ווען מען קלײַבט שוין פּאַר די ווײַנגערטנער די בענדער, דעמאָלט

האָב איך דורכגעהאַקט דעם קנופּ פון פּענקע, וואָס האַלט דעם שיפּטאָרס צו זײַן וויגל הילצערנעם געבונדן. איז מײַן ליבע אויף די ימען! איז מײַן בראַנדוווּנד אויף די ימען!

שמאָל די שיפן, שמאָל דער בונד; און שמעלער נאָך דײַן מאָס, געטרײַער גוף פון דער געליבטער... און וואָס־זשע איז דער גוף אויב ניט פון שיף געשטאַלט און פאָרעם גופא? קאַנדל, זעגלער, תיבה, קירכשיף צוגעהייליקט, ביז דער מיטלסטער צעעפנונג; אויסגעצירקלט ווי דער שיפבוג אונטער וואַסער; דעם טאָפּלרייף פון העלפאַנטביין אויף אָפּגעטאָקטע פלאַנ־קען, בייגנדיק אים ווערדליק דעם פאַרלאַנג פון וועלבונגען אין ים געבוירן... די שיפבוי־מײַנסטער ווייסן פון קדמונים, ווי צופּאַסן דעם קיל צום שפּיל פון די געפּאָרטע רייפן און צע־צווײַגטע קלאַמערס.

שיף, מײַן שיף, דו בייגסט זיך ווילִיק אויף די פלאַנקען, וויגסט זיך, טראָגסט פון זכרס נאָכט די משא. דו ביסט שיף פאַר מיר און רויזן איז דײַן משא. דו רײַסט אַדורך די קייט פון קרבן־תודה׳ס. הננו! — אָט־זשע שווימען קעגן טויט מיר, אויף די וועגן פון אַקאַנטעס שוואַרצע אין די פורפור־ימען! אומגעהויער דער קאַיאָר, וואָס רופט זיך ים, אומגעהויער איז דער שטח פון געוועסער. און איבער ערד, אין טרוים פאַר־וואַנדלט, בײַ די לילאַ־האָריזאָנטן, די גאַנצע כוואַליע אין דער ווײַטן הייבט זיך אויף און קומט באַקרוינט מיט היאַצינטן, ווי אַ מחנה פון געליבטע!

ניטאָ קיין העכערע באַצווינגונג ווי אויף דער שיף פון ליבע.״

## פונעם בוך „כראָניק"

1

„גרויסער עלטער — זאַט מיט טעג — הנני! קילבלעכקייט פון אָוונט אויף די הייכן, הויך פון ים־ווינט איבער אַלע שוועלן. און אונדזערע שטערנס אַנטבלויזט פאַר נאָך ווײַטערע קרײַזן...

אין אָוונט פון רויטן און לאַנג־לאַנגן פיבער, ווען ס'לאָזן אַראָפּ זיך די פּענער — מיר האָבן דערזען דעם הימל אין מערב נאָך רויטער, נאָך ראָזער — ראָז ווי די ראָזע אינסעקטן אויף זאַלציקע סטאַוון: אַן אָוונט פון זינקזאַמדן גרויסע, פון זייער אַ מעכטיקן קײַלעך, אין וועלכן די ערשטע אַרי־בערגעהיפּטע וואָקאַלן פון טאָג אונדז האָבן געטראָפן ווי אָנמאַכט פון לשון.

דאָס איז ווי אַ שניט אינעם אינגעווייד, ריס אין די טיפן, אַריבער דעם גאַנצן באַלויכטענעם דרעשפּלאַץ צעשפּרייט פון יאָרהונדערט: טיכער געוואַשן אין מוטער־געוועסער און מענטשלעכער פינגער, וואָס טײַטלט אויף לילאַ און גרין פונעם הימל, אויף בלוטיק־פּאַרגליווערטע לעכער פון טרוימען צעריסן בײַם לעבן.

אַן אײנציקער קלאָרער פּאַמעלעכער װאָלקן, אַ בולט צע־קרױזטער אין דרום פון הימל, פאַררונדיקט זײַן װײַסלעכן בױך פון אַ הײַפיש מיט טיולענע פליגלען. דער רויטער אָגער פונעם אָװנט הירזשעט אין די קאַלכבערג. איז אונ־דזער חלום אױפן העכסטן אָרט. אױפשטײַג געמאָסטן מיט אױפשטײַג פון שטערן געבױרן אין ימען... נאָר ניט װעגן זעלביקן ים מיר טרוימען אין איצטיקן אָװנט.

װי הויך זאָל ניט זײַן אָט דאָס אָרט, אַן אַנדערער ים הײבט זיך אױף אין דער װײַטנס, באַגלײט אונדזער גאַנג אױף דער מאַנהײך פון מענטשלעכן שטערן: אָ, װאָסער הױכע, פון עלטער דערהױבענע מאַסע אױף ערד־האָריזאָנטן. אַזױ װי אַ שטײנערנע מױער פון פאָרנט פון אַזיע, אַזױ װי אַ שװעל, װאָס קוממיות פלאַקערט אױף װעלטנגעשפרײט פון די מענטשן פון תמיד. די װאָס זײ לעבן, און די, װאָס זײ זײַנען געשטאָרבן, פון זעלביקער עדה.

טאָ הײב־זשע דײַן קאָפּ אױף, מענטש פונעם אָװנט. די רײ־זיקע רױז פון די יאָרן זי קרײַזט אױף דײַן רוזיקן שטערן. דער גרױסער בױם פונעם הימל, אַזױ װי אַ קאַקטוס, באַקלײדט זיך אין מערב מיט רױטלעכע רױפּן. און מיר — אינעם צונטער־צעצונדענעם בראַנד פונעם אָװנט, װאָס דופּ־טיקט מיט טרוקענעם ים־גראָז — פאַרגרונטיקן פאַר אײ־בערװאַנדערונגען אַלערהעכסטע פון טאָלן אױף באַרגיקער

פֿאַשע גערוימיקע אינדזלען, געבויט אויפֿן הימל־שיפֿוע, געצערט מיט וואַכאָלדער און זאַמדרויער.

פֿיבער דאָרט אויבן און גלײַך געלעגער. און זאָלן זײַן זיווג בײַ נאַכט די מיט זוהר און גאָלד אָפּגעוואַשענע באַרגיקע הייכן!

2

ניין, ניט אמת, גרויסער עלטער: וועג פֿון גלי, ניט וועג פֿון אַש... הייס דאָס פּנים, הויך איז די נשמה — טאָ וואָסער האַרבקייט גייען מיר אַנטקעגן? די צײַט, געמאָסטן דורכן יאָר, איז פֿאַר די טעג פֿאַר אונדזערע קיין מאָס ניט. מיר האָבן ניט קיין מגע־משא ניט מיט ווייניקער און ניט מיט ערגער. פֿאַר אונדז דער געטלעכער גערודער אין זײַן לעצטן צאַפּל...

גרויסער עלטער — זאַט מיט טעג — הננו! אָט זײַנען מיר אויף אונדזערע אָנגרענעצדיקע וועגן. פֿײַף פֿון בײַטשן איבער יעדן באַרגפּאַס! און הויכער אויפֿגעשריי אויף אַלע הייכן! און אָט דער גרויסער ווינט פֿון ערגעץ־אַנדערש אונדז אין רוקן, וואָס דריקט דעם מענטש צום שטיין, ווי ס׳דריקט דאָס סאָכע־מעסער זיך אין באָדן.

מיר גייען נאָך דיר, דו אָוונט־פֿליגל... אויסגעברייטערט

אונדזער אויג אין די באַזאַלטן און די מירמלען! די שטים פון מענטש איז אויף דער ערד, די האַנט פון מענטש איז אינעם שטיין און וועקט אַן אָדלער פון זײַן דרימל. נאָר גאָט אַנטשוויגן ווערט אין וויפלקייט פון דאַטעס. און אונ־דזער בעט געגרייט איז ניט אין שטח, ניט אין דויער.

אָ, טויט, די הענט אין העלפאַנטביין געפּאַנצערט, דו קריצסט אומנישט אונדזערע שטעגן, אויסגעבערגלטע מיט ביינער. ווײַל אונדזער וועג ער שטרעבט נאָך אַ סך ווײַ־טער. דער נושא־כלים, נאַריש אויסגעפּוצט מיט ביינער, ווו מיר ווינען און וואָס דינען אונדז צום משכון, וועט הײַנט אין אָוונט אונדז פאַרלאָזן אויפן וועגראָג.

און ווײַטער דאַרף מען זאָגן: לעבן לעבן מיר מעבר פו־נעם טויט. און לעבן וועלן מיר פון טויט נאָך גופא. פאַר־בײַ די פערד, וואָס זײַנען צו דעם ביינער־הויז געלאָפן, דאָס מויל נאָך פריש פון די שאַלפייען פונעם באָדן. קיבעלעס גראַנאַט־עפּל פאַרבט מיט בלוט נאָך תמיד בײַ די פרויען אונדזערע די מײַלער.

אונדזער מלכות איז פון ערב־אָוונט, דער גרויסער אָפּגלאַנץ פון יאָרהונדערט אויף זײַן הויכקייט; מיר האַלטן ניט אין אים קיין משפט, ניט קיין קאַמף־טורנירן. נאָר אַלע פילקאַ־לירטע שטאָפן אויסגעשפרייט אויף די שיפּועז! אויפגע־

ווּיקלט אַלע לאַנגע פֿאַלדן פֿון די באַלן געלן ליכט, דורך אָוונט־בעטלערס אויפֿגעקליבן אין די ווײַטסטע ווײַטן. ווי קלײַבט מען קייזערלעכע זײַדנס, מס פֿון רויזײַד.

מיר דאַרפֿן מער ניט דעם מיט קרײַד פֿאַרשמירטן פֿינגער אונטער גלײַכונגען אָן לערער... און איר, איר גרויסע אבות, אין די שטײַפֿע בגדים, איר שטײַגט אַראָפּ פֿון אומשטאַר־ביקע במות און טראָגט די גרויסע שטיינערדיקע ספֿרים: אײַערע ליפּן, זעען מיר, באַוועגט אין אָוונט־לײַכטן... נאָר ניט דאָס וואָרט האָט איר געזאָגט צום אויפֿהייבן און ניט דאָס וואָרט אונדז צו באַגלייטן.

לוצינע, בלאָנקענדיק אויף ימען־ברעגן צו באַפּרוכפּערן פֿון ווײַב די טוונג! האָסט אַנדערע געבורטן, ווו צו טראָגן דײַנע לאָמפּן!... דער בלינדער גאָט ער לײַכט אין זאַלץ, אין שוואַרצן שטיין פֿון פֿעלדשפּאַט צי גראַניטן. און ס׳דרייט אין אונדזערע הענט דאָס ראָד זיך, ווי אויפֿן שטיינערנעם צילינדער פֿון אַצטעקן.



**שאַרל באָדלער. 1862.**
**צייכענונג פון עדואַרד מאַנע.**
(נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק. פּאַריז).

## צום לייענער

פון שטות, קמצנות, טעות, זינד מכל המינים
ווערט אונדזער גייסט באַהערשט און אונדזער גוף פאַרצערט.
מיר קאָרמען רק באַדויערס פרומע, ווי עס נערט
אַ בעטלער מיט זיין גוף ער גופא זיינע כינים.

פאַרעקשנט איז די זינד, פול פחד די חרטה;
מיר לאָזן זיך באַצאָלן יעדע תשובה פעט;
און גלייבנדיק — אַ פאַלשע טרער וואָשט אָפּ דעם חטא,
מיר טאָפּטשען ווייטער פריילעך אין דער בלאָטע.

דער אַרכי־שטן האַלט דעם גייסט פון אונדז געפאַנגען
און וויגט אויף קישן פונעם בייז אין שלאָף אים זאַנפט,
און דער מעטאַל פון אונדזער ווילנסקראַפט פאַרדאַמפט,
אין קעסל פונעם כיטרען כעמיקער צעגאַנגען.

דער טייוול ציט די פעדים, וואָס מיט אונדז באַוועגן;
די עקלדיקסטע זאַך רייצט אונדזער אַפּעטיט;
און טעגלעך צום גיהנום שטעלן מיר אַ טריט,
אָן שרעק, אויף פינצטערע און עיפּושדיקע וועגן.

ווי ס׳קושט און נאָגט אַן אָרעמער הולטײַ פאַרכלינעט
אַ זונה אַ באַיאָרטער די געקוועלטע ברוסט,
אַזוי אויך גנבען מיר געהיים אַ ברעקל גלוסט
און פרעסן עס ווי אַ פאַרטריקנטע ציטרינע.

געדיכט און שווינבלענדיק ווי מילמיליאָסן ווערעם,
אין אונדזער מאַרך אַ כת פון שדים פרעסט און טרינקט;
בײַ יעדער אָטעמונג זיך אומגעזען פאַרזינקט
דער דומפּער טײַך פון טויט אין אונדזערע געדערעם.

און האָבן סם, פאַרגוואַלדיקונג, צי מעסער בלוטיק
ביז איצט ניט אויסגעשטיקט נאָך זייער אָרנאַמענט
אויף אונדזער גורלס קאַנווע מיט באַנאַלן ענד,
איז בלויז, ווײַל די נשמה איז צו דעם ניט מוטיק.

נאָר מער ווי די שאַקאַלן, לעמפּערטן, סקאָרפּיאָנען,
די מאַלפּעס, גײַערס, שלאַנגען, הינט, צערייצט און ווילד,
ווי אַלץ וואָס קריכט און כריוקעט, קוויטשעט, ברומט און בילט
אין אונדזער שענדלעכן געמויזעכץ פון דעמאָנען,

איז נאָך געמיינער, מיאוסער און ערגער עמעץ,
— הגם ער וואַרפט זיך ניט און רײַסט זיך ניט די קעל —
נאָר גרײַלעך וואָלט ער פון דער וועלט געמאַכט אַ תל
און אַלץ און אַלעמען פאַרשלונגען אין אַ גענעץ;

דאָס איז דער לאַנגוויַל. — פון אַ טרער דאָס אויג צערודערט,
פון תליות חלומט ער, פאַרוויגט אין לולקע־רויך.
דו קענסט דאָך, לייענער, די פיַינע בריאה אויך,
דו לייענער צבועק, מיַינסגליַיכן דו, מיַין ברודער!

# מרה-שחורה און רוחניות

## I. די ברכה

ווען וועדליק דעם באַפעל פון העכסטע איבערוועלטן
ד׳ער דיכטער קומט אַראָפּ אויף אומעטיקער ערד,
זײַן מוטער, בלאַס פון שרעק, נעמט לעסטערן און שעלטן,
און בײַלט די פויסט צו גאָט, וואָס איר מיט רחמים הערט:

„פאַרוואָס האָט ניט געבראַכט מײַן טראַכט אַ קנויל פון שלאַנגען,
אַנשטאָט אָט די פאַרזעעניש, וואָס זויגט מײַן ברוסט;
פאַרשאָלטן איז די נאַכט פון זינדיקע פאַרלאַנגען,
ווען ס׳האָט מײַן לײַב די שטראָף באַשאַפן פאַר זײַן גלוסט!

און האָסטו מיך דערווײַלט צעווישן אַלע פרויען,
מײַן נעבעכדיקן מאַן צו זײַן צו שאַנד און שפּאָט,
און קאָן איך דאָך ניט סתם מײַן פינצטערן בזיון
אַ וואָרף טאָן ווי אַ ליבעבריוו אין פלאַם, מײַן גאָט,

וועל איך דײַן האַס צו מיר — אויף אים אַריבערטראָגן,
פון דײַנע בייזקייטן דאָס מיאוסע געצײַג;
און וועל אַזוי דאָס קלאָגעדיקעביימל פלאָגן,
אַז ס׳וועט קיין שפּראָץ מיט גיפט ניט צײַטיקן זײַן צווײַג.״

זי שלינגט אַרונטער טיף דעם שוים פון שנאה־אייטער;
פאַר אייביקע כוונות פונעם גורל בלינד,
איר אייגן ביטער האַרץ אין שאול־תחתיה גרייט איר
דעם שײַטער, וואָס באַשטראָפט די מוטערלעכע זינד.

נאָר קיינער זעט ניט, ווי פון מלאך אַ געפירטער
פאַרשיכורט זיך דער שטיפזון פון דער זונענשײַן;
און וואָס ער עסט, און וואָס ער טרינקט, אין דעם דערשפּירט ער
דעם טעם פון הימלשפּײַזן און פון געטערווײַן.

מיט וואָלקנס פלוידערט ער און מיט די ווינטן פליט ער,
התפעלותדיק ער זײַן גלגולת־וועג באַזינגט;
אַז וויינען מוז דער גײַסט, זײַן גואל און באַהיטער,
וואָס קוקט, ווי פריילעך און ווי פייגלפרײַ ער שפּרינגט.

די מענטשן, וואָס ער ליבט, אים זוכן אויסצומײַדן,
נאָר מערקנדיק, ווי מילד ער איז, זיי ווערן דרייסט
און קליגלען אויס פאַר אים כסדר נײַע לײַדן
דורך אַלץ, וואָס זייער רשעות צו דערפינדן ווייסט.

זיי שפּײַען אינעם ווײַן, וואָס ער צום מויל דערפירט האָט,
זיי טונקען אײַן אין אַש דאָס ברויט, וואָס ער פאַרהיט;
זיי וואַרפן צביעותדיק אַוועק, וואָס ער באַרירט האָט
און זידלען יעדערן, ווער ס׳גייט אין זײַנע טריט.

זײַן ווײַב לויפֿט שרײַען אויף די עפּנטלעכע פּלעצער:
„אויב שיין בין איך פֿאַר אים און צו אַ געטין גלײַך,
טאָ וויל איך טאַקע זײַן ווי אורצײַטיקע געצן,
אַזוי ווי זיי פֿאַרגילדעט, אויסגעפּוצט און רײַך.

איך וויל זיך אויך פֿאַרשיכורן פֿון קטורת־ריח,
פֿון כורעים, פֿלייש און ווײַן, פֿון מירע און פֿון נאַרד,
און אויפֿשטעלן זיך פֿרעך, ווי גאָט אויף אַ מזבח,
מיט חוזק־לאַכן אין זײַן האַרץ, וואָס ליבט און גאַרט.

און ווען מיך ניט ווײַלן מער די וויסטע וויצן,
וועל איך מיט שטאַרקער, דינער האַנט אים טאָן אַ נעם,
און מײַנע האַרפּיעס־נעגל מיט די שאַרפֿע שפּיצן
זיי וועלן אים דאָס האַרץ אַרײַננעמען אין קלעם;

זײַן האַרץ, וואָס ציטערט ווי אַ פֿייגעלע אין פֿלאַטער,
דאָס רויטע האַרץ פֿון ברוסט וועל איך אים טאָן אַ ריס,
און וואַרפֿן פֿאַר מײַן חיה, קיין מאָל ניט קיין זאַטער,
מײַן ליבסטע חיה, פֿול מיט ביטול פֿאַר די פֿיס.״

צום הימל, ווו ער זעט, די שכינה טראָנט אין זוהר,
הייבט אויף דער דיכטער זײַנע הענט אין פֿרומען גליק;
די בליצן פֿון זײַן גײַסט, אַלמאַכטיק, אומגעהויער
דעם ערב־רב אַרום פֿאַרשטעלן אים פֿון בליק:

„געלויבט זײַ, גאָט, וואָס דו דעם ווייטיק האָסט געגעבן,
צו היילן פון דער טומאה אונדז לויט דײַן געבאָט —
דעם קרעפטיקסטן און ריינסטן עליקסיר פון לעבן,
וואָס גרייט די שטאַרקע צו פאַר הייליקער גענאָד.

איך ווייס, אַז פאַרן דיכטער נאָך אַן אָרט פאַרהיט איז
אין דער פמליא פון גערעכטע אויבן־אָן;
און וועסט צום יום־טוב אים פון די מלאכים־כיתות
פאַרבעטן זינגען שירה פאַר דײַן הויכן טראָן.

איך ווייס, אַז בלויז דאָס לײַדן יחוס גיט אַן עכטן,
וואָס ערד און גיהנום האָבן ניט אויף אים קיין מאַכט;
און וועסטו אין מײַן קראַנץ דעם מיסטישן פאַרפלעכטן
פון אַלע וועלטאַלן און אַלצײַטן די פּראַכט.

נאָר אַלע אוצרות פון פאַרלאָרענע פּאַלמירן,
מעטאַלן זעלטענע און פּערל פונעם ים,
וואָס דו געפינען קאָנסט, גענוגן ניט צו צירן
מײַן בלענדנדיקע קרוין פון דורכזיכטיקן פלאַם;

ווײַל זי וועט זײַן געמאַכט פון שטראַל דעם ריינעם, גאַנצן,
אין קוואַל פון הייליקן בראשית־ליכט געשעפּט;
וואָס אויגן שטערבלעכע, ווי שטאַרק זיי אויך ניט גלאַנצן,
פון אים נאָר שפּיגלען זײַנען, טונקל, מאַט, פאַרוועבט.“

## II. דער אַלבאַטראָס

עס פֿאַנגען גאַנץ אָפֿט צום פֿאַרווײַל די מאַטראָסן
די מעכטיקע ים־פֿייגל, די אַלבאַטראָסן,
וואָס אומבאַזאָרגט פֿליִען דער שיף נאָך אין ווײַט,
ווען זי אירע וועגן דורך שטורעמס זיך שנײַדט.

נאָר קוים אויף דער פּאַלובע ברענגט מען אַרונטער
די לופֿט־הערשער, ווערן זיי שטײַף, אומגעלומפּערט;
די פֿליגלען די ווײַסע זיך שלעפּן פֿאַרשעמט,
ווי רודערס, וואָס אָנמעכטיק הענגען פֿאַרקלעמט.

ווי מיאוס און שוואַך איז פֿון וואָלקן דער קעניג,
נאָך אָקערשט צעפֿליגלט, צעברויזט, ווידערשפּעניק! —
עס רייצט מיט זײַן לולקע אים איינער צום שפּאָט,
עס קרימט נאָך אַ צווייטער זײַן לעפּישן טראָט.

דער דיכטער איז אויך ווי דער הימלישער ריטער,
וואָס חוזקט פֿון קוילן און הויזט אין געוויטער;
פֿאַרוואָגלט אויף ערד אין געשריי און געדראַנג,
די ריזיקע פֿליגלען אים שטערן בײַם גאַנג.

## III. דערהויבונג

אַריבער די טאָלן, אַריבער די הייכן,
די טײַכן, די וועלדער, די וואָלקנס, דעם ים,
אויף יענער זײַט זון און עטערישן פלאַם,
פון ספערעס און ספירות און הימלישע צייכן, —

באַוועגסטו זיך לײַכט און מיט פלינקייט, מײַן גײַסט,
אַזוי ווי אַ מוטיקער שווימער אין כוואַליעס,
באַלד וואַרפסטו אַרײַן זיך אין תהום מיט התפּעלות,
באַלד הויך אין צעשטערנטן אין־סוף דו קרײַזסט.

טאָ פלי אַוועק ווײַט פון די נעפּלען פאַרסמטע
אין העכערער לופט זיך מטהר צו זײַן;
און טרינק ווי אַ ריינעם און געטלעכן ווײַן
פון לויטערע וועלטן די העלקייט צעפלאַמטע.

באַפרײַט פון באַדויער־ און לאַנגווײַל־געוויכט —
דעם כמוריקן לעבנס שווער־פּודיקע ריגלען —
אַ גליקלעך איז דער, וואָס אויף מעכטיקע פליגלען
אַ לאָז טאָן זיך קאָן צו די לאַנען פון ליכט.

וואָס זײַנע געדאַנקען צו הימלישע רוימען
ווי לאַרכן באַגינען זיך הייבן אין פלי;
וואָס שוועבט איבער אַלץ און איז תופס אָן מי
דעם לשון דעם שטומען פון בלומען און דומם!

## IV. שייכותן

אַ טעמפּל איז נאַטור, וווּ ס׳לעבט איִעדער זײַל,
און רעדט צומאָל צו אונדז מיט אויסטערלישע רופן.
דער מענטש גייט אין אַ וואַלד פון צייכנס און צירופים,
וואָס בליקן צוגעווינט אויף אים און זײַן געאײַל.

ווי עכאָס בינדן זיך אין איינעם אין אַ לאַנגן
און טונקעלן און טיפן איינקלאַנג אין דער ווײַט,
ווי ליכט און פינצטערניש זיך זוכט דורך רוים און צײַט —
מצרף זײַנען זיך קאָלירן, ריחות, קלאַנגען.

פאַראַנען ריחות פרישע ווי אַ גוף פון קינד,
זיי זײַנען ווי האָבאָיעס צאַרט און גרין ווי גראָזן;
און ריחות — רײַך, פאַרשײַט, פול זיגערישע זינד,

וואָס רײַסן זיך אין אין־סוף פרײַ אַוועקצולאָזן,
ווי אַמבראַ, מוסק, בענזשוי און קטורת־רויך, וווּ ס׳קרײַזט
התלהבותדיק דאָס קול פון חושים און פון גײַסט!

V.

כ׳האָב ליב די נאַקעטע עפּאָכעס צו געדענקען,
ווען פעבוס די סטאַטועס פלעגט מיט גאָלד באַשענקען.
ווען שלאַנקע מאַן און ווײַב אין נאָבעלן באַוועג
זיי האָבן ניט געקענט קיין שקר און קיין שרעק;
ווען צערטלעך האָט דער הימל זיי געקושט די וויִעס,
און אָנגעלאָדן זייער גוף מיט קראַפט און בריאות.
די מאַמע־ערד געגעדיק, פּרוכפּעריק אַמאָל,
האָט ניט געהאַלטן אירע קינדער פאַר אַן עול,
נאָר פלעגט — אַ וועלפין, פול מיט מוטערלעכן ווילן,
די גאַנצע וועלט פון אירע ברוינע ברוסטן שטילן.
דער שטאַלטנער שטאַרקער מאַן ער האָט זיך שטאָלץ געשפּירט,
צו זײַן דער פירשט פון שיינקייטן, דורך אים רעגירט,
פון פּרות ניט־באַרירטע, וואָס אָן פּגם, אָן פלעקן,
מיט גלאַטן פעסטן לײַב די גלוסט צום ביס דערוועקן!

דער דיכטער־מיטצײַטלער, וואָס זוכט הײַנט ווען ניט ווען
די שיינקייט פון נאַטור אין ערטער צו דערזען,
ווו מאַן און ווײַב נאָך זייער נאַקעטקייט באַווײַזן —
אַ קעלט אַ פינצטערע הייבט אָן אין אים צו קרײַזן
בײַם אָנבליק, וואָס אַן עקל און אַ גרויל פאַרשפּרייט.
אָ, פּרעכע מיאוסקייט, וואָס וויינט אַזש נאָך אַ קלייד!
אָ, ביוסטן דאַר און קוואַר! אָ, קאַליקעס צום לאַכן

מיט הענגעדיקן בויך און ברוסטקאַסטן אַ פלאַכן!
דער גאָט פון תכלית האָט אָן רחמים אין זײַן האַרץ
געוויקלט קינדוויַז זיי אין ווינדעלעך פון אַרץ!
די פרויען בלאַס ווי ליכטלעך וואַקסענע, וואָס צאַנקען,
געגנערטע און געצערטע דורך באַגער אַ קראַנקן;
און בתולות שלעפן נאָך די זינד פון מאַמעס באַנג,
פון שוואַנגערשאַפטן שולדיקע, אָן גליק, אָן דאַנק.

אַוודאי האָבן מיר, די מיד־און־מאַטע שבטים,
אַ שיינע זאַך פאַר אַלטע פעלקער אָנצובאָטן:
די צורות, האַרט פון צרות און פון צער צענאָגט,
אַ שיינקייט קרענקלעך און פאַרדאַרט, וואָלט מען געזאָגט.
נאָר ס׳וועט פון שפּעטע מוזעס די דערפינדונג בלאַסע
ניט שטערן קיין מאָל ניט, אַז אונדזער שוואַכע ראַסע
אַ שבח זאָל זינגען פאַר דער יוגנט פון דער וועלט:
— די יוגנט הייליקע, וואָס פשוט, אומפאַרשטעלט,
מיט בליקן דורכזיכטיקע ווי די העלע קוואַלן,
אָן זאָרגן איבער אַלץ שפרייט אויס, ווי מילדע שטראַלן,
ווי בלומען, פייגל און ווי תכלתדיקע לופט,
איר לינדע וואַרעמקייט, איר ליד, איר ליבן דופט.

## VI. די לײַכטטורעמס

אַ טײַך פון פֿאַרגעסן איז רובענס, פון שלווה אַ פּרדס;
אַ קישן פון פרויען־לײַב פרישן, וואָס ליבע ניט וועקט;
נאָר ברויזיק דאָס לעבן זיך כוואַליעט און שטראָמט און
צעשפּאַרט עס,
ווי לופט אין דעם הימל און ים אין דעם ים זיך באַוועגט.

לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי, אַ טיפער און טונקעלער שפּיגל,
ווו סודותדיק־ליבלעך צעשמייכלט דורכשוועבן צומאָל
מלאכים באַחנטע און ס׳שימערט אַ ליכטיקער פליגל
אין שאָטן פון גלעטשער און סאָסנעס, וואָס רינגלען דעם טאָל.

שפּיטאָל פול מיט עצבות און פול מיט געמורמלעניש, רעמבראַנדט,
אַן איינציקער מעכטיקער קרוציפיקס צירט נאָר דעם זאַל;
ווו ס׳שטײַגט דורכן שמוץ אויף געבעט און עס לײַכט פון
אַ פרעמדלאַנד
אַ ווינטערזון פלוצלינג אַרײַן מיט אַ בלאַסלעכן שטראַל.

און דו, מיקעל־אַנדזשעלאָ, עולם־התוהו, ווו ריזן
מיט קריסטוסן מישן זיך אויס און געשפענסטער מיט מאַכט
גיגאַנטיש זיך שטרעקן מיט פינגער צעסטאַרטשעט ווי שפּיזן,
וואָס לעכערן דורך די תכריכים אין שײַן פון פאַרנאַכט.

דער צאָרן פון ראַנגלער, פון פאַון די נאַקעטע תאווה,
דו מאַן, וואָס די שיינקייט בײַם קנעכט דעם פאַרגרעבטן דערשפּירסט;
פאַרביטערטער, בלאַסער, דאָס האַרץ נאָר געשוואָלן פון גאווה,
פּיזשע, פון דעם קאַטאָרגע־לאַנד דער פאַרטרויערטער פּירשט.

וואַטאָ, קאַרנאַוואַל, ווו די אײדלסטע הערצער אָנצאָליק
ווי פלאַטערלעך פליִען און גליִען, געצויגן פון ליכט,
אין צירלעכע זאַלן, ווו העל זשיראַנדאָלן קרישטאָליק
אַ שיכרות צעגיסן אין באַל, וועלכער ווירבלט געדיכט.

קאָשמאַר פון תלינים און שוואַרצע שבתים בײַ גאָיאַ,
מכשפות, וואָס קאָכן אַ פעטוס לכבוד דעם באָק;
ווו זקנות פאַר שפּיגלען און בתולות צערייצן די רויע
געלוסט פון דעמאָנען בײַם אָנטאָן און אויסטאָן דעם זאָק.

אַ בלוטיקע אָזערע דעלאַקרואַ, ווו אויף הויער
ביט־גוטע זיך זאַמלען אין יאָדלעסוואַלד, אייביק צעגרינט;
ווו מאָדנע פאַנפאַרן־מוזיק אונטער הימלען אין טרויער
ווי וועבערס אַ זיפץ אַ דערשטיקטער פליט דורך און צערינט.

אָט אַלע די קללות, דער לעסטער, דאָס לויבן, דאָס צוויפלען,
התפעלות, התגלות, געוויין און געשריי און געזאַנג —
אַן עכאָ, וואָס טויזנטער פון לאַבירינטן אים כפלען,
פאַר שטאַרביקע הערצער אַ געטלעכער אָפּיום־געטראַנק.

פון שומרים פון טויזנטער איז עס אַן אָנזאָג צום שטורעם,
אַ העלדן־באַפעל, וואָס פון טויזנטער ליפּן צעשאַלט;
אויף פּעסטונגען טויזנט אַ ליכטיק צעצונדענער טורעם,
אַ רוף פון פאַרבלאָנדזשעטע יעגער אין ריזיקן וואַלד!

ווײַל ס׳זײַנען באמת, אָ, גאָט, דאָס די בעסטע מסורות,
וואָס ווײַזן די ווערדע פון אונדז פאַר דער ליכטיקער שײַן —
דער פלאַמיקער זיפץ, וואָס זיך קײַקלט פון דורות צו דורות,
און קומט, און גייט אויס אויף דער שוועל פון דײַן אייביקן זײַן.

## VII. די קראַנקע מוזע

וואָס איז דיר, מוזע אָרעמע, היינט פרי? ביסט קראַנק?
אין דיינע אויגן בלאָנקעט נאָך פון נאַכט די טומאה,
און ס׳גלאָצן פון דיין געלן פּנים וויסט און באַנג
די אימה און שגעון — קאַלטע, שטאַרע, שטומע.

האָט דיר אַ רויטער שד, אַ לילית, גרין און שלאַנק,
געשענקט דעם אורנעס־טרונק פון ליבע און מהומה?
פאַרזונקען אין מינטורנעס־זומפּ האָט דיך מיט צוואַנג
דעם נאַכט־קאָשמאַרס צעבונטעוועטע האַנט די קרומע?

איך וויל, אַז דו זאָלסט דופטן מיט געזונט און מוט;
אַז פול זאָל זיין דיין ברוסט נאָר מיט געדאַנק, וואָס וואָר איז!
פולסירן ריטמיש זאָל, מיט דראַנג, דיין קריסטלעך בלוט,

מיט רייכן, לאַנגן קלאַנג פון אַנטישע הברות,
וואָס פעבוס הערשט אין זיי, דער פאָטער פונעם ליד,
און פאַן, דער גרויסער גאָט פון זייען און פון שניט.

## VIII. די פאַרקויפטע מוזע

אַ, מוזע פון מײַן האַרץ, דו קינד פון שלעסער־וועלט,
צי וועסטו האָבן, ווען די טבת־ווינטן ברומען,
אין נאַכט אין שנייִיקער, אין אָוונט כמורנעם, שטומען
אַ פײַער פאַר די פיס, געשוואָלענע פון קעלט?

צי האָסטו דײַנע מירמל־שולטערן געשטעלט
אין שטראַלען ווארעמען, וואָס דורך די לאָדנס קומען?
צי פילנדיק דײַן טײַסטער טרוקן ווי דײַן גומען
פון גאָלד פון הימלבלוי געוואָלט דיר מאַכן געלט?

דו מוזסט, כדי צו האָבן יעדן טאָג חיונה,
כסדר הלל זינגען אָן אַ פונק אמונה,
און יעדן אונטערטראָגן קטורת אויף דײַן טאַץ;

אַנישט אַ הונגעריקע קאָמעדיאַנטקע ווערן,
מיט לאַך געצווונגענעם, געטונקענעם אין טרערן
צו שפּילן אויף המונס באַגערן — דעם פּאַיאַץ.

## IX. דער אומגעראָטענער מאָנאַך

פֿאַרצײַטן די קלויסטערס זײַ פֿלעגן אין בילדער אַ סך
אויף זייערע מויערן ווײַזן פֿון גאָט די הבטחה,
וואָס שטיצן און טרייסטן פֿלעגט מענטשן, פֿאַרמאַטערט און שוואַך,
און וואַרעמען זיי אין דער קעלט פֿונעם עמק הבכא.

און מערער ווי איין מאָל פֿלעגט מאַכן אַ מאָלער־מאָנאַך
פֿון צווינטער אַ וואַרשטאַט פֿאַר הייליקער בילדער־מלאכה;
עניוותדיק־פֿרום, דעם געקרייציקטן קריסטוס צום שבח,
פֿאַרהערלעכן דאָרטן דעם טויט ווי דערלייזונג און ברכה.

— מײַן גײַסט איז אַ קבר, אין וועלכן זינט וועלטן־באַשאַף
איך הויז ווי אַ נזיר אַ פֿאַלשער, אַן עלנטער שקלאַף;
אין נאַקעטן קלויסטער מען קאָן גישט ניט לעבן, ניט שטאַרבן.

אָ, פֿוילער מאָנאַך! ווען וועל איך ניט איז האָבן דערלעבט
די זעונג פֿון אייגענעם ווייטיק, וואָס שטענדיק דאָ שוועבט,
פֿאַרוואַנדלען אין ווערק פֿון די הענט און אין פֿלאָם פֿון די פֿאַרבן?

## X. דער שונא

געוועזן איז מײַן יוגנט אַ טונקל געוויטער,
נאָר זעלטן פון גלײַיקע זונען דורכגאַנגען;
פון רעגן און דונער מײַן גאָרטן איז שיטער
מיט צײַטיקע פּרות אַ פּאָר נאָר באַהאַנגען.

און אָט בין אַרײַן איך אין האַרבסט פון דער אַרבעט
און מוז שוין די גראַבליע און לאָפּעטע האָבן,
צו שאַרן די ערד פון די בייטן צעקאַרבעט,
דורך וואַסער אין לעכער ווי קברים צעגראָבן.

ווער ווייסט, צי די נײַע געחלומטע בלומען
אין באָדן צעווייקטן נאָך וועלן באַקומען
דעם מיסטישן כוח זיך פול צו געשטאַלטן?

אוי ווייַ און אוי ווייַ מיר! ס׳פרעסט אויף אונדז דאָס לעבן
די צײַט, אָט דער שונא, וואָס הויערט באַהאַלטן,
און וואַקסט און פאַרשטאַרקט זיך פון בלוט, וואָס מיר געבן!

## XIII. ציגײַנער אויף וואַנדער

דער שטאַם פון וואָרזאָגער מיט פײַערדיקע אויגן
ער וואַנדערט ווידער אין דער שטומער טיף פון סטעפּ;
די קינדער זיצן אויפן קאַרק, צי זשעדנע זויגן,
אויף לאַנגע מאַמע־ברוסטן אָנגעלענט די קעפּ.

דאָס הויזגעזינט צונויפגעטוליעט אויף די פורן,
די מענער שפּרײַזן מיט כלי־זין בײַ דער זײַט,
און נישטערן אין הימל מיט אַ בליק אַ כמורן,
פאַרבענקטע נאָך אַ זעונג אין דער פוסטער ווײַט.

דער גריל, באַהאַלטן אינעם זאַמד אין טיפע לעכער,
צעזינגט זיך, ווען ער זעט זיי אָנקומען, נאָך העכער;
עס ליבט די וואַנדערער די מוטער די נאַטור;

זי לאָזט דעם מדבר בלי‌ִען, שלאָגט אַ קוואַל פון פעלדזן,
און בלומען שפּרייט זי אויס פאַר זיי, וואָס קאָנען העל זען
אין עתיד טונקעלן די קומענדיקע שפּור.

## XIV. דער מענטש און דער ים

אָ, פרײַער מענטש, דו ליבסט דעם ים אַלץ מער און מער,
ער איז דײַן שפּיגל, דײַן נשמה קאָנסטו דײַטן
אין אייביקן באַוועג פון כוואַליעדיקע ווײַטן,
און ס'איז דײַן גײַסט אַ תהום פול ביטערניש — ווי ער!

דו ליבסט זיך טובלען אין דײַן אָפּבילדס שויס צעשוימטן,
דו נעמסט מיט אויגן און מיט אָרעמס אים אַרום;
דײַן האַרץ פאַרגעסט צומאָל דעם אייגענעם געברום
אין קלאָגליד פונעם ים, דעם ווילדן, אומגעצוימטן.

ווי טונקל און פאַרשלאָסן זײַט איר ביידע גלײַך:
אָ, מענטש, ס'איז קיינער ניט דײַן טיפעניש מגלה!
אָ, ים, ס'קען קיינער ניט די אוצרות דײַנע אַלע!
איר היט די סודות אייפערזיכטיק אָפּ פאַר אײַך!

און זינט יאָרהונדערטער ווערט איר דערבײַ ניט מידער
צו קעמפן מיטאַנאַנד אָן רחמים און אָן ענד;
אַזוי זײַט איר פאַרליבט אין טויט און אין פאַרלענד,
איר שטרײַטער אייביקע, איר קריגערישע ברידער!

## XVIII. די שיינקייט

בני־אדם, איך בין שיין, ווי ס׳איז אַ טרוים פון שטיין,
און ס׳האָט מײַן מירמל־ברוסט, ווו יעדער שלאָגט זיך וווּנדן,
פון תמיד בײַם פּאָעט אַ ליבע אָנגעצונדן,
אַ ליבע — ווי דער אורשטאָף — אייביק, שטום און ריין.

אַ שטרענגער קילער ספינקס, איך טראָן אין בלוי אַליין,
מײַן האַרץ פון שניי מיט שוואַנען־ווײַסן לײַב פאַרבונדן;
איך האַס באַוועגונג, ווו דער שטריך ער ווערט פאַרשווונדן;
און פרעמד איז מיר און ווײַט געלעכטער צי געוויין.

איך נעם מײַן גרויסאַרטיקע מאָס פון די סטאַטועןֹ;
די דיכטער זוכן שיטות פאַר מײַן שטאָלצן שטאַלט
און קאָנען זייער לעבן לאַנג שוין מער ניט רוען,

פאַרליבטע קנעכטישע, וואָס אַלץ פאַר זיי דערהאַלט
אין מײַנע ריינע שפּיגלען ערשט געשטאַלט און תיקון:
אין מײַנע גרויסע אויגן מיט די קלאָרע בליקן!

## XIX. דער אידעאַל

ניין, ס'וועלן קיין מאָל ניט די שיינינקע וויניעטן,
— אַן אומגעראָטענעם יאָרהונדערטס פוילע פרוכט —
פאַרשנירטע פיסעלעך און הענט מיט קאַסטאַניעטן,
אַ האַרץ ווי מײַנעם קאָנען ברענגען וואָס עס זוכט.

זאָל גאַוואַרני, פּאָעט פון בלייכקייט, זיך אַנטציקן
מיט מאַטע יפיפיות פון שפּיטאָלן־זאַל;
אין זײַנע בלאַסע רויזן קאָן איך ניט דערבליקן
אַ בלום, וואָס פלאַקערט ווי מײַן רויטער אידעאַל!

ווײַל וואָס אַ תהומען־טיפע האַרץ ווי מײַנס קאָן שטילן,
איז ליידי מאַקבעט מעכטיק אין פאַרברעך און ווילן,
עסכילעס' חלום אינעם שטורעם אויפגעגאַן;

צי דו, דו גרויסע נאַכט, פון אַנדזשעלאָ געשטאַלטיקט,
וואָס מאָדנע אויסגעשטרעקט באַט רויִק און געוואַלטיק
די רײַכע ברוסטן אָן דעם קוש פון אַ טיטאַן!

## XX. די ריזין

אין צײַט ווען די נאַטור האָט מעכטיק נאָך באַוויזן
געבערן טעגלעך קינדער, מוראדיק און גרויס,
באַגערט וואָלט איך צו לעבן בײַ אַ יונגער ריזין,
ווי ס׳לעבט אַ קעצל תאווּיש אויף אַ מלכה׳ס שויס;

צו זען איר גוף און איר נשמה, ווי זיי בליִען
און וואַקסן פרײַ און ווילד צעווישן שפּיל און כעס;
ווען פלאַמען טונקעלע בײַ איר אין האַרצן גליִען,
דערקענען לויט איר בליק, ווו נעפּלען שווימען נאַס.

דורך אירע גלידער פּרעכטיקע שפּאַצירן רויִק,
צו קלעטערן אויף אירע ריזן־קני שיפּועיק;
און זומער, ווען די זון מיט הייסע שטראַלן שפּיזט,

און זי גיגאַנטיש שטרעקט אין פעלן זיך אויס אַ מאַטע —
צו שלאָפן אינעם שאָטן־שוץ פון אירע בריסט,
ווי פרידלעך שלאָפט צופוסנס פון אַ באַרג אַ כאַטע...

## XXII. הימנע צו דער שיינקייט

צי קומסטו פון הימל אַראָפּ, צי אַרויף פון תהומען,
אָ, שיינקייט, דײַן בליק מיטן אָפּגלאַנץ פון טײַוול און גאָט
דאָס גוטס און די זינד גיסט אונדז אײַן אין דעם זעלביקן שוימען,
אַזוי ווי דער ווײַן שענקט אין איינעם פֿאַרברעך אונדז און גנאָד.

ביסט כולל אין אויג סײַ די שקיעה און סײַ די אויראָרע;
אַזוי ווי אַ נאַכטיש געוויטער דו דופטן צעזייסט;
דײַן קוש איז אַ ליבע־געטראַנק און דײַן מויל אַן אַמפאָרע,
וואָס מאַכן דעם העלד צו אַ פּחדן, דאָס קינד אָבער דרייסט.

צי שטײַגסטו פון אָפּגרונטן שוואַרצע? צי נידערסט פון שטערן?
דער גורל געצוימט, ער גייט נאָך בײַ דײַן זוים ווי אַ הונט;
צעשפּרייטסט לויט דײַן אומער אָט פרייד, אָט צעשטערן און טרערן,
און אַלצדינג רעגירסטו אָן חשבון, אָן דין און אָן גרונד.

דו טרעטסט איבער טויטע, אָ, שיינקייט, אָן מינדעסטער רירונג;
צעווישן דײַן פּוץ האָט דער גרויל אויך זײַן חשובן אָרט,
און ס׳טאַנצט אויף דײַן גאַווהשן בויך ווי אַ זעלטענע צירונג,
ווי איינער פון דײַנע באַליבטסטע ברעלאָקן — דער מאָרד.

פאַרבלענדיקט דאָס פלאַטערל פליט אויף דײַן פלאַקער צו, לײַכטער,
צינדט אָן זיך, פאַרשרפעט און זאָגט: זאָל דער פלאַם זײַן געלויבט!
עס נעמט דער פאַרליבטער זײַן ליבסטע אַרום אַ פאַרקײַכטער,
אַזוי ווי אַ גוסס, וואָס צערטלט זײַן קבר באַטויבט.

פון תהום צי פון הימל? וואָס אַרט עס... אַבי מיר מאַכט אָפּן
— אָ, שיינקייט, אָנמאָסיקער מאָנסטער, וואָס שרעקט און
באַגליקט! —
דײַן אויג און דײַן פוס און דײַן שמייכל די טיר צו אין־סופן,
צו תמיד געגאַרטע, נאָר קיין מאָל ניט, קיין מאָל דערבליקט.

פון גאָט צי פון שטן? אַ מלאך, צי נאָר אַ רוסאַלקע?
וואָס אַרט עס, אויב מאַכסטו — אָ, ריטעם, אָ, ריח, אָ, פאַרב! —
אונדז ווייניקער מיאוס די וועלט נאָר, מײַן איינציקע מלכּה,
און אונדזערע רגעס אַ ביסעלע ווייניקער האַרב?

## XXIII. דופט פון ניט־הי

ווען כ׳ליג אין האַרבסט־פאַרנאַכט, די אויגן האַלב פאַרשלאָסן,
און אָטעם פון דײַן הייסער ברוסט דעם אַראָמאַט, —
איך זע אַ ברעג אַ גליקלעכן, פון זונען זאַט,
ווו ליכט און שלווה איז אויף אַלץ אָן סוף צעגאָסן.

אַן אינדזל, ווו מען ווייסט ניט פאַר דער צײַט קיין מאָסן;
מיטביימער זעלטענע און פרות זאַפטיק־גלאַט;
מיט פרויען, וועמענס אויג בליקט אָפן, טרײַ, אָן חשד;
מיט מענער שלאַנק און שטאַרק; מיט שיפן און מאַטראָסן.

דײַן דופט ער פירט מיך אין אַ צויבערלאַנד צו גאַסט,
איך זע אַ האַפן, ווו עס דרענגט זיך מאַסט אויף מאַסט,
אַ ביסל מידע נאָך פון כוואַליעדיקער ים־ווײַט;

און גרינע טאַמאַרינדן פילן אָן, צעבליט,
די לופט מיט אַ פאַרפום, וואָס מײַן געמיט צעגליט,
און מישט זיך אויס אין אים מיט לידער פון די ים־לײַט.

## .XXVI

דו וואָלטסט געבראַכט דעם וועלטאַל אין דײַן אַלקער דרינען.
דו טמאה, ס׳ליגט דיר נאָר, אויס לאַנגוויַיל, שלעכטס אין זינען.

כסדר דײַנע ציין די גיריקע דו שאַרפסט
אין נײַע הערצער, וואָס דו יעדן טאָג באַדאַרפסט.
און דײַנע אויגן גלײַיקע ווי ליכט פון קראָמען
אויף רוישיקע יאַרידן, ווו די מענטשן שטראָמען,
באַנוצן אומפאַרשעמט אַן אויסגעבאָרגטע פראַכט,
ניט ווייסנדיק קיין מאָס פאַר זייער בייזער מאַכט.

אַ טויב און בלינד געצײַג פון רשעות און פון תופת,
דו צאַפסט דאָס בלוט, ווי ס׳צאַפּט אַן אינסטרומענט אַ רופא׳ס.
דו שעמסט זיך נישט? דו זעסט באמת ניט פאַרגיין
אין אַלע שפּיגלען מער און מער דײַן לעצטן חן?
דו האַלטסט זיך פאַר געלערנט מיטן בייז צו שפּילן,
צי שפּירסטו ניט קיין שרעק, ווען פאַר געהיימע צילן
די מעכטיקע נאַטור זיך גרויס מיט דיר באַדינט,
מיט דיר, אָ, ווײַב, מיט דיר, אָ, קעניגין פון זינד!
— מיט דיר, באַשעפעניש — צו קנעטן דאָ אַ גאון?

אָ, גדולה קויטיקע! דערהויבענער בזיון!

## XXXI. ממעמקים קראתי

בײַ דיר, וואָס דיך אַליין איך ליב נאָר, רחמים בעט איך,
פֿון תהום, ווו ס'ליגט באַזיגט מײַן האַרץ, צו דיר איך שרײַ.
דאָ איז אַ טויטע וועלט, אַ האָריזאָנט פֿון בלײַ,
און שרעק און שענדונג פֿויזען דורכן שוואַרצן שטח.

אַ זון שוועבט לאַנגע זעקס חדשים בלאַס און קאַלט,
און זעקס חדשים דריקט אויף אַלץ אַ נאַכט אַ שטאַרע;
די ערד איז נאַקעטער ווי וויסטעניש פּאָלאַרע:
קיין לעבעדיקער הויך, קיין טײַך, קיין גרינס, קיין וואַלד.

גישטאָ נאָך אויף דער וועלט קיין שרעקלעכערע שטראָף
ווי ס'איז די זון פֿון אײַז, וואָס גליווערט אָן אַ סוף,
די נאַכט, צענומען ווי דער אומגעהוירער כאָאָס.

איך בין מקנא איצט די נידעריקסטע חיות,
וואָס טעמפּ אין לאַנגן שלאָף פֿאַרגעסן זייער גרויל,
אַזוי פּאַמעלעך וויקלט זיך פֿון צײַט דער קנויל.

## XXXIX. אַ געשפּענסט

א.

די חשכות

אין קעלער פון מײַן אין־סופיקן אומעט,
ווּ ס'האָט שוין לאַנג דער גורל מיך פאַרשפּאַרט,
ווּ ס'האָט זיך קיין מאָל ניט קיין שטראַל פאַרנאַרט,
ווּ כ'זיץ נאָר מיט דער נאַכט, וואָס כמורנע שטומעט,

אַ מאָלער עלעהיי, וואָס מאָלט מיט שוואַרץ
אויף שוואַרצן גרונט, פון גאָט אַ לץ באַפוילן;
אַ קוכער פול מיט אַפּעטיט אויף גרוילן,
וואָס רק ער קאָכט און עסט זײַן אייגן האַרץ, —

פּאַסירט, עס פינקלט פלוצלינג בײַ מײַן נאַרע,
אַ זעונג פול מיט גלאַנץ און חן וואַקסט אויס.
לויט איר פאַרטרוימטער מזרחדיקער מראה,

ווען זי צעוויקלט זיך אין גאַנצער גרויס,
מײַן שיינעם גאַסט דערקען איך. יאָ, דאָס איז זי,
די טונקעלע און ליכטנדיקע וויזיע.

ב.

## דער דופט

צי האָסטו, לייענער, שוין אויסגעפּרוּווט
די שיכרות פון פאַמעלעכער התפּעלות,
ווען ס׳פּלייצן דורך אַ קירכע ווײַרעך־כוואַליעס,
צי ס׳שטײַגט פון בשמים־זעקעלע דער דופט?

דורך טיפע כוחות, מאַגישער התגלות
דער עבר ווערט אין קעגנוואַרט פאַרגופט
און קלײַבן ווידער דעם געליבטן רופט
די בלומען פון פאַרבליטע וואַקכאַנאַליעס.

אויך איך געדענק דעם ווילדן אַראָמאַט
פון אירע שווערע האָר מיט שוואַרצן שימער
— אַ קטורת־פאַן אין אַלקערס היילקטימער —

און אירע קליידער: סאַמעט, זײַד, בראָקאַט,
זיי פלעגן דעם פאַרפום סובטיל פאַרשמעלצן
פון ריינער יוגנט און פון רײַכע פעלצן.

ג.

די איַינראַמונג

עס גיט די ראַם דעם שענסטן בילד אַ תיקון:
פון ריזיקן געשפרייט, וואָס אַלץ פאַרקנסט,
דאָס ווערק ווערט אָפּגעגרענעצט, איַינגעפאַסט,
זיַין שלמות, זי אַליין זאָל אונדז אַנטציקן.

אַזוי אויך צירונג, מעבל און אַנטיקן
זיי האָבן צו איר מאָדנעם חן געפּאַסט.
איר גלאַנץ איז קיין מאָל ניט דורך זיי פאַרבלאַסט,
נאָר בולטער דערשינען פאַר די בליקן.

מען וואָלט געשטוינט, ווי איז געווען זי זיכער,
אַז אַלצדינג ליבט זי. אָ, מיט וואָסער גלוסט
פלעגט זי איר נאַקעטקייט אין ווייכע טיכער,

אין זיַידנס, אַטלעס באָדן האַלדז און ברוסט.
באַוויַיזנדיק אין יעדער נייַער פאָזע
פון יונגע מאַלפּעס די גראַציעזע העזה.

ד.

## דער פּאָרטרעט

די קרענק, דער טויט — זיי מאַכן אַש און קוילן
פון תאווה־פײַער, העלישן ווולקאַן,
פון אויגן גליִיק־הייס און צאַרט־פאַרהוילן,
פון מויל, ווו ס׳איז מײַן האַרץ אין גלוסט פאַרגאַן.

פון קושן קרעפּטיקע ווי באַלזאַם־פלאַנצן,
פון דבקות לעבעדיקער ווי אַ בליץ;
וואָס בלײַבט, מײַן ליבע, פונעם גאַנצן גלאַנצן?
— אַ בלאַסע צייכענונג, אַ פעדער־קריץ,

וואָס שטאַרבט אין איינזאַמקייט — צו מיר געגליכן —
די צײַט, די בייזע זקנה, אומגעשטילט
מיט האַרטן פליגל טעגלעך מעקט די שטריכן.

אָ, מערדערין פון לעבן און פון בילד,
דו וועסט ניט אָפּמעקן אין מײַן זכרון
די פרוי, וואָס איז מײַן גליק און רום געוואָרן!




זשאַנע דיוואַל, די געליבטע פון באָדלערן.
געצייכנט דורכן דיכטער אין 1865.
(נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק. פּאַריז).

XL.

איך גיב די פערזן דיר, אויב מזלדיקערהייט
מײַן נאָמען וועט צו ווײַטע דורות זײַן דערגאַנגען,
און ברענגען אַ פאַרנאַכט צו מענטשן טרוים־געזאַנגען,
אַ שיף, דורך צפון־ווינט אַ גינציקן פאַרווייט —

דײַן זכר ווי פאַרצײַטישע לעגענדע־קלאַנגען
דעם לייענער ביז מידקייט ווי אַ פּויק באַגלייט,
און זאָל דורך ברידערלעכער אויסטערלישער קייט
אין מײַנע שטאָלצע גראַמען בלײַבן אָנגעהאַנגען.

פאַרשאָלטענע, פאַר וועמען ס׳איז פון טיפסטן דנאָ
ביז העכסטן הימל נאָר אין מיר אַן ענטפער דאָ!
— אַ שאָטן גיך פאַרבײַ, וואָס אָן אַ שפּור פאַרפליט ער,

דו טרעטסט מיט לײַכטן פוס און מיט אַ רויִק האַרץ
אויף טעמפּע מענטשן, וואָס זיי האַלטן דיך פאַר ביטער —
דו מלאך טונקעלער מיט אַ געזיכט פון אַרץ!

דו פרעגסט: פון וואַנען קומט דײַן מאָדנער צער, מײַן ליבער,
וואָס שטײַגט ווי צו אַ הוילן שוואַרצן פעלדז דער ים?
— ווען אונדזער האַרץ איז שוין זײַן טרויבן־צײַט אַריבער,
איז לעבן נאָר אַ לאַסט, אַן סודות און אַן טעם,

אַ ווייטיק פשוטער, אַן רעטעניש, אַן רמז,
וואָס ווײַזט זיך אָפן יעדן, ווי דײַן פריידגעפיל.
טאָ זוך ניט, נײַגעריקע שיינע, דאָ קיין אמת,
הגם ס׳איז מילד דײַן שטים, נאָר כ׳בעט דיך איצט: זײַ שטיל!

זײַ שטיל, אומוויסיקע, מיט לאַכן פון אַ קינד,
נשמה שטראַליקע, אויב אונדז דאָס לעבן בינדט,
נאָך אָפטער בינדט דער טויט אונדז דורך סובטילע פניות.

טאָ לאָז מײַן האַרץ באַרוישן זיך פון ליגן־שוים,
זיך טובלען אין דײַן בליק ווי אין אַ שיינעם טרוים,
און דרימלען לאַנג אין שאָטן־תהום פון דײַנע ווִיעס.

.XLIII

וואָס זאָגסטו הײַנט אין אָוונט, עלנטע נשמה,
וואָס וועסטו זאָגן הײַנט, מײַן האַרץ, פֿאַרוועלקט, פֿאַרוויסט,
צו איר, דער סאַמע שענסטער, ליבסטער, פֿול נחמה,
דורך וועמענס בליק דעם געטלעכן דו ווידער בליסט?

— ס׳איז אונדזער גרעסטער שטאָלץ פֿאַר איר צו זינגען שבחים,
קיין שענערס איז ניטאָ ווי אין איר דינסט צו זײַן;
איר רוחניותדיקער גוף האָט ריחות פֿון מלאכים
און ס׳קליידט איר אויג אונדז אָן מיט דורכזיכטיקער שײַן.

צי איז עס אין דער נאַכט, דער איינזאַמער, פֿאַרהילטער,
צי איז עס אויף דער גאַס, מיט מענטשן איבערפֿילטער,
איר גײַסט שוועבט אין דער לופֿט, ווי ס׳שוועבט אַ פֿאַקל העל.

ער רעדט צומאָל און זאָגט: „כ׳בין שיין און איך באַפֿעל,
צו ליבן, מיר צוליב, די שיינקייט מיט כוונה;
איך בין דער מלאך, בין די מוזע, די מאַדאָנע!״

## XLVII. דער גײַסטיקער קאַיאָר

װען בײַ הולטײַעס דעם פּרימאָרגנס װײַסע פּראַכט
װעקט אויף דעם אידעאַל, װאָס נאָגט אין דער נשמה,
הייבט װירקן אָן אין איר אַ מיסטישע נקמה —
אַ מלאך אין דער טעמפּער חיה דאַן דערװאַכט.

פֿון הימלען גײַסטיקע דער אין־סוף דער פֿאַרבלויטער
דעם מענטשן דעם געדריקטן, װאָס ער טרוימט און לײַדט,
זיך עפֿנט װי אַ טיפֿער תהום און רופֿט אין װײַט, —
אַזוי אויך, ריינע געטין, דורכזיכטיק און לויטער

אויף חורבות רויכיקע פֿון װיסטע נעכט פֿון זינד
דײַן זכר נאָך מער העלער, ראָזעװער, באַלעבטער
פֿאַר מײַנע אויגן אָפֿענע כסדר שװעבט ער.

פֿאַרטונקלט האָט די זון דעם פֿלאַם פֿון ליכט אַצינד.
אַזוי באַזיגעװדיק און שטראַלעװדיק און הערלעך
דײַן אָפּבילד לײַכט פֿאַר מיר, װי ס׳לײַכט די זון אומשטערבלעך!

## XLVIII. אָוונט־האַרמאָניע

אָט קומט די שעה איצט אָן, ווען אין דער לופט דער לויער
מיט ציטער יעדע בלום איר קטורת לאָזט צעגיין;
עס קרײַזן ריחות, טענער אין פאַרנאַכט אַליין,
אַ בענקענדיקער וואַלס פון אָפּשייד און באַדויער.

מיט ציטער יעדע בלום איר קטורת לאָזט צעגיין;
עס קלאָגט די פידל ווי אַ האַרץ געקווועלט פון טרויער,
אַ בענקענדיקער וואַלס פון אָפּשייד און באַדויער;
דער הימל הענגט ווי אַ פּרוכת שטיל און שיין.

עס קלאָגט די פידל ווי אַ האַרץ געקווועלט פון טרויער,
אַ צערטלעך האַרץ, וואָס האַסט דאָס אומזיסן און פאַרגיין;
דער הימל הענגט ווי אַ פּרוכת שטיל און שיין;
די זון פאַרקײַקלט זיך דורך בלוטיק־רויטן טויער.

אַ צערטלעך האַרץ, וואָס האַסט דאָס אומזיסן און פאַרגיין,
וואָס זוכט דעם לעצטן שטראַל פון שטאַרבנדיקן זוהר;
די זון פאַרקײַקלט זיך דורך בלוטיק־רויטן טויער...
ווי אַ נר־תמיד לײַכט אין מיר דײַן אָנדענק ריין!

## LI. פֿאַרכמאַרעטער הימל

עס דוכט זיך, דײַן בליק איז פֿאַרשלייערט פֿון נעפּלען־געשפּין,
דײַן אויג איז אַ סוד (איז עס בלוי, אָדער גרוי, אָדער גרין ?).
וואָס אָט איז פֿאַרחלומט, אָט גרויזאַם, אָט ווייך,
און שפּיגלט פֿון הימל דעם גלײַכגילט און בלייך.

דו ביסט ווי די טעג, וועלכע ווײַס זײַנען, וואַרעם, פֿאַרהילט,
ווען פּלוצלינג געוויין דאָס פֿאַרכישופֿטע האַרץ איבערפֿילט;
ווען וויטיק אַ מאָדנער די נערוון צערײַסט,
וואָס חוזקן אָפּ פֿון פֿאַרשלאָפֿענעם גײַסט.

צומאָל זעסט דו אויס ווי די הימלען די שיינע אין ווײַט,
ווען ס'צינדן די זונען זיי אָן אין פֿאַרנעפּלטער צײַט;
ווי הייבסטו אָן גלאַנצן, אָ, לאַנדשאַפֿט פֿון האַרבסט,
ווען דו מיט אַ שטראַל נאָר די וואָלקנס באַפֿאַרבסט!

אָ, דו, אַטמאָספֿער, וואָס פֿאַרפֿירט, אָ, געפֿערלעכע פֿרוי!
צי וועל איך דײַן שניי און דײַן פֿראָסט אויך נאָך ליבן אַזוי?
געפֿינען איןווינטערס פֿאַרפֿראָרענעם קרײַז
תענוגים נאָך שאַרפֿער פֿון אײַזן און אײַז?

## LIII. די שיינע שיף

איך וויל דיר באַשרײַבן, פאַרכישופטע כלה,
דעם חן פון דײַן יוגנט, די שיינקייטן אַלע,
דיר מאָלן דײַן הערלעכן לײַב,
ווו ס'זײַנען פאַרצווילינגט אַ קינד און אַ ווײַב.

דו גייסט און דו פאָכסט מיט די קליידער די ברייטע
און ביסט ווי אַ שיף, וואָס מיט זעגלען צעשפרייטע
געוויגט דורכן ווינט שווימט אַוועק
פאַמעלעך און פרײַ און בנעימות פון ברעג.

אויף ברייטלעכן האַלדז און אויף שולטערן פולע
עס פאַוועט דײַן קאָפּ זיך מיט זעלטענער גדולה,
דו גייסט אַזוי זיגעוודיק לינד
דײַן וועג זיך פאַרבײַ, אָ, דו קעניגלעך קינד!

איך וויל דיר באַשרײַבן, פאַרכישופטע כלה,
דעם חן פון דײַן יוגנט, די שיינקייטן אַלע,
דיר מאָלן דײַן הערלעכן לײַב,
ווו ס'זײַנען פאַרצווילינגט אַ קינד און אַ ווײַב.

דעם גלאַנציקן זײַד שטויסט דײַן בוזעם דער רונדער,
דײַן בוזעם, וואָס טראָגט ווי אַן אַלמער פול וווּנדער,
מיט וועלבונגען גלאַטיק און פֿײַן,
וואָס שפּיגלען ווי שילדן אָפּ בליציקע שײַן.

צוויי שילדן מיט ראָזעווע שפּיצן, וואָס וואַכן,
אַן אַלמער פול סודות און טײַערסטע זאַכן,
פול בשמים און ווײַן און ליקער,
וואָס צינדן אין הערצער אַן הייסן באַגער.

דו גייסט און דו פּאַכסט מיט די קליידער די ברייטע
און ביסט ווי אַ שיף, וואָס מיט זעגלען צעשפּרייטע
געוויגט דורכן ווינט שווימט אַוועק
אין מילדן פּאַמעלעכן ריטעם פון ברעג.

די איידעלע קני, וואָס דעם קליידערזוים יאָגן,
די טונקעלע תאוות צערייצן און פּלאָגן,
ווי ס׳וואָלטן מכשפות צו צווייט
אַ ליבע־געטראַנק אין אַ וואַזע געדרייט.

אַ הערקולעס וואָלטן באַזיגט דײַנע אָרעמס,
פון גלאַנציקע שלאַנגען די קרעפטיקע פּאָרעמס,
וואָס דריקן צו פעסט ווי מיט אַרץ,
כּדי דײַן געליבטן פּאַרזיגלען אין האַרץ.

אויף ברייטלעכן האַלדז און אויף שולטערן פּולע
עס פֿאַוועט דײַן קאָפּ זיך מיט זעלטענער גדולה;
דו גייסט אַזוי זיגעוודיק לינד
דײַן וועג זיך פֿאַרבײַ, אָ, דו קעניגלעך קינד!

## LIV. אײַנלאַדונג צו רײַזע

מײַן שוועסטער, מײַן קינד,
ווי וואָלט געווען לינד
צו גיין דאָרטן לעבן אין אײנעם;
זיך ליבן אין פרייד,
ביז ס׳לעבן פאַרגייט,
אין לאַנד ווי דו אַזאַ שײנעם!
די זון, וועלכע פײַכט
די נעפּלען דורכלײַכט,
זי וועקט אין מײַן גײַסט אויף באַגערן
פון סודותדיק גליק,
ווי דו, ווען דײַן בליק,
דײַן בוגד־בליק פינקלט דורך טרערן.

דאָרטן — ווו שײנקייט אויף אַלץ איז פאַרשפּרייט,
מאָס און מנוחה און ווױלגלוסט און פרייד.

און מעבל קאָלירט,
דורך יאָרן פּאָלירט,
וועט אונדזערע צימערן צירן;
פון בלומען אַרום
דער דופט אומעטום
מיט אַמבראַ־פּאַרפום זיך באַרירן.

דער באַלקן באַמאָלט,
די שפּיגלען אין גאָלד,
דער גלאַנץ פון די מזרח־מדינות
אַלץ ריידן וועט שטיל
בסוד צום געפיל
זײַן היימישן לשון בנעימות.

דאָרטן — ווּ שיינקייט אויף אַלץ איז פאַרשפּרייט,
מאָס און מנוחה און ווױלגלוסט און פרייד.

זע דרימלען אָט דאָרט
די שיפן אין פּאָרט,
וואָס בענקען שוין ווידער נאָך וועגן;
דײַן מינדסטער באַגער
ער פירט זיי אַהער
פון סאַמע פאַרוואָרפנסטע ברעגן.
די זון, וואָס פאַרגייט,
די פעלדער באַקליידט,
דעם האַפן, די שטאָט, די קאַנאַלן;
אין גאָלד און יאַצינט
שלאָפט וועלט אײַן אַצינד,
באַדעקט מיט די וואַרעמע שטראַלן.

דאָרטן — ווּ שיינקייט אויף אַלץ איז פאַרשפּרייט,
מאָס און מנוחה און ווױלגלוסט און פרייד.

## LVI. שמועס

איר זײַט אַ האַרבסט־הימל מיט ליכט אַ קלאָרן, ראָזן,
נאָר טרויער שטײַגט אין מיר ווי כוואַליעס פונעם ים,
וואָס נאָכן אָפּפלייץ אויף מײַן ליפּ דער טעמפּער לאָזן
פון ביטער־שאַרפן שליים דעם ברענענדיקן טעם.

עס צערטלט מיר די ברוסט אומזיסט דײַן האַנט די מילדע,
וואָס זי דאָרט זוכט, מײַן פרײַנדין, איז שוין לאַנג צעשטערט
דורך ווײַבער־נעגל און דורך ווײַבער־ציין די ווילדע.
נישט זוכט מײַן האַרץ, די חיות האָבן עס פאַרצערט.

מײַן האַרץ איז אַ פאַרשוועכטער פּאַלאַץ, ווו עס הוליעט
אַ באַנדע מערדער און שיכורים וויסט אַרום.
— צו אײַער ברוסט דער נאַקעטער פאַרפום זיך טוליעט...

אָ, שיינקייט, האַרטע בײַטש פון די נשמות, קום!
מיט דײַנע פײַער־אויגן, ווו יום־טובים בלענדן,
דעם רעשט, פאַרשוינט פון חיות־ציין, פאַרברען, פאַרלענד אים!

## LVII. האַרבסטגעזאַנג

א

מיר וועלן באַלד פאַרזינקען אין אַ קאַלטן חושך,
אַדיע, צו־קורצע זומערס, ליכטיק־העלע צײַט!
שוין הער איך, ס'קוילערט אויפן ברוק מיט הוילן רויש זיך,
ווי שטיינער אויף אַן ארון, ברענהאָלץ שײַט נאָך שײַט.

דער ווינטער דרינגט אין מיר אַרײַן מיט שוידער שטאַרן,
מיט שנאה, צאָרן, שרעק, געצוווּנגען שווערן פלײַס.
און ווי די זון אין איר גיהנום דעם פּאָלאַרן
וועט ווערן באַלד מײַן האַרץ אַ גוס פון רויטן אײַז.

מיט ציטער הער איך יעדע שײַט, וואָס פאַלט אין דרויסן;
ווי דאָרט וואָלט מען געבויט אַ תליה, הילכט עס טויב.
מײַן גײַסט איז ווי אַ טורעם, וואָס ער ווערט צעשטויסן
דורך שווערן שטורעמבאָק אָן רו אויף שטיין און שטויב.

מיר דוכט, פון טאָן, וואָס טופּעט מאָנאָטאָן, באַנומען,
מען נאָגלט גיך אַ טרונע דאָרט. פאַר וועמען בלויז?
געוועזן נאָך זומער ערשט און שוין איז האַרבסט געקומען,
דער אויסטערלישער רויש דערמאָנט: ס'איז אויס! ס'איז אויס!

ב

פון דײַנע לאַנגע אויגן כ׳ליב דעם גרינעם שימער,
דו מילדע פרוי, נאָר הײַנט איז ביטער מיר אַזוי;
און ניט דײַן ליבע, דער קאַמין, דאָס שטילע צימער,
פאַרבײַטן מיר אַ זון, וואָס שטראַלט אויף ימען־בלוי.

נאָר ליב מיך פאָרט, דו צערטלעך האַרץ, און זײַ אַ מוטער
אפילו פאַר אַן אומדאַנקבאַרן, שלעכטן זון.
אַ כלה, צי אַ שוועסטער, זײַ דער טרוים דער גוטער,
וואָס באַלד פאַרשווינדט, ווי גלאַנץ פון האַרבסט, ווי מערב־זון.

די מי איז קורץ. דער קבר וואַרט, דער זשעדנער, שטומער,
אָ, לאָז אויף דײַנע קני באַהאַלטן מײַן געזיכט,
און טראָפּנווײַז, פאַרבענקט נאָך הייסן, ווײַסן זומער,
פון האַרבסט לאָז טרינקען מיר דאָס לינדע געלע ליכט.

צי לאָזט זיך דײַן האַרץ אַ מאָל פֿליִען, אַגאַטע,
פֿון פֿינצטערן ים פֿון דער טמאיקער שטאָט
צו ימען, וואָס ליכטיקן שפּיגלדיק גלאַטע
און בלאָע און טיפֿע ווי אומשולד און גנאָד?
צי לאָזט זיך דײַן האַרץ אַ מאָל פֿליִען, אַגאַטע?

דער ים דער אַלמעכטיקער שטילט אונדזער לייד;
ווער האָט דען געגעבן זײַן ברומיקן ניגון,
פֿון ריזיקן אָרגל פֿון ווינטן באַגלייט,
די קראַפֿט די דערהויבענע אונדז צו פֿאַרוויגן?
דער ים דער אַלמעכטיקער שטילט אונדזער לייד!

פֿיר, וואָגן, מיך ווײַט! טראָג אַוועק מיך, פֿרעגאַטע!
וואָס ווײַטער פֿון טרערן־געקנאָטענעם קויט!
צי זאָגט ניט פֿאַראַבלט דאָס האַרץ פֿון אַגאַטע:
אַוועק פֿון פֿאַרברעכן, חרטה און נויט
פֿיר, וואָגן, מיך ווײַט, טראָג אַוועק מיך, פֿרעגאַטע!

ביסט ווײַט, אָ, גן־עדן, דו דופּטיקע ערד,
ווו ס'שטראַלן נאָר פֿריידן פֿון הימלען פֿון בלאָע;
ווו אַלץ, וואָס מען ליבט, איז די ליבע אויך ווערט,

דאָס האַרץ זיך דערטרינקט אין דער ריינסטער הנאה.
ביסט ווײַט, אָ, גן־עדן, באַלזאַמישע ערד —

דער גרינער גן־עדן פון ליבעס פון קינדער,
דאָס שפּילן, דאָס זינגען, דאָס קושן, דער טאַנץ,
די פידלען, וואָס קלינגען פון ווײַטן נאָך לינדער,
דער ווײַן און דער פּאַרק אין פאַרנאַכטיקן גלאַנץ,
— נאָר גרינער גן־עדן פון ליבעס פון קינדער,

גן־עדן פון תמימות, און שימער, און גליק,
צי איז ער שוין ווײַטער ווי אינדיע און כינע?
צי ברענגט אַ פאַרבענקטע אים שטימע צוריק,
לעבט אויף ער בײַם זילבערנעם קלאַנג פון נגינה,
גן־עדן פון תמימות, און שימער, און גליק?

## LXVI. האַרבסטסאָנעט

מיך פרעגט צומאָל דײַן בליק, קרישטאָליק־ריין און בלאַנק:
„פון וואַנען נעמט זיך איבער דיר מײַן מאָדנע שליטה?״
— זײַ שיין און שווײַג! אַלץ קוועלט מײַן האַרץ דאָס אָפּגעבליטע
אַחוץ דער תמימות פון אַ חייִשן פאַרלאַנג;

עס וויל ניט ווײַזן זײַן גיהנומשן געדאַנק
פאַר דיר, וואָס וויגסט אין שלאָף מיט פינגער אָפּגעהיטע —
און ניט זײַן שריפט, פון שוואַרצן פלאַם אַ דורכגעגליטע.
איך האָס די לײַדנשאַפט, די קלוגשאַפט מאַכט מיך קראַנק.

טאָ לאָמיר שטיל זיך ליבן. אַמאָרס האַנט געניטע
דעם פײַלנבויגן שפּאַנט אין שאָטן פון אַ גאַנג.
זײַן אַלטן אַרסענאַל דעם קען איך שוין פון לאַנג:

פאַרברעך, שגעון, שרעק! — אָ, בלאַסע מאַרגעריטע,
צי ביסטו ניט ווי איך אַ זון פון האַרבסט־פאַרגאַנג,
מײַן זייער ווײַסע, זייער קאַלטע מאַרגעריטע?

## LXXI. די מוזיק

אָפט טראָגט די מוזיק מיך אַוועק ווי דער ים;
מײַן שטערן דעם בלייכן
דורך בלאָ־קער וויַיט צי דורך שווערן טומאַן
מײַן שיף וויל דערגרייכן.

די לונגען געשפּאַנט און די ברוסט אַזוי שטאַרק
צו זעגלען זיך גלײַכן,
איך רײַט אויפן קאַרק פון דעם כוואַליקן באַרג
דורך נאַכטישע טײַכן.

איך שפּיר פון דער שיף, וועלכע קעמפט, יעדן ריר
און הייסן געציטער;
צי וויגט מיך אויף אָפּגרונטן זאַנפט דער זעפיר,

צי ברויזט דאָס געוויטער...
דערנאָך — פלאַכע רו, ווו עס שפּיגלט זיך שטאַר
מײַן אומענדלעכער צער.

## LXXVI. דער געפּלאַצטער גלאָק

ווי זיס און ביטער איז אין שפּעטער ווינטערנאַכט
צו האָרכן בײַם קאַמין, ווו ס׳רייכערן זיך שײַטן,
ווען לאַנגזאַם די זכרונות קומען אָן, דערוואַכט
בײַם קלאַנג פון גלאָקן אין די נעפּלדיקע ווײַטן.

יאָ גליקלעך איז דער גלאָק מיט גבורהדיקער צונג,
וואָס טראָץ זײַן עלטער — מונטער און געזונט, אָן ציטער
דערלאַנגט געטרײַ מיט שווונג אַ וואָרף זײַן פרומען קלונג,
ווי ס׳רופט אויף וואַך אַן אַלטער זעלנער אַ געניטער.

נאָר מײַן נשמה איז געפּלאַצט און ווען זי מאַט
איר פּײַן אַרויסצוזינגען פּרוווט אין קאַלטן נעפּל,
דערמאָנט איר שוואַכע שטימע אָפט דעם גסיסה־פּרעפּל

פון אַ פאַרגעסענעם פאַרווונדעטן סאָלדאַט,
וואָס אונטער בערג פון טויטע ליגט פאַרשטאַרט, אָן האָפן,
און ראַנגלט זיך אין לוזשעס בלוט, פון טויט געטראָפן.

## LXXVII. מרה־שחורה א

דער רעגן־חודש, אויפֿן לעבן פֿול מיט צאָרן,
אַ חושכדיקע קעלט לאָזט שטראָמען פֿון זײַן פֿאַס
אויף שטומע שאָטנס, וואָס זיי ליגן אין די קבֿרים,
און שטאַרביקייט אויף די, וואָס ליגן אויף דער גאַס.

מײַן קאַץ, וואָס אַ געלעגער זוכט, זיך וואַרפֿט פֿאַרלאָרן
און דרייט איר דאַרן גוף דעם קרעציקן מיט כּעס;
אַן אַלטן דיכטערס רוח בלאָנקעט בייז, פֿאַרפֿראָרן,
און בורטשעט אין דער רינע מיט פֿאַרקילטן באַס.

עס קלינגט צו חצות. מיט פּיסטעלשטים די שײַט פֿאַרקווילטע
באַגלייט דעם הייזעריקן זייגערס דומפּן קול.
אין קאָרטן־פּעשל נאָר, מיט ריחות פֿול פֿאַרפֿוילטע,

געבליבן פֿון אַ קראַנקער זקנה דאָ אַמאָל,
דער אונטער רויט און דאַמע פּיק פֿאַראַבלט ריידן
פֿון ליבעס לאַנג פֿאַרשטאָרבענע און טויטע פֿריידן.

## LXXVIII. מרה־שחורה ב

איך טראָג זכרונות ווי שוין טויזנט יאָרן אַלט.

אַ גרויסער שרײַבטיש מיט שופלאָדן, וואָס באַהאַלט
אַ שלל חשבונות, ליבע־בריוולעך, לידלעך, בלעטלעך,
און בינטלעך שווערע האָר, פאַרוויקלטע אין צעטלעך,
האָט סודות ווייניקער, ווי איך אין מוח שלעפּ;
אַ פּיראַמיד איז ער, אַ ריזיק־טיפער סקלעפּ,
אַ מאַסן־קבר, ווו אַזוי פיל מתים פוילן.
איך בין ווי אַ בית־עולם, פונעם ליכט פאַרהוילן,
ווו לאַנגע ווערעם ווי חרטות גיריק־שאַרף
אויף מײַנע ליבסטע טויטע גיבן זיך אַ וואַרף.
איך בין אַן אַלטער בודואַר, ווו רויזן שטאַרבן,
מיט קליידער פול אַלטמאָדישע פון מאָדנע פאַרבן;
ווו נאָר בושעס אַ בילד, אַ ראָקאָקאָ־גראַוויור
פון ליידיקן פלאַקאָן נאָך אָטעמען די שפּור.

וואָס קאָן נאָך לענגער זײַן ווי אָט די טעג די לאָמע,
ווען אונטער שווערן שניי, וואָס שיט אויף דער נשמה,
דער לאַנגוויַיל — קינד פון טעמפּן גלײַכגילט — מעכטיק־גרויס
צו דער מדרגה פון דער אייביקייט וואַקסט אויס.

— פון איצטער ביסטו בלויז, דו חלומדיקער חומר,
אַ שטיין גראַניט, פון שוידערן אַ שטומער שומר;
אַן אַלטער ספינקס, פאַרגעסן אין סאַהאַראַ־זאַמד,
דער וועלט אָן זאָרגן — פרעמד; אויף מאַפּעס אומבאַקאַנט;
און נאָר דער זונפאַרגאַנג, ווען ער זיך רויט צעגליט גאָר,
וועקט אויף זײַן ווילד געזאַנג, וואָס ברומט אַרום אין מדבר!

## LXXIX. מרה־שחורה ג

צום קעניג בין איך גלײַך פון לענדער נאַס און קאַלט;
אַ רײַכער — נאָר אָן קראַפט, נאָך יונג און פאָרט שוין אַלט.
דערווידער איז אים זײַנע ראָטגעבערס הכנעה;
ער האָט פון הינט און פערד ניט מער קיין שום הנאה;
ניט יאַגד, ניט שפּיל, ניט טאַנץ אים ניט דערפרייען קאָן,
און ניט זײַן פאָלק, וואָס שטאַרבט אַנטקעגן זײַן באַלקאָן.
פון לוסטיקסטן פּאַיאַץ די חכמהלעך די ווילע
זיי גלעטן ניט די קנייטשן אויס בײַם כמורנעם חולה;
ער לייגט זיך אויף זײַן פּראַכטבעט ווי אַ מת אַרויף;
און דאַמען, וואָס באַגערן יעדן פירשט בײַם הויף,
געפינען ניט קיין טואַלעט, קיין חצופה־הולך,
דעם יונגינקן סקעלעט זאָל ווערן עטוואָס פריילעך.
זײַן רופא, וועלכער מאַכט אים גאָלד, ניט מער פאַרשטייט,
דעם סם אַרויסצוצאַפּן פון זײַן אינגעווייד,
און אויך מיט בלוטבעדער, וואָס רוים האָט אונדז פאַרשריבן,
און מושלים אויף די אַלטע יאָרן זייער ליבן,
דערוואַרעמט האָט ער ניט דעם חלוש, טויב און בלינד,
וואָס ניט קיין בלוט אין אים — נאָר גרין די לעטע רינט.

## LXXX. מרה־שחורה ד

ווען טיף די הימלען ווי אַ שווערער דעקל דריקן
אויף אונדזער גײַסט, פון לאַנגן לאַנגווײַלן פאַרשמאַכט;
און פונעם האָריזאָנט, וואָס וויל אונדז שיער דערשטיקן,
אַ טאָג אונדז רינט אַראָפּ נאָך פינצטערער ווי נאַכט;

ווען ס׳ווערט די ערד פאַרוואַנדלט אין אַ פײַכטן קאַרצער,
די האָפענונג איז ווי אַ פלעדערמויז פאַרבלענדט,
וואָס שטויסט דעם קאָפּ אין סטעליע דער פאַרשימלט־שוואַרצער
און שלאָגט מיט פחד־פליגלען די פאַרפוילטע ווענט;

ווען ס׳לאָזט דער רעגן זײַנע ריזעדיקע נעצן
ווי קראַטעס פון אַ תפיסה אויף דער וועלט אַראָפּ,
און שטומע שאַרן שפינען זיך אַנידערזעצן
ווי שוואַרצע פישער בײַ דעם ראַנד פון אונדזער קאָפּ;

און גלאָקן פלאַצן פלוצלינג דאַן אַרויס ווי דולע
צום הימל מיט געברום מאוימדיק און ברייט,
ווי ס׳וואָלטן רוחות, בלאָנקענדיק, אָן היים, אָן גאולה,
גענומען יאָמערן עקשנותדיקערהייט;

— דאַן איז אין מײַן געמיט: לוויות, קברים, שטאַרבן,
די האָפענונג באַזיגט, באַרויבט, בלויז וויינען קאָן;
און טיף פלאַנצט אײַן אין מײַן אַראָפּגעלאָזטן שאַרבן
די שרעק דעספּאָטיש און ברוטאַל איר שוואַרצע פאָן.

## LXXXVIII. דאָס ניט־פאַרויסגעזעענע

זײַן גוססן טאַטן באַוואַכט האַרפּאַגאָן,
ער קוקט אויף די ליפּן פאַרבלאַסטע און טראַכט זיך:
„מיר האָבן אַ ברעט איפּן בוידעם, וואָס קאָן
אונדז איצטער צונוצקומען, דאַכט זיך.”

צעלימענע זי וואָרקעט: „כ׳האָב אַ גוט האַרץ!
נאַטירלעך האָט גאָט מיך באַשאַפן געראָטן.”
איר האַרץ ווי פון שינקע אַ שטיק אַ פאַרדאַרטס,
אין פלאָם פון גיהנום געזאָטן.

אַ צײַטונגל־שמירער זיך האַלט פאַר אַ לײַט
און זאָגט צום שלימזל דעם דיכטער מיט בייזער:
„ווו איז ער אָט דער, וואָס די שיינקייט באַנײַט,
פון דיר דער געלויבטער דערלייזער?”

איך קען אַ בעל־תאווה, אַ וויסטן הולטײַ,
וואָס געגעצט כסדר און הערט ניט אויף שווערן,
דער טומלער און טומטום: „אַ צדיק באַדײַ,
וויל איך — אָבער מאָרגן ערשט ווערן.”

דער זייגער ברומט בייזערדיק אָבער: „צו שפּעט.
אומנישט כ׳האָב געוואָרנט די זינדיקע זרע.

דער מענטש ער איז בלינד און איז טויב, ווי אַ ברעט,
צענאָגט און צעפרעסן פון ווערעם.״

נאָר דעמאָלט קומט עמעץ, וואָס קיינער ניט וויל
דערקענען און זאָגט: „צי געדענקט איר ניט וואָס אים
געשוואָרן איר האָט בײַ דעם פריילעכן שפּיל
אויף גלוסטיקע שוואַרצע שבתים?

אַ טעמפּל האָט יעדער אין האַרץ מיר געשטעלט,
געהיים זיך געבוקט פאַר מײַן אחור, געקראָכן.
דעם שטן איצט, מיאוס און גרויס ווי די וועלט,
דערקענט אין זײַן לאַך פון נצחון!

צי האָט איר, צבועקעס, אײַך טאַקע געמאָלט,
אַז אָפּנאַרן קאָן מען דעם מײַסטער מיט ריידן?
צי האָט איר געוואָלט ווערן צוויי מאָל באַצאָלט,
אי רײַך זײַן, אי זײַן אין גן־עדן?

באַלוינען דאָך מוז דאָס געווילד די געדולד
פון יעגער געניטן, וואָס וואַרט אויף דער לויער;
געקומען די צײַט איז צו דעקן די שולד —
צו טיילן מײַן יום־טוב פון טרויער.

אַוועקטראָגן כ׳וועל אײַך דורך פעלדזיקער דיק,
דורך אײַערע קופּעס פון אַש און פון ביינער,

אין שלאָס מײַנעם, ריזיק, פון אײנצלנעם שטיק,
און ניט פון צעברעכלעכע שטײנער.

ווײַל ער מיט דער אײביקער זינד איז פאַרלײגט
און כולל מײַן גאווה, מײַן ווייטיק, מײַן גדולה!"
— נאָר איבערן וועלטאַל אַ מלאך זיך בײגט
און בלאָזט אין דעם שופר פון גאולה

פאַר די, וואָס זײ זאָגן: „געבענטשט איז דײַן קנוט!
דײַן גזר איז, רבונו של עולם, אַ ברכה.
מײַן זעל אין די הענט דײַנע האָפערדיק רוט,
און ס'איז אומבאַגבולט דײַן השגחה."

ווי נעימותדיק־זיס איז דער קלאַנג פון טרומײט
אין אָוונט בײַם קלײַבן די הימלישע טרויבן,
אַז ער ווי התפעלות אין יענע צעגײט,
וואָס זײ טוט ער רימען און לויבן.

## XCII. צו אַ מיידל פון מאַלאַבאַר

דײַן פוס, וואָס צאַרט איז ווי דײַן האַנט, דײַן גאַנג גראַציעזן
די שענסטע ווײַסע פרוי מקנא וואָלט געווען;
דעם קינסטלער טײַער איז דײַן קערפּער, שיין־געבויט,
דײַן סאַמעטענע אויג, נאָך שוואַרצער ווי דײַן הויט.
אין הייסן בלויען לאַנד, ווו האָסט דערזען דאָס לעבן,
דײַן הער באַדאַרפסטו פֿײַער פֿאַר זײַן לולקע געבן,
מיט בשמים־וואַסער אָנפילן די קרוגן פריש,
פאַרטרײַבן די מאָסקיטאָס פונעם בעט און טיש,
און פרי, ווען ס'זינגט דער מאָרגנווינט אין די פּלאַטאַנעס,
פון מאַרק באַזאָרגן אַנאַנאַסן און באַנאַנעס.
דו קאָנסט אַ גאַנצן טאָג אַ באָרוועסע דאָרט גיין,
אַן אַלטן ניגון מורמלענדיק פֿאַר זיך אַליין.
און קומט דער אָוונט אָן אין פּורפּור־פּעלערינע,
פּאַוואָליע לייגסטו זיך צום שלאָף אויף מאַטעס דינע,
און פילקאָליריק ווי קאָליבריס־פייגל פליט
דײַן חלום לײַכט אַרום, ווי דו צעבלומט, צעבליט.

צו וואָס־זשע אײַלסט זיך, גליקלעך קינד, צו אונדז קיין פראַנקרײַך,
וואָס פול מיט מענטשן איז, מיט לײַדן און געדראַנג רײַך?
דײַן גורל ווילסטו לאָזן אין מאַטראָסן־האַנט?
פאַרלאָזן דײַן געליבטן טאַמאַרינדן־קאַנט?

אַ לײַכט־באַקלײדטע בלויז מיט דינע מוסעלינען,
ווי ווערסטו ציטערן אין שניי און רעגן־רינען;
ווי וועט דיר באַנג טאָן פון אַמאָל די זיסע זעט,
ווען אײַנשפּאַנען דײַן ברוסט ברוטאַל וועט דער קאָרסעט,
און ווערסט דײַן אָוונטברויט אין קויט פאַרדינען לויפן,
דײַן אויסטערלישן חן פאַר יעדן צו פאַרקויפן —
פאַרטראַכט זיך מאָלנדיק, אין נעפּל אײַנגעהילט,
פון ווײַטע קאָקאָס־פּאַלמעס דאָס געשפּענסטער־בילד.

## XCIV. לויבגעזאַנג

די סאַמע געליבטע און הערלעכע,
וואָס ליכט אין מײַן האַרצן צעגיסט,
דער מלאך, די געטין אומשטערבלעכע
אומשטערבלעך זאָל ווערן געגריסט!

זי האָט אין מײַן לעבן זיך אויסגעשפּרייט
ווי זאַלציקע לופט פון דעם ים,
און האָט אין מײַן שטרעבן אַרײַנגעווייט
אין אַלצדינג דעם אייביקייט־טעם.

אַ קישן פון בשמים פון בלומיקע,
וואָס שמעקעדיק פילט אָן די היים;
פאַרגעסענע קטורת פאַרפומיקע,
וואָס דופטיקט בײַ נאַכט אין געהיים.

אָ, ליבע דערהויבענע, ציכטיקע,
ווי זאָל איך דיך שילדערן גוט?
אַ קערנדל מירע ניט־זיכטיקע
אויף גרונט פון מײַן אייביקייט רוט.

דו ליבלעכסטע מײַנע און הערלעכע,
וואָס פרייד און געזונט דו מיר גיסט,
דו מלאך און געטין אומשטערבלעכע,
זאָלסט זײַן מיר אומשטערבלעך געגריסט!

## XCVII. דאָס וואַסער־שפּיל

פֿאַרמאַכסט דײַנע אויגן פֿאַרמאַטערט,
געליבטע, בלײַב רויִק פֿאַרוויגט
אין פּאָזע צעוואָרפענער, מאַטער,
ווו ס׳האָט דיך דער תענוג באַזיגט.
אין הויף דער פֿאָנטאַן מיט זײַן פּלאַפּל,
וואָס שווײַגט ניט סײַ טאָג און סײַ נאַכט,
באַגלייט דעם עקסטאַטישן צאַפּל,
וואָס ס׳האָט מיר די ליבע געבראַכט.

אין טויזנטער קווייטן
צעשפּריצן די גאַרבן,
ווו פֿעבע מיט פֿריידן
וואַרפֿט שטראַלן און פֿאַרבן,
אין רעגן אין ברייטן
פֿון טרערן זיי שטאַרבן.

און אויך דײַן נשמה, דורך בליצן
פֿון פֿלאַמיקער תאווה צעגליט,
אין דרייסטן און ראַשיקן שפּריצן
צו הימלען פֿאַרכישופֿטע פֿליט.
דערנאָך, ווען זי שטאַרבט אין פֿאַררוען,
זי אומעטיק ברייט זיך צעגיסט

און איבער געהיימע שיפֿוען
אין תהום פֿון מײַן האַרצן זי פֿליסט.

אין טויזנטער קווייטן
צעשפּריצן די גאַרבן,
ווו פּעבע מיט פֿריידן
וואַרפֿט שטראַלן און פֿאַרבן,
אין רעגן אין ברייטן
פֿון טרערן זיי שטאַרבן.

אָ, דו, אין דער נאַכט אַזאַ פֿײַנע,
געלענט אויף דײַן ברוסט, ווי איז שיין
צו האָרכן די אייביקע טענה,
וואָס קלאָגט אין פֿאָנטאַנען־באַסיין.
לבֿנה אין נאַכט אין דער בלויער,
דאָס וואַסער־געקלאַנג אַזוי מילד,
אין אײַער פֿאַרטראָגענעם טרויער
מײַן ליבע זיך שפּיגלט געשטילט.

אין טויזנטער קווייטן
צעשפּריצן די גאַרבן,
ווו פּעבע מיט פֿריידן
וואַרפֿט שטראַלן און פֿאַרבן,
אין רעגן אין ברייטן
פֿון טרערן זיי שטאַרבן.

## XCVIII. דער פּדיון

צוויי פּרוכפּערדיקע פּעלדער לאַנד
צום פּדיון קאָן דער מענטש נאָר האָבן,
און מוז ער אַקערן און גראָבן
זיי מיטן שטאָל פון זײַן פאַרשטאַנד.

כדי צו קריגן בלויז אַ זאַנג,
די מינדסטע רויז — ער מוז מיט טרערן
געזאַלצענע פון גרויען שטערן
באַגיסן זיי זײַן לעבן לאַנג.

דאָס פּעלד פון קונסט, דאָס ליבע־פעלד —
זיי מילדערן דעם שופטס אייפער,
ווען מאוימדיק שאַלט אויף דער שופר
פון יום־הדין פאַר אונדזער וועלט.

דעם שײַער עפּענען ער מוז,
געפּילט מיט בלומען און מיט גאַרבן,
ווײַל נאָר מיט פאָרמען און מיט פאַרבן
געווינט ער די מלאכימס זכות.

## CIV. התיחדות

אָ, זײַ דאָך קלוג, מײַן פּײַן, געדולדיק זיך און הויער,
אַט נידערט שוין אַראָפּ דער אָוונט, דײַן באַגער,
אַ שלייער וויקלט אײַן די שטאָט אַ טונקל־גרויער
און ברענגט פאַר איינעם רו, דעם צווייטן זאָרג און טרער.

בעת דער תלין תענוג מיט זײַן בײַטש דער רויער
אַ נידעריקן ערב־רב טרײַבט מער און מער
אין שקלאַפן־סעודות אויפצוקלײַבן בלויז באַדויער, —
גיב מיר די האַנט, מײַן פּײַן, קום ווײַט פון זיי, אַהער.

אָ, זע, ווי ס׳בייגן זיך פון הימלישע באַלקאָנען
די טויטע יאָרן אין אַלטפרענקישע פאַסאָנען;
מיט שמייכל די חרטה הייבט זיך אויף פון גרונט;

ווי הינטער בריקן־בויגן שטאַרבט דער זונען־קײַלעך,
און שלעפנדיק פון מזרח־זײַט איר טויטן־לײַלעך,
אָ, הער, געליבטע, הער, די מילדע נאַכט זי קומט.



באָדלער. געצייכנט דורך זיך גופא.
(נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק. פּאַריז).

# פּאַריזער בילדער

## CVIII. די לאַנדשאַפט

כדי מײַנע לידער אין צניעות צו שרײַבן,
בײַם הימל, ווי אַן אַסטראָלאָג, וויל איך בלײַבן;
אין שכנות פון גלאָקן כ׳וויל הערן אין טרוים
די יום־טוב־געקלאַנגען, וואָס שוועבן אין רוים;
בײַם פענצטער געלענט, וועל איך זען פון מײַן חדר
די ווערקשטוב, וואָס זינגט און וואָס פּלוידערט כסדר,
די קוימענס, די טורעמס, ווי מאַסטן צעשטעלט,
און הימלען, אין וועלכע די אייביקייט העלט.

ווי שיין איז צו זען, ווי עס ווערן געבאָרן
דער שטערן אין תכלת, דער לאָמפּ הינטער שטאָרן,
ווי ס׳שטײַגן די טײַכן פון רויך אויף געדיכט,
ווי ס׳כישופט די בלאַסע לבנה מיט ליכט;
די פרילינגען, זומערן, האַרבסטן זיך בײַטן, —
און קומען פון שניי מאָנאָטאָנע די צײַטן,
בײַ נאַכט, הינטער טירן און לאָדן פאַרמאַכט,
כ׳וועל בויען אין חלום היכלים פול פּראַכט.

װעל חלומען דעמאָלט פֿון בלױע טומאַנען,
פֿון פֿאַרקן און מירמל־געװײַן פֿון פֿאָנטאַנען,
פֿון קושן, פֿון פֿײגל, װאָס טרילערן מילד,
אידיליעס, נאַיִװ װי אַ קינדעריש בילד.
אומנישט די מהומה אין פֿענצטער װעט שלאָגן,
זי װעט פֿון מײַן פּולט מיך ניט קאָנען פֿאַריאָגן;
װײַל איך װעל פֿאַרזינקען אין תּאװה־געפֿיל,
צו רופֿן דעם פֿרילינג, אַזױ װי איך װיל,
צו ציִען אַ זון פֿון מײַן האַרץ און צו שאַפֿן
פֿון פֿלאַמען־מחשבֿות אַ װאַרעמען האַפֿן.

## CXI. די באַלײדיקטע לבנה

לבנה, בלאַסער לאָמפּ, פאַרגעטערט דורך די אבות,
אין בלויער הויכקייט, ווו דער שטראַליקער סעראַיל
פון שטערן דיך באַגלייט, אַ פינקלענדיקער זײַל,
צי טרײַבסטו, אַלטע צינטיע, תמיד נאָך קאַטאָוועס?

צי קוקסטו, ווי ס׳פאַרזינקט אַ דיכטער אין מחשבות?
ווי ס׳דרעמלען אײַן געליבטע ערגעץ אויף אַ ווײַל
און ס׳בלאַנקט אין שלאָף פון יונגע מײַלער דער עמאַיל?
ווי ס׳פּאָרן זיך אין וואַלד די שלאַנגען און די סאָוועס?

צי זוכסטו ווי אַמאָל ביז פרי׃ער מאָרגן־שעה
געהיימערהייט, פאַרקליידט אין געלן דאָמינאָ,
דעם חן, וואָס ענדימיאָן האָט לאַנג שוין אָנגעוואָרן?

— איך זע דײַן מאַמען, קינד פון פוסטן דור אָן ווערט,
ווי זי צום שפּיגל שלעפּט איר שווערע לאַסט פון יאָרן
און קונציק קאַלכט די ברוסט, וואָס דיך האָט זי גענערט!...

## CXIX. בין־השמשות

אָט קומט ער, דער פֿאַרברעכער־פֿרײַנד, דער אָוונט, זיס
ווי אַ גנבים־העלפֿער אויף די שפּיצן פֿיס.
דער הימל־אַלקער שליסט פּאַמעלעך זײַנע טירן,
און ס'נעמט דער מענטש אין זיך די חיה רעה שפּירן.

אָך, אָוונט האַרציקער, ווי ביסטו דעם אַ פֿרײַנד,
וואָס זײַנע אָרעמס קאָנען ערלעך זאָגן: הײַנט
געאַרבעט האָבן מיר. — דו קומסט, אַ טרייסטער מילדער,
צו גײַסטער, אויפֿגעפֿרעסן דורך אַ פּײַן אַ ווילדער,
צום פֿאָרשער, וועמענס שטערן בייגט זיך שווער און שפּעט,
צום מידן אַרבעטער, וואָס לייגט זיך אויף זײַן בעט.

נאָר בייזע רוחות הייבן איצט זיך אָן צו ווײַלן,
נאָך שווער פֿון שלאָף; ווי לײַט, וואָס צו געשעפֿטן אײַלן,
זיי קלאַפּן אין אַ טיר, צי אין אַ שויב געשווינד.
בײַ די לאַמטערנעס, וועלכע טאַנצן אינעם ווינט,
צינדט אָן די זנות שוין אירע פֿײַערן, וואָס רייצן,
און נעמט ווי אַ מוראַשניק יעדע גאַס פֿאַרפּלייצן.
זי שלאָפֿט ניט; ווי אַ פֿײַנט, וואָס זוכט אַ וועג געהיים,
זי קריכט געשיקט אַרײַן אין יעדנס הויז און היים,
און ווימלט אין דער גרויסשטאָט־בלאָטע פֿרעך און מיאוס,
צום וואָרעם גלײַך, וואָס זויגט בײַם מענטשן אויס די חיות.

שוין פײַפט דער דאַמף אין קיכן און עס שטײַגט דער רויך,
אָרקעסטערס ברומען און טעאַטערס קוויטשען הויך.
אַרום די גרינע טישן, ווו מען שפּילט, ווערט פולער
אין גרויס געשטופּ פון קורטיזאַנקעס און פון שולער;
און די גנבים, וועלכע ווייסן ניט פון רו,
זיי נעמען אויך זיך צו דער אַרבעט ערגעץ־ווו
און ברעכן אויף די שלעסער פון די בענק און קלייטן,
כדי צו עסן און מעטרעסעס צו באַקליידן.

פאַרבלײַב מיט זיך, מײַן גײַסט, אין אָט דער סמוטנער צײַט;
פאַרשליס איצט דײַן געהער פאַר אַלץ, וואָס דאָרטן שרײַט.
דאָס איז די שווערע שעה, ווען קראַנקע ווערט עס ערגער,
די שוואַרצע נאַכט כאַפּט זיי בײַם גאָרגל ווי אַ ווערגער.
פאַרענדיקט איז דער וועג. עס וואַרט די גרוב אויף זיי.
און פול ווערט דער שפּיטאָל מיט זיפצן און מיט ווײי.
זיי וועלן ניט די שמעקעדיקע זופּ מער בענטשן
אין אָוונט בײַ אַ טיש מיט אַ געליבטן מענטשן.

און וויפל האָבן ניט דערגרייכט צו וואָס מען שטרעבט,
און ניט קיין היים געהאַט, און ניט בכלל געלעבט!

## CXXVII. אַ שפּראַך אויף טאָג

עס בלאָזט אין די קאַזאַרמעס דער האָרניסט צום טאָגן.
עס בלאָזט דער ווינט אויף די לאַמטערנעס בײַ די ראָגן.

דאָס איז די שעה פון זינדיקע חלומות איצט,
וואָס מאַטערן די בחורים אין שלאָף צעהיצט;
ווען גלײַך אַ פּינטלענדיקן בלוטיקן שוואַרצאַפּל
דער לאָמפּ אין גרויען ליכט מיט רויטע פלעקן צאַפּלט;
און צוגעדריקט פון טעמפּן גוף מיט שווערער וואָג,
דער גײַסט מאַכט נאָך דעם קאַמף צעווישן לאָמפּ און טאָג.
ווי טרערן אויף אַ פּנים אָפּגעווישט דורך ווינטן,
אין אוויר ציטערן חזיונות, וואָס פאַרשווינדן.
ס'איז שרײַבן מיד דער מאַן און ליבן מיד די פרוי.

דער ערשטער רויך שטײַגט אויף אין פײַכטן מאָרגנגרוי.
מיט מײַלער אָפענע און אַשיק־בלאַסע ווינעס
די זונות ליגן שווער אין שלאָף, פאַרשמאַכט און מיאוס.
די בעטלערקעס מיט ברוסטן אײַנגעדאַרט און הויל
זיי וואַרעמען די שטאַרע פינגער בײַ אַ קויל.
דאָס איז די שעה, ווען אין דער קעלט און דלות קאַרגן
דער ווייטיק שאַרפער נעמט די קימפּעטאָרינס וואַרגן.
אין ווײַט אַ קריי פון האָן די נאַסע לופט צעפליקט,

און ווערט, ווי ס׳וואָלט אים בלוט די קעל פֿאַרפּלייצט, דערשטיקט.
אַ ים פֿון נעפּלען כוואַליעט זיך אַרום אין דרויסן.
די שעה, ווען גוססע אין די שפּיטעלער שטויסן
דעם לעצטן כאָרכל אויס מיט כריפּעדיקן שליים.
און ס׳גייען די הולטײַעס מיד און מאַט אַהיים.

פֿאַרפֿראָרן אין זײַן גרינלעך־ראָזער פּעלערינע
צום פּוסטן סענע־ברעג שפּרײַזט לאַנגזאַם דער באַגינען.
און ס׳רײַבט די אויגן דער פֿאַרכמורעטער פּאַריז
און נעמט זיך צום געצײַג — אַן אַרבעטער אַ ריז.

# דער ווײַן

## CXXVIII. דער גײַסט פֿון ווײַן

דער גײַסט פֿון ווײַן האָט זיך צעזונגען אין אַן אָוונט:
„בן־אדם, בן־צלמוות, שטײַגן זאָל מיט דראַנג
אַפֿויר מײַן תּפֿיסה־פֿלאַש, מיט ווירמל־לאַק פֿאַרקאָוועט,
צו דיר — פֿון ליכט און ברודער־ליבע אַ געזאַנג.

איך ווייס דאָך, וויפֿל שווייס און כּוחות מוז מען לאָזן
אין קאָכעדיקער זון אויף דעם צעפּלאַמטן באַרג,
כּדי מיר לעבן און נשמה אײַנצובלאָזן;
נאָר קיין מאָל בין איך ניט, ניט אומדאַנקבאַר, ניט קאַרג.

ווײַל איך דערשפּיר אַ פֿרייד, וואָס אַלץ איז גובֿר,
ווען איך פֿאַרזינק אין אַ פֿאַרשמאַכטן מענטשן־מויל.
זײַן הייסע ברוסט זי איז פֿאַר מיר אַ ליבער קבֿר,
ווו מער ווי אין מײַן קאַלטן קעלטער איז מיר ווויל.

צי הערסטו שוין, ווי זונטיקדיק אין דרויסן רעשערט?
ווי ס'צוויטשערט אין מײַן ברוסט די האָפֿענונג? — גיס אײַן!

די אָרעמס אויפֿן טיש, די אַרבל הויך פֿאַרקאָשערט,
דו וועסט מיך לויבן, רימען און צופֿרידן זײַן.

איך וועל די אויגן פֿון דײַן ווײַב מיט ליכט באַלעבן,
און וועל דײַן זון, וואָס איז צום לעבנסקאַמף צו צאַרט,
די קראַפֿט און די קאָלירן זײַנע ווידער געבן,
אים זײַן דער אייל, וואָס מאַכט אַטלעטן־מוסקלען האַרט.

און כ׳וועל אין דיר אַרײַנפֿאַלן — אַ וווּנדערקערן,
אַ זוימען וואָס דער גרויסער זייער האָט פֿאַרזייט,
אַז אונדזער ליבע די פּאָעזיע זאָל געבערן,
וואָס שפּראָצן וועט צו גאָט — אַן אויסטערלישע קווייט!״

# די בלומען פון בייז

## CXXX. לעסבאָס

דו מוטער פון גריכישע תאוות און רוימישע שפּילן,
אָ, לעסבאָס, ווו קושן פאַרבענקטע, צי גליַיִק פון פרייד,
ווי קאַוועגעס פרישע און הייסע ווי זונען פאַרהילן
די טעג און די נעכט די געלויבטע אין צירלעכן קלייד;
— דו מוטער פון גריכישע תאוות און רוימישע שפּילן,

אָ, לעסבאָס, ווו קושן צעשטראָמען ווי העלע קאַסקאַדן,
וואָס וואַרפן זיך דרייסטע אַריַין אין אָפּגרונטיקן תהום,
אוןווירבלען, און בלעזלען, און שטורעמען, און נע־ונדן,
געלעכטער, געוויין און געהיימניש אין קאָכיקן שוים;
אָ, לעסבאָס, ווו קושן צעשטראָמען ווי העלע קאַסקאַדן!

דו, לעסבאָס, ווו איינע די אַנדערע זוכן זיך פרינען,
ווו קיין מאָל קיין זיפץ ניט פאַרקלינגט אָן אַן עכאָ אין בלאָ,
ניט מינדער ווי פּאַפּאָס די שטערן דיך לויבן און רימען,
און ווענוס מיט רעכט קאָן מקנא זיַין דאָרטן סאַפּאָ!
דו, לעסבאָס, ווו איינע די אַנדערע זוכן זיך פרינען,

אָ, לעסבאָס, די ערד פון די וואַרעמע נעכט, וועלכע רופן
די בתולות מיט אויגן באַרינגטע, אין איינזאַמער גלוסט,
פאַר שפּיגלען צו צערטלען, פאַרליבט אין די אייגענע גופים,
די גלאַטיקע פּרות פון צײַטיקער מיידלשער ברוסט;
אָ, לעסבאָס, די ערד פון די וואַרעמע נעכט, וועלכע רופן,

זאָל פּלאַטאָ דער אַלטער פאַרכמורען זײַן שטערן דעם שטרענגן;
עס איז דיר מכפּר פון קושן דער מעכטיקער שלל,
דו מלכּה פון מילדע מלוכות, פון זיסע געשענקען,
פון קונסט פון תּענוגים דער טיף אומדערשעפּלעכער קוואַל.
זאָל פּלאַטאָ דער אַלטער פאַרכמורען זײַן שטערן דעם שטרענגן.

עס איז דיר מכפּר די אייביקע פּײַן פון דערוואַרטן,
וואָס מאַטערט אָן אויפהער אַ האַרץ, וואָס פאַרלאַנגט און וואָס
שטרעבט,
געלאָקט אין די ווײַטן צום שטראַליקן שמייכל געגאַרטן,
וואָס דוכט זיך, מען זעט, ווי אויף אַנדערע הימלען ער שוועבט.
עס איז דיר מכפּר די אייביקע פּײַן פון דערוואַרטן!

ווער וועט פון די געטער נאָך וואַגן דײַן שופט צו ווערן,
צו שטראָפן דײַן שטערן, פאַרבלאַסטן אין מיִען פון טאָג,
אויב ער וועט ניט האָבן געוואויגן דעם מבול פון טרערן,
וואָס ס׳טראָגן אין ים דײַנע טײַכן, אויף גאָלדענער וואָג?
ווער וועט פון די געטער נאָך וואַגן דײַן שופט צו ווערן?

וואָס זאָלן אונדז אַרן די דינים פון גוטן און שלעכטן?
דערהויבענע בתולות, פון אינדזל דער רום און די פראַכט,
ס'איז אײַער אמונה פון אייביקן שטאַם דעם גערעכטן,
פון שכר און פון עונש די הייליקע ליבע נאָר לאַכט!
וואָס זאָלן אונדז אַרן די דינים פון גוטן און שלעכטן?

האָט לעסבאָס דאָך מיך נאָר אַליין אויף דער וועלט אויסגעקליבן,
צו זינגען דעם סוד פון די מיידלעך, צעבליט מיט איר חן,
געלערנט שוין קינדווײַז די שוואַרצע מיסטעריע צו ליבן,
ווּ ס'פאַרט זיך צעלאָזן געלעכטער מיט טונקל געוויין;
האָט לעסבאָס דאָך מיך נאָר אַליין אויף דער וועלט אויסגעקליבן.

און וואַך איך זינט דעמאָלט אויף הויכע לייקאַדישע ריפן,
אַזוי ווי אַ שומר מיט שאַרפן און זיכערן בליק,
וואָס זוכט טאָג און נאַכט, צי אין ווײַט, אין די בלוילעכע טיפן
די פאָרעם זיך ווײַזט פון אַ גאַליע, פרעגאַטע, צי בריג;
און וואַך איך זינט דעמאָלט אויף הויכע לייקאַדישע ריפן,

צו זען, צי דער ים איז באמת אַ גנעדיקער, גוטער,
צי וועט מיט די זיפצן, וואָס הילכן בײַם פעלדזיקן ברעג,
אַן אָוונט ניט ברענגען צו לעסבאָס, וואָס וואַרט ווי אַ מוטער,
דעם געטלעכן גוף פון סאַפאָ, וואָס איז איין מאָל אַוועק,
צו זען, צי דער ים איז באמת אַ גנעדיקער, גוטער!

פון מענלעכער שטאָלצער סאַפאָ, די געליבטע, פּאָעטין,
נאָך שענער פון ווענוס מיט מירמלנער טויטלעכער שייַן!
באַזיגט איז דאָס הימלבלוי־אויג פון דער ליכטיקער געטין
דורך אויגן דורך שוואַרצע פאַרשאָטנט מיט רינגען פון פּייַן
פון מענלעכער שטאָלצער סאַפאָ, די געליבטע, פּאָעטין!

— נאָך שענער פון ווענוס, ווען זי איז אַרויס פון די כוואַליעס
און האָט, מיט די אוצרות פון רויִקע פריידן באַגליקט,
פון יוגנט דער בלאָנדער די העלע צעשטראַלטע התפעלות
צעגאָסן אויף דעם אָקעאַן, פון זייַן טאָכטער אַנטציקט;
נאָך שענער פון ווענוס, ווען זי איז אַרויס פון די כוואַליעס!

סאַפאָ, וואָס דעם טאָג פון איר לעסטערונג־זינד איז געשטאָרבן,
ווען קעגן דעם הייליקן דין און דעם אַלטן געבאָט
איר קערפּער דעם שיינעם געגעבן האָט זי פאַר אַ קרבן
אַ מאַן, וואָס ברוטאַל האָט באַשטראָפט מיט זייַן גאווה און שפּאָט
סאַפאָ, וואָס דעם טאָג פון איר לעסטערונג־זינד איז געשטאָרבן.

זינט דעמאָלט הערט לעסבאָס ניט אויף מער פאַרטרויערט צו קלאָגן;
הגם איר דער וועלטאַל זינגט שבחים, זי לויבט און פאַרערט,
פאַרשיכורט זיך איטלעכע נאַכט פון געשריי זי, ווען ס'שלאָגן
די כוואַליעס אין פעלדז פון איר וויסטער און שטייניקער ערד.
זינט דעמאָלט הערט לעסבאָס ניט אויף מער פאַרטרויערט צו קלאָגן!

## CXLIII. די פֿאַרלייקענונג פֿון הייליקן פּעטרוס

וואָס טוט דען גאָט מיט אָט דעם שטראָם פֿון וויסטע קללות,
וואָס טאָג נאָך טאָג צו זײַנע שרפֿים פֿלייצט אַרײַן?
ווי אַ טיראַן, וואָס שטאָפּט זיך אָן מיט פֿלייש און ווײַן,
ער דרימלט אײַן בײַם רויש פֿון אונדזערע יללות.

אַ מעכטיקע מוזיק, וואָס קיצלט דעם באַגער,
איז מן־הסתם דער שרײַ פֿון מענטש, וואָס ווערט פֿאַרפּײַניקט.
ווײַל וויפֿל בלוט עס קאָסט ניט אָפּ אַזאַ מין תענוג,
די הימלען פֿאָדערן פֿון דעם כסדר מער.

אָ, ישו, טראַכט נאָר וועגן איילבירט־גאָרטן ווידער,
ווי תמימותדיק דו האָסט געקניט, געבעטן באַנג
צו אים, וואָס אויבן האָט געלאַכט צום טשוועקעס־קלאַנג,
ווען ס׳האָט דער תלין זיי געפּלאַנצט אין דײַנע גלידער.

ווען דו האָסט שפּײַען אויף דײַן געטלעכקייט געזען
די זעלנער פֿון די וואַכשטובן, די קנעכט פֿון קיכן,

און האָסט געשפּירט די דערנער טיפער זיך פאַרקריכן
אין שאַרבן, ווו דײַן מענטשן־ליבע איז געווען;

ווען ס׳האָט דײַן גוף, געקווועלט, מיט מאוימדיקער שווערקייט
געשלעפּט די אָרעמס דײַנע, צוגעקלאַפּט צום קרייץ,
און שווייס און בלוט האָט פון דײַן קאָפּ דערלאַנגט אַ פלייץ,
ווען ביסט געהאָנגען ווי אַ צילברעט אין דער לערקייט,

דערמאָנט זיך האָסטו יענע ליכטיק־העלע טעג,
ווען אויסצופירן די נבואה פון פאַרצײַטן,
געקומען ביסטו אויף אַן אייזעלע צו רײַטן
אויף בלומיקן מיט פאַלמענגרינס באַדעקטן וועג?

ווען אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט גבורה, מוט און האָפן,
די כאָפּטע קרעמער האָסט פאַריאָגט מיט שאַרפע שמיץ?
ווען ד ו געווען ביסט האַר? — צי האָט דיך ניט דער שפּיץ
פון דער חרטה פריִער ווי דער שפּיז געטראָפן?

נאָר איך, איך וועל פאַרלאָזן לײַכט אַ וועלט פון קנעכט,
ווו טרוים און טוונג ניט אין איינעם זיך פאַרפלעכטן,
אַבי נאָר מיט דער שווערד ביז צו מײַן אומקום פעכטן.
יאָ, פעטרוס, וואָס פאַרלייקנט ישון, איז גערעכט!

## CXLIV. הבל און קין

א

קינדער פון הבל — רק פרעסט, זויפט און דרימלט;
גאָט קוקט מיט נחת אויף אַלץ, וואָס איר טוט.

קינדער פון קין — פאַרשטויבט און פאַרשימלט,
פויזעט אין בלאָטע און פגרט אין ברוד!

קינדער פון הבל — דער רויך פון קרבנות
פון אײַער מזבח דעם שרף שמעקט פײַן;

קינדער פון קין — ווען זאָל עס, ווען קאָן עס
נעמען אַ סוף צו דעם גלות און פײַן?

קינדער פון הבל — רק גרעסער און רײַכער
געדײַט אײַער סטאַדע, שטײַגט אויף אײַער סטויג.

קינדער פון קין — אין אײַערע בײַכער
וואָיעט דער הונגער אַזוי ווי אַ צויג.

קינדער פון הבל — אין וואַרעמע זאַלן
גלעט אײַך די לײַבער אין היימישן קרײַז!

קינדער פון קין — ווי בידנע שאַקאַלן
צאַפּלט אין נאָרעס פאַר פראָסט און פאַר אײַז.

קינדער פון הבל — רק פּרוכפּערט און מערט זיך,
אויך אײַער גאָלד קינדלט פלײַסיק צוגלײַך.

קינדער פון קין — פול פלאַקער די הערצער,
היט זיך און ווערט זיך פאַר דעם, וואָס איז רײַך!

קינדער פון הבל — רק גריבלט און גראַבלט
ווי שרצים אין גראָזן, ווערט גראָב און ווערט גרויס!

קינדער פון קין — נאָר וואָגלט באַעוולט
און שלעפּט מיט משפּחות זיך נאַקעט און בלויז.

ב

קינדער פון הבל — ס'וועט אײַער נבלה
מיסטיקן פעט דאָס צעפּאַרעטע פעלד!

קינדער פון קין — אָ, וואַרט, נאָך אַ ווײַלע,
באַלד וועט איר טאָן וואָס איר דאַרפט אויף דער וועלט.

קינדער פון הבל — אין חרפּה בלײַבט ליגן:
אָרעמער שפּיז נעמט באַזיגן די שווערד!

קינדער פון קין — צום הימל געשטיגן,
שמעטערט אַרונטער דעם גאָט אויף דער ערד!

# דער טויט

## CXLVI. דער טויט פון די געליבטע

ווי טיפע קברים וואַרטן די דיוואַנען,
אַ בשמים־דופט אַרום די בעטן קרײַזט;
און מאָדנע בלומען אין די וואַזעס וויאַנען,
אין אַלקער, ווו דער טויט זיך באַלד באַווײַזט.

די הערצער אונדזערע צינדט אָן צוזאַמען
דער לעצטער פלאַם, וואָס זיך צום לעבן רײַסט,
ווי פאַקלען צוויי, וואָס שפּיגלען אָפּ די פלאַמען
אין שפּיגל טאָפּלטן פון אונדזער גײַסט.

אין אָוונט, וואָס איז ראָז און מיסטיש בלאָ,
מיר וועלן אין אַ בליץ פון אָפּשייד־שעה
מיט לאַנגגן זיפץ דעם לעצטן פונק פאַרזיגלען.

נאָר שפּעטער וועט אַ מלאך פריידיק־טרײַ
אַרײַן אַ שטילער און באַלעבן נײַ
די טויטע פלאַמען און די מאַטע שפּיגלען.

## CXLVII. דער טויט פון די אביונים

ווײַל זיכער איז דער טויט, ווערט אויך דאָס לעבן זיכער;
ער איז די טרייסט, דער ציל, די האָפענונג, וואָס לאָקט;
אַן עלעקסיר, וואָס שיכור מאַכט און יאָגט אונדז גיכער
צו וואָגלען ביז פאַרנאַכט, פאַרמאַטערט און געפּלאָגט.

דורך האָגל, אײַז און שניי און פּראָסטיקן געוויכער
אויף שוואַרצן האָריזאָנט ער פינקלט אויף און טאָגט;
די קרעטשמע, וווּ מען גיט, ווי ס'זאָגן צו די ביכער,
אַ טיש און בעט אויך דעם, וואָס גאָרניט מער פאַרמאָגט.

אַ מלאך, וועמענס פינגער ווי מאַגנעטן האַלטן
דעם זכות פון שלאָף און פון חלומות די געשטאַלטן,
און בעטן אויס די אָרעמע און הוילע לײַט.

ער איז דער געטער־רום, דער שפּײַכלער, וווּ באַהאַלטן
דעם אביונס האָב־און־גוטס ליגט פון זײַן לאַנד דעם אַלטן,
אַ טויער אויסגעוועלבט צו אומבאַקאַנטער ווײַט.

## CXLVIII. דער טויט פון די קינסטלער

ווי לאַנג וועל איך מיט נאַרן־גלעקלעך שאָקלען דאַרפן,
און דיר דעם שטערן קושן, שפּאָט־קאַריקאַטור ?
כדי אין ציל צו טרעפן, מיסטישע נאַטור,
ווי לאַנג וועל איך אין דיר נאָך מײַנע פײַלן וואַרפן ?

מיר וועלן אָפּנוצן דעם גײַסט אין פּילפּול שאַרפן
און פּותר זײַן ווער ווייסט נאָך וואָסערע פיגור,
כדי פון ריזיקן באַשאַף צו זען די שפּור,
וואָס אונדז גיהנום־גאַרונגען נאָך איר פאַרשרפען.

און וויפל זעען ניט קיין אײן און אײנציק מאָל
דעם אָפּגאָט זייערן — פאַרשאָלטענע סקולפּטאָרן,
וואָס ברוסט און שטערן האַמערן אומזיסט מיט צאָרן,

און האָפן נאָר — אָ, מאָדנער, לעצטער קאַפּיטאָל ! —
אַז ענדלעך, ווי אַ נײַע זון, דער טויט וועט קומען
און לאָזן אויפבליִען פון זייער מאַרך די בלומען.

## CXLIX. סוף טאָג

אונטער גרויען ליכט זיך דרייט,
טאַנצט אָן זין און וואַרפט זיך קרום
חוצפּהדיק דאָס לעבן ברייט —
אָבער ווען פון רונד אַרום

תענוגפול די נאַכט זיך שפּרייט,
אַלץ — דער הונגער אויך — ווערט שטום,
אַלץ — די חרפּה אויך — פאַרגייט,
רופט דער דיכטער: ענדלעך, קום!

אוי, מײַן גײַסט און גלידער זוכן
לאַנג שוין גיריק אַ מנוחה,
טרויער־טרוים מײַן האַרץ פאַרוויגט;

אויפן רוקן שטרעק איך אויס זיך,
אין דײַן קילן טוך, אָ, חושך,
אײַנגעהילט, געשטילט, דערקוויקט.

## CL. דער חלום פון אַ נײַגעריקן

פאַר פּ. נ.

צי קענסטו אויך ווי איך די מאַטערניש די זיסע?
און זאָגט מען וועגן דיר: „ווי אויסטערליש איז ער"?
אין מײַן נשמה דער פאַרליבטער האָט מײַן גסיסה
געפּאָרט משונה־מאָדנע — אימה מיט באַגער;

אַ שרעק מיט האָפענונג, אָן יעדן בײַטעם האַרבן;
וואָס מער דער זאַמדזייגער צעשאָטן האָט מײַן שעה,
אַלץ שאַרפער און געשמאַקער איז געווען מײַן שטאַרבן;
מײַן גאַנצער איך האָט זיך געזעגנט מיטן דאָ.

כ'בין גיריק ווי אַ קינד געווען צו זען די בינע,
און פול מיט אומגעדולד און כעס אויף דער קורטינע.
נאָר אָט האָט זיך אַנטפּלעקט דער קאַלטער אמת קלאָר:

איך בין געשטאָרבן און דער שרעקלעכער קאַיאָר
האָט מיך פאַרוויקלט בלאָס. — איז ד אָ ס נאָר דער סך־הכל?
ניטאָ קיין פאָרהאַנג מער. טאָ ווו איז דער ספּעקטאַקל?

## CLI. די רײַזע

פאַר מאַקסים די־קאַמפ

א

דאָס קינד פאַרליבט אין מאַפּעס, גלאָבוסן, געשיכטעס,
עס מאָלט זיך ווערליק זײַן געזונטער גלוסט די ערד.
אָהעי, ווי ריזיק גרויס די וועלט בײַם לאָמפּנליכט איז!
ווי קלײנטשיק שפּעטער אין זכרונות־ליכט זי ווערט!

מיר פאָרן אָפּ אײן טאָג, אין האַרצן רוישט התפּעלות,
פאַרדראָס, פאַרלאַנגען יויריקע; אין מאַרך — אַ פּלאַם;
און ס'טרעפן זיך צונויף אויף ווײגנדיקע כוואַליעס
דער אין־סוף פונעם מענטשן מיטן סוף פון ים.

עס וויל אַנטלויפן אײנער פון זײַן לאַנדס בזיון,
אַ צווײטער פון זײַן היים; און ווער אַנטרינען פּרוּווט
— אַן אַסטראָלאָג דערטרונקענער אין בליק פון פרויען —
פון קירקעס האַרטער מאַכט און טויטלעך־זיסן דופט.

כדי אין חיות ניט מגולגל ווערן, וואַרפן
אין ווײַטקײט זײ זיך, אינעם ליכט, אין דער נאַטור.
ד'י פרעסט, וואָס ברענען זײ, די זונען, וואָס פאַרשרפן,
פאַמעלעך מעקן אָפּ פון קושן יעדע שפּור.

נאָר רײַזנדערס באמת זײַנען די, וואָס רײַזן,
כדי צו רײַזן בלויז, אָן סיבה און אָן גרונד;
פֿאַרשלינגער גיריקע פֿון גראַדוסן און קרײַזן,
דאָס האַרץ — אַ לופֿטבאַלאָן, זיי זאָגן תּמיד: קומט!

וואָס זייער בענקעניש ווי וואָלקנס איז באַשאַפֿן,
זיי חלומען, ווי אַ רעקרוט פֿון דעם האַרמאַט,
פֿון נײַע תּאוות אין אַן אומבאַקאַנטן האַפֿן,
ווי ס'האָט דער מענטשנגײַסט נאָך קיין מאָל ניט געהאַט.

ב

אָ, גרויל! מיר מאַכן נאָך די דריידל און דעם באַלעם
אין זייער קרײַז און שפּרונג. און אויך אין אונדזער טרוים
די נײַגער ווירבלט אונדז אין אַ געיעג נאָך אַלעם,
ווי ס'טרײַבט אַ בייזער מלאך זונען דורכן רוים.

אַ מאָדנער מזל, וועמענס ציל רק בײַט די ערטער,
און ווײַל קיין ערגעץ־נישט, קאָן זײַן ער אומעטום,
און ווו דער מענטש מיט האָפֿענונג אַן אומצעשטערטער
כדי צו האָבן רו, לויפֿט שטענדיק דול אַרום.

עס זוכט איקאַריעס אונדזער גײַסט — אַ שיף דרײַמאַסטיק,
עס הילכט פֿון פֿאָדערדעק: „גיב אַכטונג אויף דער טיף!"
נאָר ס'שרײַט פֿון מאַסט אַ קול אַרונטער ווילד און האַסטיק:
„אָ, ליבע, כבוד, גליק!" אַ בראָך — ס'איז גאָר אַ ריף!

און איטלעך אינדזל, אָנגעזאָגט דורך די מאַטראָסן,
אַן עלדאָראַדאָ איז, דער מיטלפּונקט דער וועלטס.
דער דמיון בויט דאָרט אײַליק שלעסער אויף אָן מאָסן;
נאָר ווען דער טאָג גייט אויף, מען זעט — אַ הוילן פעלדז.

אָ, שיפער שיכורער, פאַרליבטער אין כימערעס,
צי וואַרפט מען אים אין ים, צי זעצט מען אויף אַ קייט
דעם נײַ־אַנטדעקער פון בראַזיליעס און פון פּערוס,
וואָס מאַכט דעם תהום נאָך ביטערער פאַרבלענדטערהייט?

אַ בעטלער עלעהיי, וואָס טרעט מיט שטאָלצער תנועה
אין טיפער בלאָטע און גן־עדנס מאָלט זיך אויס.
פאַרכישופט זעט זײַן אויג כסדר אַ קאַפּוע
בײַ יעדן חלב־ליכטל אין אַ חרוב הויז.

ג

אָ, דרייסטע וואַנדערער, פיל איידעלע רעיונות
מיר לייענען אין ימיק־טיפן בליק פון אײַך.
דעם אויסטערלישן אוצר ווײַזט אונדז פון זכרונות,
מיט שטערן־צירונגען און עטער־שטראַלן רײַך.

מיר ווילן אויך, אָן דאַמף, אָן זעגלען גיין אויף וואַנדער!
מאַכט אונדזער תפיסה היימלעכער מיט וואָס איר קאָנט.
אויף אונדזער גײַסט, געשפּאַנט ווי לײַוונט, שפּרייט פונאַנדער
פון אײַערע דערמאָנונגען דעם האָריזאָנט!

וואָס האָט איר, זאָגט, געזען?

ד

„געזען אַזוי פיל שטערן,
דעם הייסן מדבר־זאַמד, די כוואַליעס גרין און גראָ;
און טראָץ דעם וועג און שרעק, און שטורעם און צעשטערן,
געלאַנגווײַלט האָבן מיר זיך אָפט, אַזוי ווי דאָ.

די גלאָריע פון דער זון אויף ים דעם לילאַ־בלאָען,
די גלאָריע פון די שטעט אין שעה פון זונפאַרגאַנג —
צו טובלען זיך אין הימלס צונטעררויטע דנאָען
אין האַרץ האָט אָנגעצונדן מעכטיק דעם פאַרלאַנג.

די שענסטע לאַנדשאַפטן, די הויפּטשטעט הויך געטורעמט
זיי האָבן ניט די מיסטיש־לאָקנדיקע מאַכט
פון בילדער, וואָס דער צופאַל אין די וואָלקנס פורעמט —
און ס'האָט אונדז דער באַגער אַנטוישונג נאָר געבראַכט.

— הנאה נײַע כוחות גיט דעם יצר־הרע,
באַגער, דו אַלטער בוים פון תענוג־זאַפט געשפּײַזט,
וואָס דיקער און וואָס האַרטער ווערט אויף דיר דײַן קאָרע,
אַלץ שטאַרקער דײַן געצווײַג צום זונענליכט זיך רײַסט!

צי וועלן, גרויסער בוים, נאָך וואַקסן דײַנע שפּיצן
ווי ציפּרעסביימער הויך? — דאָך האָבן מיר אַ סך

פאַר אײַער גיריקן אַלבאָם טשעקאַווע סקיצן,
איר ברידער, להוט נאָר אויף יעדער פרעמדער זאַך!

מיר האָבן געצן געזען דאָרט מיט טראָמבע־נעזער,
און טראָגען אויסגעשטערנטע מיט ליכט און ציר;
פּאַלאַצן אויסגעפּוצטע מיט אַ פּראַכט פּאָמפּעזער,
וואָס רויִנירט בײַ אײַך וואָלט יעטוועדן באַנקיר.

מלבושים, וואָס פאַרשיכורן דאָס אויג, די חושים,
און פרויען, וואָס די נעגל פאַרבן און די ציין;
געלערנטע זשאָנגלערן, וועמען שלאַנגען קושן.״

ה

און נאָך, און וואָס־זשע נאָך?

ו

„אָ, מוחות קינדיש־קליין!

כדי די עיקרדיקסטע זאַך ניט צו פאַרגעסן:
גיט זוכנדיק קיין סך, איר אומעטום געפינט,
פון אויבן ביז אַראָפּ, אין אַלץ, ביז צום דערעסן,
דאָס לאַנגווײַליקע שפּיל פון אייביק־זעלבער זינד.

דאָס ווײַב, אַ טעמפּע שקלאַפין, פול מיט שטות און גאווה,
פאַרליבט אין זיך אָן שיער, געהנפהט ווי אַ געץ.

דער מאַן — אַ כיטרער, קאַרגער אכזר, אַ בעל־תאווה,
אַ שקלאַף דער שקלאַפינס און אַ רינשטאָק אין אַ נעץ.

דער קרבן קרעכצט און קלאָגט און די תלינים שפּאָטן,
מען פּראַוועט צו דעם יום־טוב מיט געווירץ פון בלוט;
מיט סם פון מאַכט פאַרכלינעוועון זיך די דעספּאָטן,
דאָס פאָלק פאַרליבט איז אין באַטויבנדיקן קנוט.

אמונות פיל — ווי אונדזערע — און אַלע גרייכן
אַרויף צום הימל — און די קדושה זוכט נאָך אַלץ
— ווי אַ מפונק אויף אַ בעטגעוואַנט אַ ווייכן —
איר תענוג אין אַ זאַק און קייטן אויפן האַלדז.

די מענטשהייט שיכור פון גאונות און געפּלאַפּל,
און איצטער, ווי אַמאָל, געווירט פון זינען, ווילד,
כסדר שרייַט צו גאָט אין דולן גסיסה־צאַפּל:
„פאַרשאָלטן זײַ, מײַן האַר, מײַן גלײַכעניש, מײַן בילד!"

די קליגערע, געליבטע דרייסטע פון שגעון,
אַנטרינען פון דער סטאַדע, וואָס דער גורל שלעפּט,
און זוכן טרייסט אין אָפּיומס מעכטיקן חזיון.
— דאָס איז פון ערדקײַלעך דער אייביקער רעצעפּט."

ז

אָ, וואָסער ביטערניש בײַם רײַזן קלײַבט דאָס האַרץ אויף!
די וועלט איז קליין און מאָנאָטאָן און לויט איר מאָס

סײַ נעכטן, הײַנט, צי מאָרגן װײַזט זי אונדזער פּרצוף —
אַ גרױל־אָאַזיס אין אַ מדבר פֿון פּאַרדראָס.

צי זאָל מען פֿאָרן? בלײַבן? — בלײַב, אױב קאָנסט עס מאַכן,
און מוזסטו פֿאָרן — פֿאָר. װער ס׳לױפֿט און װער עס בלײַבט,
אַבי נאָר אָפּנאַרן די צײַט, דעם פֿײַנט דעם װאַכן...
אױ, לױפֿער זײַנען דאָ, װאָס זי אָן אױפֿהער טרײַבט —

װי פֿאַר אַפּאָסטאָלן, צי פֿאַר אַהאַסװער סײַדן
ניטאָ פֿאַר זײ קײן גיכע שיף, קײן װינט, קײן דאַמף,
די נעצן אירע די געמײנע אױסצומײַדן...
און אַנדערע זײ טױטן זי בײַ זיך, אָן קאַמף.

נאָר װען זי שטעלט איר פֿוס אַרױף אױף אונדזער נאַקן,
מיר האָפֿן אױפֿדאָסנײַ און שרײַען מונטער: פֿאָר!
און װי אַמאָל מיר פֿלעגן זיך קײן כינע פּאַקן,
דעם בליק אין װײַטן און אין װינט צעװײט די האָר,

מיר װעלן איצטער אױפֿן ים פֿון חושך שװימען,
װי ס׳שװימט אַ יונגער פּאַסאַזשיר מיט גליקגעפֿיל.
צי הערט איר די פֿאַרפֿירערישע קבר־שטימען,
װאָס זינגען: „קומט אַהערצו, װער נאָר עסן װיל.

אָט דאָ געקליבן װערט דער שמעקעדיקער לאָטוס,
די װוּנדער־פּרות, אױסגעטרױמט אין אײַער שלאָף;

דאָס אויסטערלישסטע, בעסטע, תמיד גרייט איר האָט עס
אין מילדן ליבלעכן נאָכמיטאָג אָן אַ סוף.״

מיר קענען דאָך דעם טאָן, שוין לאַנג ווי אונדז באַוועגט ער,
פון ווײַטן ווינקען די פּילאַדן צו אונדז הי:
„פֿאַרייִנגער דײַן געמיט און שווים צו דײַן עלעקטרע!״
רופט די, וואָס לאַנג געקושט מיר האָבן אירע קני.

ח

אָ, טויט, דו אַלטער קאַפּיטאַן, הייב אויף דעם אַנקער!
דאָ לאַנגווײַלט אונדז דאָס לאַנד. שווים אָפּ פון דאַנען שנעל!
אויב ים און הימל זײַנען שוואַרץ ווי טינט — נאָך בלאַנקער
אין אונדזער האַרצן — וואָס דו קענסט — איז שטראַליק העל.

גיס אָן דײַן גיפט און קראַפט! עס זאָל ווי באַלזאַם רינען;
מיר ווילן אין תהום אַרײַן — ס'איז אַלץ כדאי:
וואָס אַרט אונדז וואָס דאָרט איז — אַבי נאָר צו געפינען
אויף אומבאַקאַנטן דנאָ נאָך עפּעס, וואָס איז נײַ!

## די צײַט פֿון די קאַרשן

טעקסט פֿון זשאַן־באַפּטיסט קלעמאַן. מוזיק פֿון אַ. רענאַר.

ווען מיר וועלן זינגען אין צײַט פֿון די קאַרשן
פֿון דראָסלס געלעכטער, פֿון נאַכטיגאַלס ליד
אין יום־טוב דעם גרינעם;
די מיידלעך וועלן האָבן נאָר קושן אין זינען,
פֿאַרליבטע — די הערצער ווי זונען צעגליט.
ווען מיר וועלן זינגען אין צײַט פֿון די קאַרשן,
וועט העכער נאָך קלינגען דער נאַכטיגאַלס ליד.

נאָר קורץ, אוי ווי קורץ איז די צײַט פֿון די קאַרשן,
ווען קלײַבן מען גייט זאַלבעצווייט, ווי אין טרוים,
די אוירינגלעך בונטע,
די קאַרשן פֿון ליבע און פּורפּל באַזונטע,
וואָס הענגען ווי טראָפּנס פֿון בלוט פֿונעם בוים.
נאָר קורץ, אוי ווי קורץ איז די צײַט פֿון די קאַרשן,
וואָס קלײַבט מען אַזוי ווי קאָראַלן אין טרוים.

ווען קומען פֿאַר אײַך וועט די צײַט פֿון די קאַרשן,
אויב שרעקט אײַך דאַן אָפּ פֿון ליבע די פּײַן,
זאָלט פֿרויען איר מײַדן.
איך האָב ניט קיין מורא פֿאַר ליבע און לײַדן,

אָן ליבע און לײַדן איך קאָן ניט מער זײַן.
ווען קומען פֿאַר אײַך וועט די צײַט פֿון די קאַרשן,
אויך איר וועט דערשפּירן פֿון ליבע די פּײַן.

ווי טײַער עס איז מיר די צײַט פֿון די קאַרשן,
כאָטש ס׳בלוטיקט זינט דעמאָלט אין האַרצן אַ וווּנד,
אַ וווּנד, וואָס איז אָפֿן.
נאָר וואָסער אויך גליק זאָל מיך האָבן געטראָפֿן,
וועט קיין מאָל מײַן ווייטיק ניט ווערן פֿאַרשטומט.
און ליב איז מיר תמיד די צײַט פֿון די קאַרשן,
וואָס לעבט אין מײַן האַרצן גאַנץ טיף אויפֿן גרונט.

## פּאַרטיזאַנער־געזאַנג

טעקסט פון זשאָזעף קעסעל און מאָריס דריאָן (מיטגלידער פון דער פראַנצייזישער אַקאַדעמיע). מוזיק פון אַננאַ מאַרלי.

הערסט דו פון וואָראָנעס דעם שוואַרצן געפּאַך
אויף די פּליינען?
הערסט דו פון קרבנות אין לאַנד אונטער יאָך
די געוויינען?

פון פעלד און פאַבריק, פּאַרטיזאַנער, ס׳רופט דער קריג
איַיך אין איינעם!
באַצאָלן זאָל גוט אונדזער טרער און אונדזער בלוט
הייַנט דער שונא!

פון שאַכט שטייַגט אַרויף! פון די בערג קומט צונויף!
קאַמאַראַדן!
פון גרוב גיט אַהער דעם קאַנאָן, דאָס געווער,
די גראַנאַטן!

אָהעי, פּאַרטיזאַן, זאָל דייַן מעסער, דייַן נאַגאַן
זיכער טרעפן!
בייַ פייַנטס יעדן טריט זיך די ערד מיט דינאַמיט
טאָן אַן עפן!

די קראַטעס צעשנײַדט און די ברידער באַפרײַט
פון די תפיסות!
דער הונגער אונדז נאָגט און די שנאה אונדז יאָגט
און די רשעות.

אין אַ לאַנד ערגעץ־ווו שלאָפן מענטשן אין דער רו,
טרוימען איצטער.
בײַ אונדז מען מאַרשירט, מען דערהרגעט, מען קרעפּירט
אין דער פינצטער.

בײַ אונדז יעדער ווייסט, וואָס ער וויל, וואָס עס הייסט,
ווען דאָ גייט ער.
און פֿאַלסטו, מײַן פרײַנד, דיך פאַרבײַטן דערשײַנט
גלײַך אַ צווייטער.

וועט מאָרגן די זון בלוט אויסטריקענען אַרום
אויף די וועגן.
טאָ פײַפט אין דער נאַכט! הערט, די פרײַהייט זי דערוואַכט
אונדז אַנטקעגן!

# זשאַאַכים די־בעלעי

אינעם אַנטשיידנדיקן קער, וואָס די פראַנצייזישע ליטעראַטור, קונסט, דאָס גאַנצע גײַסטיקע לעבן מאַכט דורך אין 16טן יאָרהונ־דערט, פאַרנעמט די פלעיאַדע 1) איינס פון די וויכטיקסטע ערטער. זי איז אין דער דיכטונג די גרופּע, וואָס טראָגט אין זיך דעם אָפּריס פון די אַלטע ווערטן, אָן וועלכן קיין שום המשך קאָן זיך ניט באַגיין, אָבער אויך דעם נײַעם אָנהייב, וואָס טראַנספאָרמירנדיק די גײַסטיקע ירושה, פאַרזיכערט איר אַרײַננעם אין קומענדיקן סינטעז.

די פלעיאַדע איז געקומען מיטן גאַנצן יונגן טומל, מיט טרו־מייטערנדיקן מאַניפעסט און כאַליאַסטרישער האָפערדיקייט — ווי אַלע איבערבראָך־תקופות און גרופּעס. אָבער זי האָט געהאַט דאָס גליק צו זײַן מער: זי האָט איינצײַטיק געטראָגן אין זיך ניט בלויז די רייניקנדיקע קריטיק, דעם פּנו דרך! — פאַר דער צוקונפט, נאָר אויך די דויערנדיקע, אייגנווערטיקע קעגנוואַרט, אַ סך מער ווי די מיטצײַטלער און אַוודאי דער אין מעכטיקע, גערוימע, אָבער רעגולירטע שטראָמען פליסנדיקער 17טער יאָרהונדערט האָבן גע־קאָנט פאָרויסזען.

דאָס איז געשען אַדאַנק דעם, וואָס אינעם פלעיאַדע־געשטערן זײַנען צוויי שטערן געווען, איינער פון סאַמער ערשטער גרייס — ראָנסאַר. און דער אַנדערער זשאָאַכים די־בעלעי, פון וואָסער

---

1) פלעיאַדע — דער נאָמען, וואָס ווערליק אַנטיקן בײַשפּיל ס׳האָט זיך געגעבן די גרופּע פראַנצייזישע דיכטער פון 16טן י״ה, צו וועלכער כ׳האָבן געהערט ראָנסאַר, זשאָאַכים די־בעלעי, רעמי בעלאָ, זשאָדעל, באַיִף, פּאָנטיס דע־טיאַר, פּעלטיע.

גרייס? שווער אויף דעם צו ענטפערן. אוודאי איז ראָנסאַר די זון פון דער קאָנסטעלאַציע, נאָר ער פּאַרטונקלט ניט דעם שטערן, וועמענס אייגן ליכט מיר זעען היינט, פיר הונדערט יאָר נאָכן טויט פון דיכטער, נאָך העלער. ווי אַזוי־זשע זאָל מען ענדגילטיק קלאַסיפיצירן אַ דיכטער, וועמענס לויכטקראַפט ווערט וואָס ווײַ־טער אַלץ שטאַרקער?

אינעם קאָכעדיקן זעכצנטן יאָרהונדערט ווען דער רענעסאַנס רײַסט זיך אַרײַן מיט גבורה און אימפּעט אין פראַנצייזישן גײַס־טיקן לעבן, ברענגענדיק אַ שלל נײַע פאָרשטעלונגען, באַגריפן, ווערטן און ווערטער, איז די־בעלעי צוערשט דער „וואָרטזאָגער", ווי מען וואָלט עס הײַנט אָנגערופן, פון דער גרופּע. פון זײַנע סטו־דענטן־יאָרן אין פּאָעטיע און אין קאָלעזש קאָקרע; פון די לערעס פון דאָראַ; פון זײַנע ווײַט אין דער נאַכט זיך ציִענדיקע שמועסן מיט זײַן חבר ראָנסאַר; פון די קאַמפן קעגן דער מיטצײַטלערישער פּאָעזיע, וואָס האָט זיך געדרייט אין אַ ראָד פון רעטאָריק און נאָכמאַכענישן; פון גאַנצן טאָן פון דער „בריגאַדע", וואָס וועט באַלד דערנאָך הייסן די „פּלעיאַדע", אַנטשטייט זײַן ערשט ווערק, דער מאַניפעסט פון דער גרופּע: „פאַרטיידיקונג און שבח פון דער פראַנצייזישער שפּראַך".

ס'איז צוערשט אַן אָנגריף, אַן אָנזאָג פון קאַמף קעגן דער א"ג „געלערנטער" און הויפישער דיכטונג, אין וועלכער די עפּיגאָנען האָבן געלאָזט אונטערגיין דאָס ווערק פון וויאָן און מאַראָ. ס'איז אָבער מער, אַ סך מער: דער ערשטער ליטעראַרישער מאַניפעסט אין פראַנקרײַך, אין וועלכן ס'רעדט דער נײַער מענטש, דער מענטש פון אַ נײַער עפּאָכע, פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע. און ניט בלויז דאָס אַזוי שטאַרק דערוואַכטע זעלבסטבאַוווסטזײַן פונעם יחיד, נאָר אויך און אפשר קודם־כל פון נײַעם קאָלעקטיוו: פון דער נאַציע.

דאָס ערשטע ווערק פון זיבן און צוואַנציק־יאָריקן די־בעלעי איז טאַקע קודם־כל געוואָנדן אויף צו פאַרטיידיקן די רעכט פון דער פראַנצייזישער שפּראַך ווי אַ שפּראַך, וואָס שטייט ניט אָפּ פון די אַלטע בכבודיקע לשונות, גריכיש און לאַטייניש, און אַוודאי ניט פון די בײדע דעמאָלטיקע נײַע קולטור־שפּראַכן: איטאַליעניש און שפּאַניש. און הגם דאָס ווערק גופא איז נאָך פול, סײַ אין איינ־האַלט, סײַ אין פאָרעם, מיט איטאַליעניזמען און מיט אַ שלל באַ־גריפן און אפילו פאָרמולירונגען, דירעקט אַריבערגענומענע פון איטאַליע — דאָס וויגעלע פון רענעסאַנס — פּראָקלאַמירט עס מיט דער גאַנצער היציקייט פון דער יוגנט און זעלבסטזיכערקייט פון די טרעגער פון דער צוקונפט: „פאַרוואָס זײַנען מיר אַזוי אומגערעכט לגבי זיך גופא? פאַרוואָס בעטן מיר אַ נדבה בײַ די אַנדערע שפּראַכן, ווי מיר וואָלטן זיך געשעמט צו רעדן אויף אונדזער אייגענעם לשון?" (באַקאַנטע און נאָענטע ווערטער...)

מיט איטאַליעניזמען און איטאַליענישע השפעות איז אויך פול דאָס ערשטע ווערק, מיט וועלכן די־בעלעי וויל מער ניט פאַר־טיידיקן די פראַנצייזישע שפּראַך און זינגען איר שבחים און מאַני־פעסטן, נאָר טאַקע באַווײַזן בפועל ממש, ד"ה אין פּאָעזיע, די ריכ־טיקייט פון זײַנע פּאָסטולאַטן. „אָליווע" איז אין גאַנצן ווי דורכ־געדרונגען פון איטאַליענישע דיכטערישע פאָרמען. אָבער — און דאָ דערשײַנט דער כוח פון טאַלאַנט — דורך די דאָזיקע פאָרמען הייבט אָן קומען צום אויסדרוק, נאָך באַשיידן און פאַרשאָטן אונ־טער אַ באַרג מיטאָלאָגישע און געלערנטע פאַרגלײַכן, אַן אייגענער אָריגינעלער טאָן, אַן אייגן געפיל. און דער עיקר — די דאָזיקע איטאַליענישע פאָרמען, דורכגייענדיק די געהיימענישפולע פּריזמע פונעם געבוירענעם דיכטער, ווערן פאַראייגנט דער נײַער שפּראַך, ווערן איר קנין. דער סאָנעט, אויפגעקומען אין איטאַליע אין 13טן יאָרהונדערט און קאָנסטיטויִרט אין זײַן ענדגילטיקער פאָרעם דורך

פּעטראַרקאָ, גייט איצט אַרײַן אין דער פראַנצייזישער פּאָעזיע. אַוודאי האָט שוין מאַראָ אַרום 1530 אָנגעשריבן דעם ערשטן פראַנצייזישן סאָנעט. אויך אַנדערע האָבן פּרובירט אַרײַנצופירן אין פראַנקרײַך דעם סאָנעט, וואָס איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט אין איטאַליע. אָבער ערשט די „בריגאַדע" האָט געהאַט די דרייסט־קייט אָנצוהייבן אַ קאָנקורענץ מיט פּעטראַרקאָ אַליין. און אונטער דער פעדער פון די־בעלעי האָבן די צוויי פירער־סטראָפעס, באַגלייט דורך צוויי טערצינעס, באַקומען דעם נאַטירלעכן קלאַנג פאַרן פראַנצייזישן אויער.

שפּעטער אין זײַן רוימישן פּעריאָד וועט די־בעלעי אַרײַנפירן אין סאָנעט, ווי מען האָט ביז דעמאָלט באַנוצט כמעט אויסשליסלעך דעם צענטראַפּיקן פערז, אויך דעם אַלעקסאַנדרינער פערז און עפענען דעם וועג פאַר דער דיכטערישער פאָרעם, וואָס וועט באַלד און ביז הײַנט פאַרנעמען אַזאַ וויכטיק און צומאָל דאָמינירנדיק אָרט אין דער פראַנצייזישער פּאָעזיע.

„אָליווע" איז דערשינען אין יאָר 1549. אַ יאָר שפּעטער קומט אַרויס אַ צווייטע פאַרמערטע אויפלאַגע (115 סאָנעטן אַנשטאָט 50). צוזאַמען מיט איר דערשײַנט „לירישע פערזן", ווו די־בעלעי פירט אַרײַן אין דער פראַנצייזישער דיכטונג אַ נײַעם זשאַנער: די אָדע. אָבער די יוגנטצײַט פון דיכטער איז פאַרענדיקט, מיט איר שווונג, איר היציקער קריגערישקייט, אָבער אויך מיט איר איבערגעלאָדנקייט פון מיטאָלאָגישע בילדער און איטאַליעניזירטע מעטאַפאָרעס. ס'הייבט זיך אָן די צײַט פון רייפקייט — און צו־גלײַך די צײַט פון זאָרג, פון לאַנגע יאָרן לעבן אין דער פרעמד, פון אויסמאַטערנדיקן קאַמף קעגן מאַטעריעלע בויטוועגדיקייטן, וואָס צווינגען די־בעלעי — ווי אַזוי פיל אַנדערע דיכטער — אָפּצוגעבן צײַט און כוחות פאַר אַרבעט און מי אָן שייכות צו זײַן שאַפן. ס'איז אָבער אויך — און אפשר טאָקע צוליב דעם — די

צייַט, ווי זייַן לירישער טאַלאַנט דערגרייכט די הויכקייט: ווען ער שאַפט די לידער, וואָס רעדן נאָך הייַנט צו אונדזער האַרצן, ווי זיי וואָלטן געווען אָנגעשריבן ניט מיט פיר הונדערט יאָר צוריק, נאָר נעכטן.

דאָס זייַנען די יאָרן פון גלות אין רוים, ווי די־בעלעי באַגלייט זייַן פעטער דעם קאַרדינאַל, דעם אַמבאַסאַדאָר פון היינריך דעם צווייטן בייַם וואַטיקאַן, אין דער פונקציע פון אַן אינטענדאַנט. דאָס זייַנען די יאָרן, ווען דער דיכטער האָט אַ געלעגנהייט צו באַ־טראַכטן גאָר פון דער נאָענט די דעקאַדענץ פון פויפסטלעכן הויף מיט זייַנע אינטריגעס, אויסגעלאַסנקייט, קאָרופּציע. יאָרן פון כסדר־דיקע קאָמבינאַציעס, ווי אַזוי אָנצופילן די ליידיקע קאַסע פונעם קאַרדינאַל, אַרומרייַסן זיך מיט די באַנקירן, צוגרייטן דעם אַמבאַ־סאַדאָרס אויפנעמען. דאָס זייַנען אָבער אויך יאָרן פון דיכטערי־שער שלמות. דער קאָנטראַסט צווישן די גראַנדיעזע דענקמעלער פון דער רוימישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס מען האָט דעמאָלט טאָג־טעגלעך ווידער אַרויסגעבראַכט פון אונטער זאַמד און ערד אויף דער ליכטיקער שייַן, און דער רוימישער קעגנוואַרט סטימולירט און פאַרטיפט זייַן געדאַנק; דער אָנבליק פון די מענטשלעכע לייַדנשאַפטן, ראַנגלענישן און אינטערעסן וועקט אויף אין אים אַ סאַטירישן טאַלאַנט; די ברענענדיקע, כסדר שטאַרקער ווערנ־דיקע בענקשאַפט נאָך פראַנקרייַך, נאָך זייַן אַנזשעווינער היים — געפינט אין זייַן ליריק נייַע רירנדיקע טענער, וואָס ווירקן אויף אונדזער פילעווודיקייט ניט ווייניקער ווי אויף זייַנע מיטצייַטלער. אַזוי ווערן באַשאַפן זייַנעביידע ווערק: „רוימישע אַלטערטימער״ און „באַדויער״.

אין 1560 איז די־בעלעי געשטאָרבן אין עלטער פון בלויז זיבן און דרייַסיק יאָר. דער גורל האָט געוואָלט, אַז אַפילו זייַן קבר אין נאָטר־דאַם פון פּאַריז זאָל אונדז ניט איבערבלייַבן. בייַ איבער־

בוי־אַרבעטן אין 18טן יאָרהונדערט איז ער פאַרשוווּנדן. געבליבן זיינען זײַנע לידער.

פון די דאָזיקע לידער רעדט צו אונדז דער מענטש פון רע־נעסאַנס. דער מענטש, וואָס איז ממש ווי פאַרכישופט פון האָבן אַנטדעקט זיך גופא, די מענטשלעכע פערזענלעכקייט מיט אירע אומענדלעכע מעגלעכקייטן, מיט איר ניט־אויסמעסטלעכער עשי־רות, אָבער אויך פול מיט אַ לײַכטער מעלאַנכאָליע, מיט דעם פאָרויסשפּיר איבער די גרענעצן פון דער מענטשהייט. דער מענטש, אַרויסגעריסן פון טויזנטיאָריקע פעסטע געבונדנקייטן, פילט זיך צום ערשטן מאָל אַליין מיט זיך, נאָך גאַנץ נתפעל און באַגײַסטערט איבער זײַן אייגענער פרײַהייט און אייגענער גרויסקייט. אָבער איינצײַטיק מיטן ערשטן ציטער פאַר דער אַליינזײַנקייט, וואָס טראָגט אין זיך דעם שפּראָץ פון די קומענדיקע איינזאַמקייט־שרעקן. דערפון דער טראָפּן טרויער אינעם איבערשוימענדיקן גע־פיל, מיט וועלכן ער באַגעגנט די אייגענע פרײַהייט...

די־בעלעי שפּירט אפשר שטאַרקער ווי זײַנע מיטצײַטלער דעם פרעגצייכן, וואָס קומט הינטער יעדן אויפברויז; און די שפּאַנונג צווישן ביידע — דער סימן מובהק פון יעדן עכטן דיכ־טער — איז בײַ אים לירישער, מער אינזיכיש ווי בײַ אַנדערע. און דאָס אפשר מאַכט אונדז נאָך הײַנט אַזוי לעבעדיק, נאָענט און ווירקעוודיק זײַן דיכטונג.

מיר ברענגען פון די־בעלעיס ווערק זעקס סאָנעטן: צוויי פון בוך „אָליווע”. דער ערשטער כאַראַקטעריסטיש פאַרן איטאַ־ליעניזירנדיקן זשאַנער, אָבער איינצײַטיק אויך פאַר דער אָריגי־נעלקייט פונעם דיכטער, דער צווייטער — פאַר די פּלאַטאָנישע געדאַנקען, וואָס זײַנען אין רענעסאַנס, באַזונדערס אין זײַן פּלאַ־רענטינער פּעריאָד געווען שטאַרק אין מאָדע. פון בוך „רוימישע אַלטערטימער” ברענגען מיר אַ סאָנעט, וואָס דריקט גוט אויס

די רעיונות, אַרויסגערופֿענע דורכן קאָנטראַסט צווישן דעם, וואָס רוים איז געווען און וואָס עס איז געוואָרן. און פֿון „באַדויער" — לעבן צוויי סאָנעטן פֿול מיט בענקעניש נאָך דער היים — דעם באַרימטן סאָנעט וועגן מאַן, „וואָס איז ווײַט געפֿאָרן ווי אוליס", דעם סאָנעט, וואָס אַלע שילער „פֿון פֿראַנקרײַך און נאַוואַרע" קענען אויף אויסנווייניק בײַם הײַנטיקן טאָג. צי דאַרף מען נאָך אַ בעסערע ראיה, אַז די־בעלעיס ראָל איז נאָך ווײַט ניט בלויז אַ היסטאָרישע און אַז זײַן שטערן לויכט נאָך תמיד מיט אייגענעם ליכט אויפֿן הימל פֿון דער פֿראַנצייזישער דיכטונג.

.1960

# צו די איבערזעצונגען פונעם בוך
# „אָריענטאַלישע מאָטיוון” פון וויקטאָר הוגאָ

דאָס בוך „אָריענטאַלישע מאָטיוון” (« Les Orientales ») איז געשריבן אין די יאָרן 1826—1828, ווען איבער אייראָפּע פון דער „הייליקער אַליאַנץ” האָט העל געפלאַקערט דער שטערן פון גריכישן נאַציאָנאַלן באַפרײַונג־קריג. פאַר אַ סך פאָרגעשריטענע מענטשן אין פראַנקרײַך איז עס געווען ווי אַ תחית־המתים פון אָט די אַלע געשטאַלטן, באַגריפן, דערמאָנונגען און פאָרשטעלונגען, פון וועלכע זייער גײַסט, אויפגעהאָדעוועט און דערנערט אויף הומאַניסטישער קולטור, האָט געצויגן זײַן יניקה. אָלימפּ און פינד, אַטען און פעלעפּאָנעס, כיאָס און לעסבאָס זײַנען אַרויס פון די זײַטן פון האָמערישע און העזיאָדישע געזאַנגען און געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. אָבער צוזאַמען מיט דעם האָבן יענע, דורך יאָר־טויזנטער געהייליקטע נעמען אַרויסגערופן אַנדערע, ברייטערע, נאָענטערע זכרונות. אין פילהעלעניזם האָט זיך הומאַניסטישע בילדונג אויסגעמישט מיט הומאַניטאַרע געפילן און אַנטיקע רעמי־ניסצענצן מיט רעוואָלוציאָנערע, — „די גריכנלאַנדס פון בײַראָן און פון האָמער, אונדזער שוועסטער און אונדזער מוטער”. הינטער דעם געוואַלדיקן אינטערעס, וואָס איז אויפגעוואַכט פאַר דער אַל־טער און נײַער גריכישער קולטור און פאַרן נאָענטן מזרח בכלל, האָט זיך געשפּירט דער נײַער דערפרישנדיקער הויך אין דער דושנער נאַכט פון די ווינער, ליובליאַנער און וועראָנער קאָנגרעסן. מיסאָלאָנגי איז געווען אַ פאָרזעצונג ניט נאָר פון די טערמאָפּילן, נאָר אויך פון וואַלמי און באָצאַריס האָט געוועקט פאַרגלײַכן ניט אַזוי מיט לעאָנידאַס ווי מיט האָש...

ניט צום ערשטן מאָל איז אַ ליטעראַרישע באַוועגונג גע־וואָרן דער אויסדרוק פאַר מעכטיקע, טיף־פאַרוואָרצלטע היסטאָ־רישע פּראָצעסן; און ניט צום ערשטן מאָל — אַן ערשטראַנגיקער אינסטרומענט פאַר זייער אויפקום און אַנטוויקלונג. דער נאָמען גריכנלאַנד, „וואָס האָט ביז איצט געוואַרעמט בלויז די הערצער פון דיכטער", איז, אַרײַנדרינגענדיק אין די מאַסן און פאַרבינדנ־דיק זיך מיט זייערע אייגענע אַספּיראַציעס, געוואָרן אַ כוח. מער ווי איין פאָדעם ציט זיך פון בײַראָנס קבר אינעם חרובן, האַלב־פאַרברענטן, פיבער־פאַרפעסטיקטן שטעטל אויפן ברעג פון יאָנישן ים ביז צו דער יולי־קאָלאָנע אויפן באַסטיל־פּלאַץ אין פּאַריז.

דער פילהעלעניזם איז אין די צוואַנציקער יאָרן פון פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט געוואָרן די ברייטסטע גײַסטיקע באַוועג־גונג אין פראַנקרײַך: „סײַ פאַרשפּעטיקטע קלאַסיקער, סײַ יונגע ראָמאַנטיקער באַזינגען די גבורה פון די אויפשטענדלערס, געפּי־נען אין גריכנלאַנד און אין אָריענט די טעמעס פאַר זייער פּאָעזיע: וויענע גיראָ, דע־פּאָנס, דעלאַווין, וויני, לאַמאַרטין, געי, פּרוי טאַסטי, פּישאַל, לעברען, לעמערסיע — פאַרפלייצן פראַנקרײַך מיט זייערע פּערזן. די אַקאַדעמיע קלײַבט אויס ווי אַ סוזשעט פאַר איר יערלעכן פּאָעזיע־קאָנקורס די אומאָפּהענגיקייט פון גריכנ־לאַנד. פאָריעל פאַרעפנטלעכט אין 1824 זײַנע פאָלקסלידער פון הײַנטצײַטיקן גריכנלאַנד, קלעפטישע לידער, קריגערישע געזאַנ־גען, ראָמאַנסן, חתונה־לידער. וויני אינספּירירט זיך פון די אָקערשט באַקאַנט געוואָרענע ווערק פון שעניע. מערימע — אויף דער עצה פון פאָריעל — נעמט לערנען דאָס מאָדערנע גריכיש. אין די סאַלאָנען דעקלאַמירט מען די „מעסעניש עלעגיעס." 1)

ליטעראַריש בײַם אויפקומען, איז די באַוועגונג באַלד אויס־

---

1) זשורדאַ: „דער עקזאָטיזם אין דער פראַנצייזישער ליטעראַטור זינט שאַטאָבריאַן". ז"ז 174.

געוואַקסן צו אַ געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן כוח: „פֿאַר די גריכן אין זייער לאַנגן אויסמאַטערנדיקן קאַמף... איז דער פילהעלעניזם אין אויסלאַנד, קודם־כל אין פראַנקרײַך, געווען דער וויכטיקסטער מאָראַלישער אָנשפּאַר. פֿאַרמשפּט דורך דער אָפיציעלער פּאָליטיק, האָבן זיי זיך געשפּירט אונטערגעשטיצט דורך אַ שטראָם פון דער עפנטלעכער מיינונג, וואָס האָט געמוזט פריִער אָדער שפּעטער צווינגען די רעגירונגען צו ענדערן זייער פּאָליטיק. זיי האָבן זיך ניט טועה געווען. פון יאָר צו יאָר האָבן זיך די מאַניפעסטאַציעס לטובת גריכנלאַנד, די בראָשורן, די ביכער כסדר געמערט. מען געפינט רײַזע־באַשרײַבונגען, מעמואַרן, היסטאָרישע ווערק, באַ־טראַכטענישן, באַמערקן, רעפלעקסן וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט גריכנלאַנד. דער עיקר אָבער קומען אַרויס לידער, אָדעס, דיטיראַמבן, פּאָעטישע עפּיסטעלן, עפּיסטעלן צו די גריכן, עפּיסטעלן צו די מלכים פון אייראָפּע. די גרעסטע גײַסטער פון דער עפּאָכע קעמפן אין זייערע ווערק פאַר גריכנלאַנד. די לידער פון וויקטאָר הוגאָ זײַנען אויף אַלעמענס ליפּן, ווי אויך די לידער פון בעראַנ־זשע. סטענדאַל אין „אַרמאַנס", סען־בעוו אין זײַנע „מאָנטיקן", דע־לאַקרואַ אין זײַן באַרימטן בילד „די שחיטה אויף סציִאָ", דאַוויד ד'אַנזשער אין זײַן „ביוסט פון קאַנאַריס", אָדער אין דעם „גריכי־שער שקלאַף אויפן קבר פון באָצאַריס" אינספּירירן זיך פון עפּיזאָדן פונעם גריכישן אויפשטאַנד, גלאָריפיצירן די העלדישקייט און נאָבלקייט פון זײַנע קעמפער. די לידער, די גראַווירעס, די ליטאָ־גראַפיעס, די בילדלעך דרינגען אַרײַן ביז אין די פאַרוואָרפנסטע דערפער." 2)

אין אָט דעם גרויסן שאַפערישן שטראָם הייבן זיך אַרויס די צוויי אויבן דערמאָנטע נעמען, צוויי ווערק: אין דער ליטע־

2) אַ. קעדראָס: „דער גריכישער אומאָפּהענגיקייט־קריג און דער פיל־העלעניזם אין פראַנקרײַך".

ראַטור האָט דער גריכישער אומאָפּהענגיקייט־קריג טיף משפּיע געווען די אַנטוויקלונג פון וויקטאָר הוגאָ. אין דער מאָלערײַ האָט ער אינספּירירט עיזשען דעלאַקרואַ צו איינעם פון די שיינע און גרויסע ווערק פון 19טן יאָרהונדערט, וואָס האָט געעפנט אַ נײַע עפּאָכע אין דער קונסט. פאַרן דיכטער איז „אָריענטאַלישע מאָטיוון" אַן אָנהייב. פאַרן קוים פיר יאָר עלטערן מאָלער איז דאָס בילד „די שחיטה אויף סציאָ" 3) — איינער פון זײַנע דערגרייכן, וואָס וועט ניט פאַרטונקלט ווערן אויך שפּעטער דורך די גרויסע שאַפונגען פון אַ פּרוכפּערדיקן קינסטלערישן לעבן.

דער סוזשעט פונעם בילד איז גענומען פון איינעם פון די סאַמע טראַגישע געשעענישן פונעם אויפשטאַנד: די אכזריותדיקע שחיטה, וואָס די טערקן האָבן דורכגעפירט אין אַפּריל 1822 איבער דער באַפעלקערונג פונעם אינדזל כיאָס. ווערדליק פאַרזיכטיקע שאַצונגען האָט מען דאָרט אויסגעהרגעט איבער דרײַ און צוואַנציק טויזנט מענטשן און איבער פופציק טויזנט, צווישן זיי טויזנטער מיידלעך און יונגע פרויען, דעפּאָרטירט און פאַרקויפט אין שקלאַפערײַ. קוים צוויי יאָר שפּעטער, אין 1824, האָט דעלאַקרואַ אויסגעשטעלט זײַן בילד, וואָס האָט ממש אויפגעטרייסלט די אינטעלעקטועלע וועלט הן דורך זײַן סוזשעט, הן דורכן כוח פון קינסטלערישער געשטאַלטיקונג. דער גרויסער סוזשעט האָט געפאָדערט גרויסע אויסדרוק־מיטלען. דאָס נײַע וועלט־ און קונסט־געפיל — אַ גרויסן סוזשעט. די אָנגעלאָדנקייט פון דער טעמע און איר ברענענדיקע אַקטואַליטעט, די טיפע עמאָציעס, וואָס זי האָט אַרויסגערופן, האָבן געפירט די האַנט פונעם קינסטלער, האָבן געגעבן זײַן פּאַליטרע דעם געוואַלדיקן עקספּרעסיוון כוח, די קאָלאָריסטישע שפּאַנונג; האָבן געהאָלפן צו קריסטאַליזירן דעם נײַעם אויסדרוק־אופן, וואָס וועט פון איצט אָן דינען דעלאַקרואַ אויך

3) אין לוווּר־מוזייאום אין פּאַריז.

פאַר זײַנע אַנדערע בילדער. און פאַרקערט: די קינסטלערישע זוכענישן, די נײַע קאָלאָריסטישע וויזיע, וועלכע האָבן שוין געעוירט בײַם געניאַלן מײַסטער און געשטויסן אים צו געפינען פאַר זיי אַן אויסדרוק, האָבן אינעם קאָנטאַקט מיט אַן אַדעקוואַטן, גרויסן און די צײַט דאָמינירנדיקן סוזשעט געקאָנט רעאַליזירט ווערן אַמשטאַרקסטן און אַמפולקומסטן.

דער עקספּרעסיווער כוח פון די פאַרבן איז דאָ דערפירט ביז צו דער גרענעץ פון פּאַראָקסיזם. ער גייט אָבער קיין מאָל ניט אַריבער אָט די גרענעץ. דער קאָלאָריסטישער שטורעם צעשטערט ניט די אינעווייניקסטע געשלאָסנקייט פונעם בילד, זײַן קאָמפּאָזיציאָנעלע האַרמאָניע. זי ווערט דורך דעם נאָך שטאַרקער און ווירקעוודיקער. דאָס קומט באַזונדערס בולט צום אויסדרוק אינעם הינטערגרונט פונעם בילד: די פּאָעטישע העלקייט פון דער מיטל־לענדישער לאַנדשאַפט און דער ווײַסלעך־געלער, מיט בלויע פלעקן און פאַסן צעריסענער, אויפגערודערטער הימל ברענגען אַרויס דורך זייער קאָנטראַסט נאָך שטאַרקער די טראַגיק. אָבער דער דאָזיקער קאָנטראַסט גיסט זיך אײַנצײַטיק צונויף אין אַ זעלטענער האַרמאָניע פון פאַרבן צווישן דעם מאָדנעם געל פון די וואָלקנס און דעם וואַרעמען געל פון די לײַבער. אין דער צענטראַלער גרופּע פון די צוויי געשטאַלטן — מאַן און פרוי אַרומגעאָרעמט אין מיטן פון דער שחיטה — געפינט די האַרמאָניע איר לעצטע שלמות. דער העלער גוף פון מאַן פירט ווײַטער די קאָלאָריסטישע פלאַכן פון דער גרופּע לינקס, בעת די טונקעלע הויט און האָר פון דער פרוי וואַקסן אַרויס פון דער אַ סך טונקעלערער מאַסע, דאָמינירט דורכן רײַטער, דער טונקל, וואָס עס רייסן זיך פון אים אַרויס אין ווילדן יאוש פאַרבראָכענע פרויען־הענט. דער פּייזאַזש פונעם בילד האָט ניט צופעליק משפּיע געווען במשך פון צענד־ליקער יאָרן די גאַנצע לאַנדשאַפט־מאָלערײַ.

אויך וויקטאָר הוגאָ האָט אין „אָריענטאַלישע מאָטיוון" אַ ליד וועגן דער שחיטה אויף כיאָס: „דאָס קינד". דער דיכטער שיל־דערט דעם מאָמענט נאָך דער שחיטה, דעמאָלט ווען אויפן אינדזל, ווו עס הערשט דאָס שווייַגן פון טויט און פאַרוויסט, זייַנען געבליבן בלויז צוויי שפּורן פון לעבן: אַ בלום און אַ קינד. להיפּוך צו דעלאַקרואַס בילד, וואָס איז פּאַטעטיש און טראַגיש, איז דאָס ליד מער עלעגיש און געהערט ניט צו די סאַמע שטאַרקסטע אין דער זאַמלונג. ס'איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר די גרונטשטימונגען פונעם דיכטער אין יענעם פּעריאָד און פאַר זייַנע שאַפערישע מעטאָדן. דאָס גאַנצע ליד איז געבויט אויף צונויפגרופּירטע קאָנ־טראַסטן: דורך אַנטקעגנשטעלן די איצטיקע „צעשטערונג און טרויער" דעם נאָר וואָס געוועזענעם בילד פון שלווהדיקן ווייַן־אינדזל מיט זייַנע „שאָטנדיקע פּאַוויליאָנען" און „קאַראַהאָדן פון טאַנצנדיקע מיידלעך", ווערט באַזונדערס בולט אַרויסגעהויבן דער רעזולטאַט פון דעם, אַז „די טערקן זייַנען דאָ דורך". דער קאָנטראַסט צווישן בלויאויגיקן קינד און די פייַער־געשוואַרצטע ווענט ווערט נאָך מער אונטערגעשטראָכן דורך דער ווייַסער בלום, וואָס איז, ווי דאָס קינד, „פאַרגעסן געוואָרן אין דער שחיטה". אַ נייַע בילדערישע ריי הייבט זיך אָן אין די ווייַטערדיקע דרייַ סטראָפעס: דער גריכישער ווירקלעכקייט ווערט אַנטקעגנגעשטעלט די אָריענטאַלישע פאַנטאַסטישקייט; דער רעאַליטעט פון די שוואַר־צע ווענט און פאַרברענטע חורבות — דער מיראַזש פון איראַנישע ליליעס, לעגענדאַרע ביימער, וואָס אַ גאַלאָפּירנדיק פערד דאַרף לויפן הונדערט יאָר, כדי אַרויסצוקומען פון אונטער זייער שאָטן; פון וווּנדער־פייגל. און ביידע רייען טרעפן זיך צונויף, קרייצן זיך אין דער לעצטער שורה, וואָס סינטעזירט דאָס ליד, ווי אַ טרומייטן־אויפשאַל וואָלט זיך געהאַט אַרייַנגעריסן אין די עלעגישע פידל־טענער: ווען דאָס גריכישע קינד אויף דער פראַגע, וואָס עס

וויל, הייסט עס, פון אָט דעם גאַנצן כישוף, ענטפערט: „ניין, מײַן פרײַנד, כ׳וויל נאָר פולוועד און קוילן״...

פאַרן יונגן, עטלעכע און צוואַנציק־יאָריקן וויקטאָר הוגאָ איז דער גריכישער אומאָפּהענגיקייט־קריג אַזוי אַרום דער אָנהייב פון אַ קער. זײַנע סימפּאַטיעס צום גריכישן פאָלק זײַנען צוערשט אַרויסגערופן — ווי בײַ אַ סך אַנדערע — דורך דער פאַרערונג פאַר „אָט דאָס באַרימטע און טײַערע פּאָטערלאַנד״ פון דער אייראָפּעיִשער קולטור, ווי אויך דורך דער נײַגער פאַר אַלץ, וואָס איז אויסטערליש, עקזאָטיש, פרעמדלעך. אָבער באַלד רײַסט זיך שוין אַרײַן די געשיכטלעכעווירקלעכקייט, די רעאַלע וועלט, צום ערשטן מאָל, אין דער אויסגעטרוימטער מעשהלעך־דיכטונג פונעם יונגן פּאָעט. די רעאַליטעט וואָס וועט פון איצט אָן אים ניט מער גאַנץ פאַרלאָזן און אַלץ שטאַרקער אים מיטציִען אין איר באַוועגונג. און ס׳איז אפשר פון גרויסן באַטײַט פאַר זײַן גאַנצער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג, אַז אָט די רעאַליטעט, וואָס איז צוליב איר כאַראַקטער געווען מסוגל צו רירן דאָס ווייכע, מיטליידפולע האַרץ פון דיכטער און זײַן אויף אַנטישע רעמי־ניסצענצן דערנערטן גײַסט, איז געקומען אין דער געשטאַלט פון אַ קאַמף פאַר פרײַהייט, אַ קאַמף פון אונטערדריקטע קעגן זייערע אונטערדריקער, אַ קאַמף, וואָס האָט זיך אַרײַנגעשריבן אין דער אויפשטײַגנדיקער ליניע פון דער געשיכטע און אירע טראַנספאָר־מירנדיקע כוחות.

געוויס, די דאָזיקע רעאַליטעט קומט פאַרן דיכטער, בײַ ווע־מען דער כוח הדמיון וועט דערגיין ביז צו האַלוצינירנדיקער מעכ־טיקייט, פאַרקליידט אין דער גאַנצער ראָמאַנטישער פאַרפּוצונג פון עקזאָטישע מלבושים. א. א. מיט וואָסערן אמתן סענסועלן תענוג שפּילט זיך דער דיכטער מיט אָט די בלישטשענדיקע איידל־שטיינער פון די האַלדזבענדער, מיט די זעלטענע כלי־זין און גאָלד־

באַהאָפטענע געוועבן, מיט אָט דעם גאַנצן ראָמאַנטישן רעקוויזיט, צווישן וועלכן ס׳קאָנען, נאַטירלעך, ניט פעלן אַזעלכע אָבליגאַ־טאָרישע חפצים ווי קינזשאַלן און בלוט־באַפלעקטע יאַטאַגאַנען. ווי דער יונגער דעלאַקרואַ, אַזוי איז אויך וויקטאָר הוגאָ אין גאַנצן באַרוישט פון דער פאַנטאַסטישער פאַרביקייט און די פאַרשיכורנ־דיקע פאַרפומען. ווי דער מאָלער, אַזוי קלייבט אויך צונויף דער דיכטער אין זײַנע לידער — מיט וואָסער הנאה! — הויפנס עקזאָטישע כלים, אַלץ, וואָס גלאַנצט, הילכט, בלענדיקט, מעטאַל און טײַערע שטיינער, העלפאַנטביין און אַראַבישע ווײַלגערוכן. ער נאַרט זיך אַליין, ער וויל זיך אײַנרעדן, אַז נאָר דאָס־אָ אינטערע־סירט אים, אַז נאָר דאָס־אָ אינספּירירט זײַן מוזע. געפאַנגען נאָך אין דער געדאַנקען־וועלט פון די מוטערלעכע השפעות און פון עלטערן דור ראָמאַנטיקער, איז ער ניט קלאָר איבער די אמתע באַוועגער פון אָט די לידער. ער זוכט זיי צו באַרעכטיקן, אַז „דאָס איז נאָר סתם אַן אײַנפאַל, וואָס האָט אים פאַרכאַפּט, און פאַרכאַפּט אויף גאָר אַ לעכערלעכן אופן, פאַרגאַנגענעם זומער, ווען ער איז אַרויס זיך אָנקוקן אַ זון־פאַרגאַנג״... עס העלפט ניט. זײַן אינטויציע איז טיפער ווי זײַן געדאַנק. די שחיטה אויף כיאָס ווירקט שטאַר־קער ווי די איבערגענומענע השגות. „דער אָדענקלעכער קריג אין גריכנלאַנד — שרײַבט ער אין זײַן הקדמה צו „אָריענטאַלישע מאָטיוון״ — האָט צוגעצויגן די בליקן פון אַלע פעלקער... דער גאַנצער קאָנטינענט קוקט אויפן מזרח. מיר וועלן נאָך זען גרויסע געשעענישן״. הינטער דעם פאַרביקן און קלינגעוודיקן דעקאָר, אונטער די מזרחדיק־שווערע זאַלבן און צירונגען דערזעט דער יונגער דיכטער אַלץ מער און מער דאָס וווּנד־באַדעקטע לײַב פון מאַרטירער און קעמפער. ער דערקענט אין אים אַלץ מער און מער דעם עפּישן טרעגער פונעם געשיכטלעכן — און דורך דעם גופא אַלץ מער און מער אויך פון זײַן דיכטערישן ווערן.

ס׳איז אינטערעסאַנט נאָכצוגיין אָט דעם פּראָצעס אין דיכטערס שאַפן. ווען די ים־שלאַכט פון נאַוואַרין ברענגט ענדלעך דעם אַזוי לאַנג געהאָפטן און געגאַרטן קער אינעם גריכישן קאַמף, נעמט הוגאָ ווי אַ מאָטאָ צו זײַן פּלאַמיקן ליד „נאַוואַרין״ דעם אויסרוף פון עסכילס „פּערסער״. ער האָט מסתמא קוים אַן אידעע וועגן די נײַע געשיכטלעכע רעאַליטעטן, וואָס האָבן דערפירט צו נאַוואַרין. אָבער ער פילט, אַז דאָס איז ניט אַזוי אַן איבערחזרונג פון דער שלאַכט בײַ סאַלאַמינאַ ווי אַ זיג איבער לײַבאַך... אוודאי, זײַן פאַנטאַזיע, דער מעכטיקער שטראָם פון בילדער און טענער, וואָס קײַקלט זיך אין זײַן געמיט, איז קודם־כל פאַרשיכורט דורך די קלינגעוודיקע נעמען פון פרעגאַטעס, גאַלערעס, קאַראַ־ וועלעס און כל־המינים אַנדערע שיפן. אָבער זײַן ערשטער געדאַנק, די ערשטע פײַערדיקע שורות פון דער פּאָעמע זײַנען געוואָנדן צו דעם, וואָס אים זײַנען געווידמעט אַזוי פיל הערלעכע, צאָרנ־ דיקע סטראָפעס אין „אָריענטאַלישע מאָטיוון״ און צו וועמען הוגאָ וועט זיך נאָך אומקערן מיט יאָרן שפּעטער אין די „געזאַנגען פון בין־השמשות״, צום העלד פון גריכישן ים־קאַמף, צו קאַנאַריס. ניט בלויז די אַנטציקונג פאַרן דעקאָר — די באַוווּנדערונג פאַרן קעמפער אינספּירירט דעם דיכטער. הוגאָס פילהעלעניזם איז אַ צייכן פון דער צײַט. אָבער אין זײַן שפּירעוודיקן נאָך ניט ענד־ גילטיק אויסגעפורעמטן, פאַר די השפעות פון גוטן און געזונטן תמיד אָפענעם געמיט בלײַבן די צייכנס טיפער אַרײַנגעחתמעט ווי בײַ אַ סך אַנדערע און זייער פולע אויסווירקונג וועט ווערן וואָס ווײַטער אַלץ קלאָרער.

„אָריענטאַלישע מאָטיוון״ איז די צווייטע לידער־זאַמלונג פון וויקטאָר הוגאָ, דערשינען אין יאָר 1829, זיבן יאָר נאָכן דערשײַנען פון „אָדעס און באַלאַדעס״. נאָך יענע ראָיאַליסטיש־קלעריקאַלע געזאַנגען פון קוים צוואַנציק־יאָריקן דיכטער איז „לעז אָריענטאַל״

אַזוי אַרום אינעם „לייטער, וואָס פירט פון שאָטן צו ליכט" 4), פון די „אָדעס און באַלאַדעס" צום „בוך פון עונש" און צום „גבור אין קייטן" — דער ערשטער שטאַפּל.



מיר ברענגען פונעם בוך „אָריענטאַלישע מאָטיוון" פיר לי־דער: „די געפאַנגענע" שפּיגלט אָפּ דעם דיכטערס נטיה צו עקזאָטישער פאַרביקייט. „די דזשינען" זיינען אַ שולבייַשפּיל פאַר הוגאָס פערז־מייַסטערשאַפט. „ענטוזיאַזם" דריקט גוט אויס זייַן עמפּינדלעכקייט און ראָמאַנטישע שטימונג־וואַקלונגען צווישן אַן איבערשוימענדיקער באַגייַסטערונג פאַרן גערעכטן קריג פון די גריכן און דער שוין דעמאָלט שטאַרקער, אינסטינקטיווער אָפּנייגונג קעגן בלוטיקע מלחמות, צו וועלכע עס קומט נאָך צו דער פאַרן ראָמאַנטיזם טיפּישער אַנטקעגנשטעל פון אַקטיוון מעשים־מענטש און פון פאַרחלומטן דיכטער.

„לאַדזאַראַ", ענדלעך, איז איינס פון די שענסטע לידער פון „אָריענטאַלישע מאָטיוון" און דערבייַ איינס פון די סאַמע כאַראַק־ריסטישע פאַרן שאַפערישן פּראָצעס פון וויקטאָר הוגאָס פּאָעזיע אין יענעם פּעריאָד, ווו דאָס בשותפותדיקע מיט דעלאַקרואַ באַ־קומט אַ נאָך טיפערן און פאַרן ליטעראַטור־פאָרשער אינטערע־סאַנטערן באַטייַט. ווי דעלאַקרואַ זייַנע בילדער — אַזוי קאָנסטרויִרט אויך הוגאָ זייַנע לידער אַרום לאַנגע, אויפשטייַגנדיקע, פול־קלינגעוודיקע דיאַגאָנאַלן וואָס זייער אַנטקעגנשטעל און טאָנאַלער קאָנטראַסט ווירקט ווי אַ רעזאָנאַנס־הינטערגרונט פאַר זייער פאַר־שטאַרק און פולן אויסלאָד. אַזוי איז אינעם ליד „לאַדזאַראַ" איין דיאַגאָנאַל געגעבן דורך די ערשטע פיר סטראָפעס — געהאַלטן

4) וויקטאָר הוגאָס ווערטער אין זייַן פירוואָרט צו אַ נייַער אויסגאַבע פון „אָדעס און באַלאַדעס".

אין בוקאָלישע העלע טענער אויפֿן הינטערגרונט פֿון אַן אידעאַ־ליזירטער גריכישער לאַנדשאַפֿט, ווי דער פֿריִער ראָמאַנטיזם האָט אַזוי שיין פֿאַרשטאַנען צוצופֿראַווען מיט פֿרידלעכע פּאַסטאָראַלע כצענעס פֿון פּאַשענדיקע טשערעדעס צווישן רויִנעס פֿון אַלט־גריכישע טעמפּלען. די צווייטע דיאַגאָנאַל — וועלכע הייבט זיך אָן ווי מיט אַ צימבל־סיגנאַל — זײַנען די פֿאָלגנדיקע פֿינף סטראָ־פֿעס, ווו פֿון איינער ביז צו דער אַנדערער שפּרייט זיך פֿונאַנדער אַלץ מער דער אָריענטאַלישער דעקאָר מיטן רײַכן, בלישטשענדיקן ר'עקוויזיט, געמאָלט אין שווערע, סענסועלע, טונקעלע טענער. קאָנטראַסט פֿון דער טאָנאַליטעט, קאָנטראַסט צווישן פּשטות, נאַטור־נאָענטקייט, אָרעמקייט פֿון איין זײַט און מאַכט, עשירות און ראַפֿי־נירטן לוקסוס פֿון דער אַנדערער. ביז ביידע דיאַגאָנאַלן שטויסן זיך צונויף, שנײַדן זיך דורך אין קולמינאַציע־פּונקט פֿון דער לעצטער איין־איינציקער סטראָפֿע, וואָס קלינגט אַרויס ווי אַ יובלענ־דיקער אַפּאָטעאָז אין מעכטיקן אויפֿפּויק פֿונעם שלוסאַקאָרד.

אין אָט דעם שלוסאַקאָרד קלינגט אויך דורך דער ערשטער נײַער טאָן, וואָס וועט ווערן אַלץ שטאַרקער און פֿאַרוואַנדלען דעם יונגן אַריסטאָקראַטיש געשטימטן וויקטאָר הוגאָ אין דיכטער פֿון די גרויסע פֿאַרענדערונגען פֿון דער צײַט. די ראָמאַנטיק וועט אין איר עפּישער אויסוועלבונג אַרומנעמען עבר און עתיד. צווישן זיי וועט די ליריק תמיד געפֿינען איר קעגנוואַרט, אירע „האַרבסט־טיקע בלעטער", איר „געזאַנג פֿון בין־השמשות", איר „טרויער פֿון אָלימפּיאָ". איר אָן־ און בכן אַלצײַטיקייט.

.1953

# „האַרבסטיקע בלעטער"
# פון וויקטאָר הוגאָ

אויב „אָריענטאַלישע מאָטיוון" איז דער ערשטער שטאַפּל אויף דער „לייטער פון שאָטן צו ליכט", פון עבדות צו חירות, איז דאָס בוך „האַרבסטיקע בלעטער", וועמענס לידער דאַטירן מייסטנס פון 1829 און אָנהייב 1830, אַ מין אָפּשטעל. ווי ס'וואָלט דער דיכטער זיך פאַרגונען אַ רו־פּויזע צווישן די גרויסע ליטעראַרישע שלאַכטן, וואָס ער פירט זיי אין טעאַטער, ווו דער אַכט און צוואַנציק־יאָריקער הוגאָ, אָנערקענטער ראש פון דער גאַנצער ראָמאַנטישער שולע, וואַרפט צום אָנגריף איינע נאָך די אַנדערע „קראָמוועל" און דער עיקר „הערנאַני" (פעברואַר 1830). ווי ער וואָלט — איידער ער וועט זיך אַרײַנוואַרפן אין די שוימיקע געשעענישן, וועמענס אָנקומען ער פילט אפשר מטושטש און אינטויִטיוו — צוערשט געמאַכט אַן אַרײַנקער צו זיך. אַן אַרײַנקער אַ ליבלעכער, אָבער אויך איינצײַטיק „אַ בליק אַ מעלאַנכאָלישער און רעזיגנירטער". אויף דער גרענעץ פון דער ערשטער יוגנט. ווען צום ערשטן מאָל וואַכט אויף עפּעס אַ סמוטנע געפיל פון פאַרגיין, אַן עכאָ פון דעם „וואָס איז דאָ, אָבער נאָך מער פון דעם, וואָס איז געווען". אויף דער גרענעץ פון דרײַסיק יאָר איז עס ווייטיקלעך־זיס פאַרן ראָמאַנטיקער אָנצורירן אַ האַרבסטיקע סטרונע. ס'צופּט בײַם האַרצן און ס'איז אַזאַ זיס צופּן: „וואָס זײַנען אגב, אָט די זײַטן, וואָס ער (דער מחבר — מ. ל.) לאָזט זיי איבער דעם צופאַל, דעם ערשטן בעסטן ווינט, וואָס וועט זיי וועלן מיטנעמען? אַראָפּגעפאַלענע בלעטער, טויטע בלעטער, ווי אַלע האַרבסטיקע בלעטער... די טויזנטער אָביעקטן פונעם באַשאַף, וואָס לײַדן, אָבער וואָס דענקען

אַרום אונדז: אַ בלום, וואָס גייט אַוועק; אַ שטערן, וואָס פאַלט; אַ זון, וואָס פאַרגייט; אַ קלויסטער אָן אַ דאַך; אַ גראָז־באַוואַקסן געסל". אינטימע, פערזענלעכע עמאָציעס, שטילע איבערלעבענישן. און נאַטירלעך דער אמת־ראָמאַנטישער פערזענלעכקייט־באַנעם — „אָט די מענטשן מיט שטאַרקן ווילן, וואָס ברעכן דעם גורל, אָדער ווערן דורך אים צעבראָכן". און ווי דאָס קעגנשטיק: „דאָס פאַר־בייַגיין פון אָט די שוואַכע געשטאַלטן, וועלכע ווייסן גאָרניט פון זייער צוקונפט, אַ קינד, צי אַ קעניג..." און די ליבע, „די ליבע צו צוואַנציק יאָר, די ליבע צו דרייַסיק יאָר און דער טראָפּן טרויער, וואָס איז פאַראַן אין איטלעך גליק"...

אָ, מען דאַרף ניט נעמען אָט דעם טרויער צו זייער ערנסט. ס'איז גיכער אַ זיסע בענקשאַפט, דער בייַטראָג צום מאָדישן „וועלטווייטיק פון יאָרהונדערט". אָבער ער דערקלינגט דאָ מיט זילבער־לויטערע טענער פון ריינער ליריק, פון „פערזן, וואָס קומען פון די טיפענישן פון דער נשמה", ווי הוגאָ זאָגט עס אויף ניט קיין באַזונדערס אָריגינעלן אופן. אָבער וואָס אַרט עס, אַבי די נשמה איז אַ לויטערע און אַ ריינע.

ווייַל „האַרבסטיקע בלעטער" זייַנען ניט בלויז סתם אַן אַרייַנ־קער, אַ לירישער אינטערמעצאָ. ס'איז אויך אייַנצייַטיק אַ שטיקל חשבון הנפש, אַ האַרמאָניש קלאָרער־ווערן איבער זיך גופא און דער אייגענער עוואָלוציע, אַן אויסגלייַך פון די אייגענע סתירות, וואָס ער האָט זיי אויפגענומען פון זייַן פאָטער, „איינעם פון די ערשטע פרייַוויליקע פון דער גרויסער רעפּובליק" און זייַן מוטער „די וואַנדייערין". און פון די סתירות פון אַ גאַנצן דור ראָמאַנטיקער, געוואָנדן צום עבר, און דעם אייגענעם ראָמאַנטישן דראַנג, וואָס שטרעבט פּאַמעלעך, אָבער אַלץ מער און מער צו דער צוקונפט.

אָט דער חשבון הנפש איז איצט געוואָרן ביז גאָר דרינגענדיק. ניט אַזוי צוליב דעם, וואָס דער קינסטלער וועט באַלד האָבן

דערגרייכט זײַנע דרײַסיק יאָר, נאָר דער עיקר צוליב דעם, וואָס דאָס יאָרהונדערט האָט דערגרייכט אָט דאָס עלטער. דאָס יאָר־הונדערט, וואָס לויטן באַרימטן ליד, מיט וועלכן ס'הייבט זיך אָן „האַרבסטיקע בלעטער", איז „אַלט געווען צוויי יאָר... ווען אין בעזאַנסאָן, אַן אַלטער שפּאַנישער שטאָט, איז געבוירן געוואָרן אַ קינד..." און וואָס איז איצט דערגאַנגען צו איינעם פון זײַנע וויכטיקע שטאַפּלען, צו 1830.

די לידער פון „האַרבסטיקע בלעטער" זײַנען אַלע געשריבן געוואָרן פאַר דער יולי־רעוואָלוציע. דאָס בוך איז אָבער דערשינען ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער און אינעם פאָרוואָרט, דאַטירט פון 24טן נאָוועמבער 1831, אַנטפּלעקט זיך, בליציק, דער גאַנצער אונטערשייד צווישן פאַרדעם און נאָכדעם, דער שפּרונג וואָס די דרײַ יולי־טעג האָבן געלאָזט מאַכן דעם דיכטער:

אינעם פאָרוואָרט צו „אָריענטאַלישע מאָטיוון" אַנטשולדיקט זיך הוגאָ, מיט אַלע מעגלעכע תירוצים, וואָס ער האָט אַרײַנגעפירט פּאָליטישע מאָטיוון און מיטצײַטלערישע געשעענישן אין זײַן דיכטונג. ער זוכט כלערליי אויסריידן פאַר אַנדערע און פאַר זיך. אינעם פאָרוואָרט צו „האַרבסטיקע בלעטער" אַנטשולדיקט ער זיך, וואָס אין דער זאַמלונג זײַנען ניט פאַראַן קיין פּאָליטישע מאָטיוון, „קיין פּאָעזיע, וואָס מען רופט אָן פּאָליטישע, און וואָס ער וואָלט געוואָלט, מען זאָל זי אָנרופן היסטאָרישע". ניט דערפאַר, חלילה, וואָס ער האָט ניט געשריבן אַזעלכע לידער. ניין. נאָר ער האָט זיי אַרײַנגענומען אין אַן אַנדער זאַמלונג, וואָס ער וועט זי נאָך פאַרעפנטלעכן.

וויקטאָר הוגאָ האָט געהאַלטן וואָרט. „די דאָזיקע ברוטאַלע און לײַדנשאַפטלעכע לידער" האָט ער שפּעטער פאַרעפנטלעכט. אין דער פאָרליגנדיקער זאַמלונג האָט ער זיך בלויז באַגנוגנט מיטן צוגעבן צום סוף איין איינציק ליד „נאָך אַ לעצט וואָרט"

(דאַטירט פון נאָוועמבער 1831), אין וועלכן ער זאָגט אָן זײַנע פרײַנד, אַז פון איצט אָן „גיט ער צו אויף זײַן לירע אַ מעטאַלענע סטרונע".

אַזוי אַרום איז צווישן די טאָוולען פון „האַרבסטיקע בלעטער", צווישן „דאָס יאָרהונדערט איז אַלט געווען צוויי יאָר" און דעם „לעצטן וואָרט" איינגעפּאַסט ניט נאָר אַ לירישער אָפּקלאַנג פון אַן עפּאָכע, נאָר אויך אַ מין עליפּטישער רעזומע פון זײַן ביז־איצטיקער אַנטוויקלונג; אַוועקגעשטעלט צוויי סלופּעס — בײַם אָנהייב און בײַם סוף פון ערשטן אָפּשניט אין לעבן און שאַפן פון וויקטאָר הוגאָ. הינטער דעם לעצטן פאַרקירעוועט זיך דער וועג — איבער אָנצאָליקע זיגזאַגן — אָבער תמיד מער אין דער גרונט־ריכטונג פון גרויסן היסטאָרישן געשעען, פון כולל־דיקע עפּאָפּייעס און גרויס־געזעענע, מעכטיקע, ווען אויך ניט אַלע מאָל פאַרטיפטע, חזיונות פונעם עתיד, פון דער פאָרויסגייענ־דיקער געשיכטע.

פון דער פאָרויסגייענדיקער געשיכטע, „וואָס צעטרעטנדיק עמעצן, עפּעס באַוועגט"...

.1954

# נאָכוואָרט צו דער פּאָעמע
# „דער בית־עולם בײַם ים" פֿון פּאָל וואַלערי

צווישן די בערג פּירושים אויף די שאַפֿונגען פֿון פּאָל וואַלערי זײַנען ניט ווייניק געווידמעט דער פּאָעמע „דער בית־עולם בײַם ים". ניט דערפֿאַר וואָס זי איז באַזונדערס אומפֿאַרשטענדלעך און שווער. פֿאַרקערט, אין דער אָפּט טונקעלער און הערמעטישער דיכטונג פֿון פּאָל וואַלערי געהערט „דער בית־עולם בײַם ים" צו די מער צוגענגלעכע. אפֿשר טאַקע דערפֿאַר האָבן מפֿרשים און קאָמענטאַטאָרן ליב דעם דאָזיקן טעקסט, וועמענס שליסל ליגט ניט ערגעץ־ווו הינטער די הרי־חושך. נאָר קודם־כּל צוליב דער ווונדערלעכער האַרמאָניע צווישן דער אָנגעלאָדענער, צומאָל אַבּ־סטראַקטער, געדאַנקלעכקייט און דער טיפֿער, לעבעדיקער עמאָ־ציאָנעלקייט פֿון אַ נײַער און שטאַרקער בילדערישקייט. דער דיכ־טער־דענקער פּאָל וואַלערי דערגרייכט דאָ אַ זעלטענע אינעווייניקסטע אײנהײַטלעכקייט פֿון טאָן, געטראָגן דורך דער שיינער מוזיק פֿון אָט די דעקאַסילאַבישע פֿערזן, אַזעלכע ווייניק־באַנוצטע און פֿאַררופֿענע בײַ פֿראַנצייזישע דיכטער, און פֿון דער הויכער ליריק בײַם פֿערזנעלעכן וויברירן פּנים אל פּנים מיט די אייביקע פֿראַ־בלעמען פֿונעם זײַן. פֿאַר פּאָל וואַלערי איז דיכטן ניט געווען סתּם אַן אַרבעט, זאָל זײַן אַ „הייליקע", אינספּירירטע אַרבעט, אַן „עבֿודה קדושה". ס'איז אַ „מיסטישע באַהעפֿטונג מיטן אַבסאָלוטן". אָבער דער דאָזיקער „מיסטיציזם" האָט ווייניק וואָס צו טאָן מיט דבֿקות. ס'איז די אָנשפּאַנונג פֿונעם געדאַנק ביז איבער זײַנע גרענעצן אַרויס. מען האָט אָפּט אָנגערופֿן וואַלערי „אַ קאַלטן דיכטער", זײַנע פֿערזן ווי געשליפֿענע בריליאַנטן, פֿינקלענדיק, אָבער ניט וואַרע־

מענדיק. ניט יעדן איז געגעבן צו פילן דעם גלי פון מאַטעמאַ־טישע פאָרמולעס, דאָס פײַער, וואָס שלאָפט אין די צאָלן, צי אין די שפינאָזישע טעאָרעמעס. פאָל וואַלערי איז ניט צופעליק געווען מאַטעמאַטיקער און פיזיקער. מאַטעמאַטיק און פּאָעזיע (וואָס קאָן זײַן אַנטקעגנגעשטעלטער פאַר אַ סך מענטשן?) זײַנען געווען בײַ אים בלויז פאַרשידענע צייכנס פון דער זעלביקער שפּאַנונג „צווישן זײַן און ניט־זײַן", אין וועלכער ס'זײַנען „געהאָנגען" זײַנע פּאָע־מעס 1). אָט אַזוי ווי דאָס ניט־אויסדריקלעכע, די פינצטערניש, דער סוד רוען אונטערן ליכט־איבערשטראָמטן, פלאַקערדיקן ים־שפיגל, וואָס שפּרייט זיך צופוסנס פונעם בית־עולם בײַם ים.

דאָס בילד פון אָט דעם דרומדיקן בית־עולם אויף אַ בערגל בײַם מיטללענדישן ים איז זינט דעמאָלט געוואָרן פאַמיליער פאַר אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געלייענט וואַלעריס באַרימטע פּאָעמע, אָדער וויניקסטנס געהערט וועגן איר. ס'איז בדרך כלל אָנגע־נומען, אַז דער ערשטער געדאַנק, די ערשטע טענער, אָדער ווי וואַלערי רופט עס אָן די „ווערטער־אילומינאַציע", זײַנען בײַם דיכטער אויפגעקומען בעתן שפּאַצירן אויף אָט דעם בית־עולם אין זײַן היימשטאָט סעט, אויפן זעלבן בית־עולם, ווו דער דיכטער וועט לויט זײַן צוואה, נאָך אַ מלוכה־לוויה געבראַכט ווערן אין 1945 צו אייביקער רו בײַ די קברים פון זײַנע עלטערן. אמת, שפּעטער זײַנען אויפגעקומען נײַע השערות און אַ ליטעראַטור־פאָרשער האָט זיך באַמיט צו באַווײַזן, אַז „דער שטילער דאַך" איז די ים־לאַנדשאַפט געזען פון דער הייך פון באַרימטן פעירו אין מאָנפעליע, די שטאָט, מיט וועלכער ס'זײַנען פאַרבונדן פאָל

---

1) פאָל וואַלעריס ווערטער אין זײַן הקדמה צום עסיי פון פּראָפעסאָר גוסטאַוו קאָהען: „פּרווו צו דערקלערן דעם בית־עולם בײַם ים". פּאַריז, בײַ גאַלימאַר, 1946.

וואַלעריס יוגנט־ און שטודיר־יאָרן 2). צי זײַנען אפשר אינעם געגעזיס פון דער פּאָעמע, אינעם בילד, ווי ס׳האָט געשוועבט אין דעם דיכטערס דמיון, צונויפגעקומען רעמיניסצענצן פון די ביידע ערטער? די פאַרשידענע אינטערפּרעטאַציעס וועגן דעם זײַנען ניט ווייניקער גילטיק ווי די כל־המינים אויסטײַטשונגען פון דער פּאָעמע גופא.

די באַרימטסטע אויסטײַטשונג פונעם „בית־עולם בײַם ים" איז פון גוסטאַוו קאָהען, וואָס באַהאַנדלט די פּאָעמע ווי אַ מין אַנטיקע טראַגעדיע וועגן דיכטערס „איבערגאַנג פונעם באַטראַכט צו דער שאַפערישער טוונג". אין אָט דער טראַגעדיע איז דער פּראָטאַגאָניסט — דאָס ניט־זײַן; דער דעטעראַגאָניסט — דאָס באַוווסטזײַן און דער טריטאַגאָניסט — דער דיכטער גופא, שוישפּילער און צושויער אײנצײַטיק. צווישן זיי שפּילט זיך אָפּ די פּאָעמע־דראַמע אין פיר אַקטן: אומבאַוועגלעכקייט פון ניט־זײַן (סטראָפעס 1—4); באַוועגלעכקייט פון זײַן (סטראָפעס 5—9); שטאַרבן אָדער אומשטאַרביקייט (סטראָפעס 9—18); טריומף פון פאַרענדערלעכקייט, מאָמענטאַלקייט, שאַפונג (סטראָפעס 19—24). פון דעם אויסגייענדיק, האָט גוסטאַוו קאָהען אַנאַליזירט סטראָפע נאָך סטראָפע און אויסגעבויט אַ גאַנצע פילאָזאָפישע געביידע 3).

---

2) סעט, וואַלעריס געבוירן־שטאָט, איז אַ האַפן צוועלף קילאָמעטער פון מאָנפּעליע. פון דער אויבערשטער פּלאַטפאָרמע פון פּעירו־פּאַרק זעט מען דעם ים.

3) מען דערציילט דעם אַנעקדאָט, אַז פּאָל וואַלערי, וואָס איז בײַגעווען אויף גוסטאַוו קאָהענס גלענצנדיקן פאָרטראַג אין דער סאָרבאָנע, האָט דערנאָך אויף דער פראַגע פון פּראָפעסאָר, צי ער האָט ריכטיק אינטערפּרעטירט זײַן דיכטונג, געענטפערט אויפריכטיק און אַ ביסל איבערראַשט: „אַזאַ מיין איז מיר באמת ניט אײַנגעפאַלן". אַז די ווערטער זײַנען געווען מער ווי אַ הומאָריסטישע באַמערקונג, זעט מען פון וואַלעריס אויספירן, וואָס מיר ציטירן זיי ווײַטער, ווי אויך פון זײַן הקדמה צום עסיי גופא.

באַלד זיינען צוגעקומען פירושים אויפן פירוש גופא. אַ קאָנטרע־ווערסיע, וואָס האָט דערפירט צו דער דערעפענונג פון אַ ליטע־ראַרישער אַנקעטע דורך אַ צייטונג. וועלכע־זשע אויסטייטשונג איז די ריכטיקע? אויף דעם ענטפערט פאָל וואַלערי גופא, אַרויס־הייבנדיק איינצייטיק דעם פּראָבלעם פון פרט צום כלל:

„מיינע פערזן האָבן דעם באַשייד, וואָס מען גיט זיי. דער באַשייד, וואָס איך גיב אין זיי אַריין, פּאַסט בלויז פאַר מיר, און איז ניט אין סתירה צו קיינעם אַנדערן. ס'איז אַ טעות, אין קעגנזאַץ צו דער נאַטור פון דער פּאָעזיע און וואָס וואָלט געווען אפילו פאַר איר לעבנסגעפערלעך, צו באַהויפּטן, אַז מיט יעדער פּאָעמע שטימט איין אַן איין און איינציקער ריכטיקער זין, שווה בשווה צו אידענ־טיש מיט אַ וועלכן ניט־איז געדאַנק פונעם אויטאָר. אַ פּועל־יוצא פונעם דאָזיקן טעות איז די דערפינדונג פון דער אַבסורדער שול־איבונג, וואָס באַשטייט אין אויסלייגן פערזן אין פּראָזע. דאָס באַטייט איינרעדן די שעדלעכסטע אידעע פאַר דער פּאָעזיע: אַז ס'איז מעגלעך צו צעטיילן איר תמצית אין חלקים, וואָס זיינען מסוגל צו עקזיסטירן באַזונדער" 4).

אין דער הקדמה צו גוסטאַוו קאָהענס עסיי באַטראַכט וואַלערי, אפשר אומבאַוווּסט, נאָך טיפער דעם ענין, באַמערקנדיק, אַז די פּאָעטישע שאַפונג — „אַן איינצייטיק אָנפירן מיטן סינטאַקסיס, מיט דער האַרמאָניע און מיט די אידעען" — וואָלט אייגנטלעך פאַרלאַנגט דאָס אויפשטעלן פון מערערע, גילטיקע טעקסטן, אָט אַזוי ווי וואַריאַציעס אויף אַ געגעבענער מוזיקאַלישער טעמע. דער דיכטער באַרירט דאָ ממש מיט די פינגער דעם פּראָבלעם פון דער פּלוראַליסטישער פונקציע פונעם פּאָעטישן וואָרט, איינעם פון די גרונט־פענאָמענען פון דער דיכטונג בכלל.

4) הקדמה פון פּאָל וואַלערי צום עסיי « Commentaire des Charmes » פון אַלען.

מען קאָן דעם דאָזיקן פענאָמען פאָרמולירן אַזוי: אַ דיכטונג איז אַלץ שלמותדיקער, וואָס מער אַבסאָלוט־נויטוועגדיק, אומפאַר־בײַטלעך און איינמאָליק איז יעדעס וואָרט. און אַ וואָרט איז אַלץ מער איינמאָליק, וואָס פילפאַכיקער ס׳איז זײַן פונקציע אין געגע־בענעם פערז.

אָט דער פענאָמען ווערט אָבער מאָדיפיצירט אין דער קרע־אַציע, וואָס זי הייסט דיכטערישע איבערזעצונג. איבערזעצן דיכ־טונג הייסט ניט בלויז איבערשאַפן פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער, נאָר אויך אינטערפּרעטירן, אָפּט אויסקלײַבן צווישן די מערערע אָפּענע און באַהאַלטענע — און אַלע גילטיקע — זין־, קלאַנג־, אַסאָציאַציע־ווערטן פון אַ וואָרט איינעם אָדער אַ פּאָר באַשטימטע. אַזוי אַנטפּלעקט זיך טאַקע די געוואַלדיקע כולל־דיקייט פון פּאָעטישן וואָרט, וואָס דערמעגלעכט צו איבערזעצן די זעלביקע שורה אויף מערערע, צומאָל צענדליקער אופנים. מען זעט דעם טיפן אינטערעס, וואָס ס׳האָט אַן איבערזעצונג פון אַזעל־כע שאַפונגען ווי וואַלעריס — און אויך אירע גרענעצן. און אַחוץ דעם: אויב וואַלעריס דיכטונג איז אָפּט הערמעטיש, איז די פאָרעם שטרענג, זײַן סינטאַקסיס דורכזיכטיק, קיין שום „ווילדער פּאַראַד״, ווי ער האָט געברויזט בײַם גרויסן רבין פון סימבאָליזם, דעם יונגן רעמבאָ. איבערזעצן וואַלערי הייסט זײַן געטרײַ דער דאָזיקער פאָרעם־קלאָרקייט, ניט דעשיפרירנדיק דערבײַ די דיכ־טערישע סובסטאַנץ גופא, ד״ה ניט אַוועקנעמענדיק איר פילפלאַ־כיקייט, פון וועלכער עס אַנטשטייט ערשט דער קריסטאַל...

און פּאָרט איז עס מיטן „בית־עולם בײַם ים״ ניט קיין אומ־מעגלעכע אויפגאַבע. ווײַל בײַ אַלע אויסטײַטשונגען פון פּרטים און כוונות זײַנען די הויפּטאַקסן פון קריסטאַל בולטע. און ווען מען לייענט עטלעכע מאָל דורך די פּאָעמע, דערשײַנט דער לייט־

מאַטיוו ווי ביַי אַ מוזיקשטיק, וואָס מען הערט מערערע מאָל, וואָס וויַיטער אַלץ קלאָרער, שענער, רעליעפּער.

פּאָל וואַלערי אַליין דערציילט אין דער שוין ציטירטער הקדמה, ווי אַזוי „דער בית־עולם בײַם ים" איז צוערשט געווען בלויז „אַ לײדיקע ריטמישע פיגור, אָנגעפילט מיט סתם טראַפן", וואָס האָט אים פאַרכאַפּט. ס'איז געווען „אַ צענטראַפיקע פיגור"... דער „דע־מאָן פון פאַראַלגעמיינערונג" האָט געשטויסן אַרויפצוהייבן דעם „צענטראַף צו דער מדרגה פונעם צוועלפטראַף... צו אַ סטראָפע פון זעקס שורות און צו דער אידעע פון אַ קאָמפּאָזיציע, אויפגעבויט אויף דער צאָל פון אָט די סטראָפעס" פון פאַרשידענער טאָנאַליטעט און פונקציע, און אויף די „קאָנטראַסטן און שייכותן" צווישן זיי. דאָס האָט באַלד פאַרלאַנגט, זאָגט דער דיכטער, אַז די „פּאָעמע זאָל ווערן אַ מאָנאָלאָג פון מײַן „איך", אין וועלכן די סאַמע פשוטסטע און באַשטענדיקסטע טעמעס פון מײַן געפיל־ און גײַסט־לעבן, אַזוי ווי זיי זײַנען דערשינען אין מײַן פריִער יוגנט און פאַרבונדן מיטן ים און מיטן ליכט פון אַ באַשטימטן אָרט בײַ זײַן ברעג, זאָלן ווערן גערופן, אויסגעשפינט, אַנטקעגנגעשטעלט..."

און בײַם צונויפטרעפן פון דער „לײדיקער ריטמישער פיגור" מיט אַזעלכע דרײַ עלעמענטן ווי זון, ים, בית־עולם קומט אויף אָט דער אינעווייניקסטער ניגון, וואָס גייט דורך אַ גאַנצע גאַמע פון געפילן און שטימונגען. פון הייטערן בליק אויף דער „געטער־רו" פונעם שטראַלנדיקן עטער, צו די מעלאַנכאָלישע רעיונות וועגן אייגענעם צוקונפטיקן „צעהויכט זײַן" און דער ביטערניש איבער דער אי־לוזיע פון אומשטאַרביקייט, ביז צום מאָמענט, ווען די שפּאַנונג זײַן—ניט־זײַן געפינט איר דערלייזונג אינעם זיגעוודיקן דראַנג פון שאַפערישקייט. אַז בײַ אַזאַ אינטעלעקטועלן דיכטער ווי וואַלערי איז דער ניגון אָנגעלאָדן מיט „באַטראַכט" איז ניט קיין וווּנדער. אפשר קלינגט דערבײַ אויך עפּעס־וואָס פון דער פּאַסקאַלישער

אַנטקעגנשטעלונג פונעם „אוניווערס, וואָס ווייסט ניט פון זיך" און דעם „באַוווסטזײַן, וואָס קען זיך". הגם וואַלערי האָט אָפּגעשטריטן צו זײַן אַ פּאַסקאַליאַנער. בכל אופן זײַנען די עיקר־סימבאָלן, אונטער דער גאַנצער מעטאַפּיזישער פאַרקליידונג, ניט צו שווער צו דערקענען.

דער „שטילער דאַך" איז דער ים, אויף וועלכן ס'היפּן אַרום, פּיקנדיק, די ווײַסע זעגלען־טויבן. דער ים, וואָס אָט איז ער אַ רויִקער שפּיגלענדיקער ציטער און אָט אַ צערוישטער אויפברויז, דער סימבאָל פון באַוועגונג, פאַרענדערונג, פון ווערן, לעבן, שאַפן. און דער סימבאָל פון דער מענטשלעכער נשמה — אָט דער „טעמפּל פון מינערווע" און „טעמפּל פון דער צײַט", וואָס אויך זי איז כולה באַוועגונג און ווערן, די נשמה, וואָס קאָן ניט עקזיסטירן אָן דעם גוף, ווי ליכט אָן דעם שאָטן. ביידע, דער ים און די נשמה — ווו אונטערן פינקלענדיקן אויבערפלאַך באַהאַלטן זיך אַזוי פיל געראָישן און סודותדיקע אוצרות, די נאַכט, דער „שלאָף", דער תהום 5).

כנגד דעם ים — דאָס ליכט, די הייסע דרומדיקע מיטאָגזון, וואָס שײַנט אומבאַוועגלעך צו הענגען, אַ „גערעכטע" דורך זיך גופא, דאָס אַבסאָלוטע, דאָס אַלץ אַרומנעמענדיקע, אומפאַרענדערלעכע, אייביקע.

צווישן ביידע — דעם ציטערדיקן, פאַרענדערלעכן זײַן און דעם אומבאַוועגלעכן אַבסאָלוטן, וואָס „טראָגט אין זיך גופא זײַן תיקון", שפּילט זיך אָפּ די דיכטערישע דראַמע. זײַן און באַוווסטזײַן,

---

5) פאַרגלײַך דעם פּאַראַלעל צווישן ים און דער מענטשלעכער נשמה. „וועמענס תהומען ס'האָט נאָך קיינער ניט געמאָסטן און אוצרות נאָך קיינער ניט געציילט" אין הערלעכן געדיכט פון שאַרל באָדלער „דער מענטש און דער ים". זע זייט 272.

אינדיווּיד און אוניווערס, באַשאַף און באַטראַכט, ווערן און פֿאַרגיין אין שטענדיקן צוצי און אָפּשטויס, צונויפֿשמעלץ און פֿור־נאַנדערטייל. יעדעס וואָרט, יעדעס בילד איז משל און נמשל. פּשוטע ממשותדיקע רעאַליטעט און אַבסטראַקטער סימבאָל.

און אין דער דאָזיקער דראַמע ברענגט דער דיכטער אַריַין, אין מאָמענט פֿון הויכפּונקט, דעם נאָמען פֿון זענאָן, דעם גריכישן סאָפֿיסטיקער פֿון עלעאַ 6), כדי „צו קאָמפּענסירן דורך אַ מעטאַ־פֿיזישער טאָנאַליטעט דאָס זינלעכע, דאָס „צו מענטשלעכע" פֿון די פֿריַערדיקע סטראָפֿעס. זיי (די שורות וועגן זענאָן) באַשטימען אויך גענויער די פּערזאָן, וואָס רעדט — „אַ ליבהאָבער פֿון אַבסטראַקציעס" 7)... זענאָן האָט, ווי באַקאַנט, געלייקנט די רעאַ־ליטעט פֿון יעדער באַוועגונג בכלל, ברענגענדיק דערביַי די מפֿור־סמע ביַישפּילן: די פֿיַיל, וואָס פֿליט, אין דער אמתן פֿליט זי ניט, וויַיל זי וואָלט געמוזט דורכפֿליִען די אומענדלעכקייט פֿון פּונקטן, אין וועלכע מען קאָן איַינטיילן דעם מהלך פֿון פֿיַילנבויגן ביז צום ציל. דער פֿלינקפֿיסיקער אַכילעס וועט קיין מאָל ניט אָניאָגן די שילדקרויט, וואָס איז אַוועק מיט עטלעכע רגעס פֿריִער. וויַיל צוערשט מוז ער אָניאָגן די פּונקטן, וואָס זי איז שוין דורך, דערנאָך די העלפֿט פֿון זיי און אַזוי וויַיטער ביז אין אומענדלעכ־קייט. דיִאָגענעס האָט געענטפֿערט אויף אָט די סאָפֿיזמען אויף אַ פּשוטן און טיפֿזיניקן אופֿן: דורך גיין.

דורכן גיין צו דער רעאַלער שפּירעוודיקער וועלט, צום ווירקן, ברעכט אויך דורך וואַלערי דעם פֿאַרכישופֿטן קרייַז. ער איז קודם־כל דיכטער, וועמענס טיפֿע פֿאַרבונדנקייט מיט דער ספֿערע פֿון די חושים, די שפּאַנונג, וואָס שטיַיגט אין אים אויף פֿון דער

6) געבוירן צווישן 490 און 485 פֿאַר דער מאָדערנער צייַט־רעכענונג.

7) וואַלעריס ווערטער אין דער הקדמה צום עסיי פֿון גוסטאַוו קאָהען.

ממשותדיקער שיינקייט, פירט אים תמיד צוריק צו דער גײַסטיק־פיזישער איינִיקייט פונעם זײַן. „וואָס פאַר אַ גרויסע מיסטעריע איז די שיינקייט פון די זאַכן" — שרײַבט ער אין זײַנע „העפטן".

אַזוי לויפט אויך דער דיכטער — דער לײַדנשאַפטלעכער שווימער — זיך אונטערטונקען אין ים, וואָס באַנײַט, דער ים — דאָס וויגעלע פון לעבן, די מוטער פון שיינקייט — פון וואַנען עס אַנטשטייט די דערלייזערישע שאַפערישע טווּנג, וואָס ווערט קונסט, פּאָעזיע, מוזיק, אין וועלכע דאָס באַוועגלעכע פאַרענדער־לעכע מענטשלעכע דערפילט — זאָל זײַן אויף אַ רגע — דאָס אומענדלעכע און אייביקע — אינעם אייביק־מענטשלעכן, אין דער שטענדיק באַנײַטער, ווערנדיקער שאַפונג.

.1956

# ווען זשאַן קאָקטאָ

אינעם זעלביקן מעת־לעת זײַנען געשטאָרבן עדיט פּיאַף, די פֿאָלקס־זינגערין, וואָס במשך פֿון אירע לעצטע יאָרן, געטראָפֿן פֿון אַ שווערער אומהיילעוודיקער קראַנקײַט, האָט מיט אוממענטש־לעכן אָנשפּאַן פֿון אַלע אירע כוחות און מיט ווונדערלעכן מוט ניט אויפֿגעהערט צו זינגען און צו זינגען — און זשאַן קאָקטאָ, וועמענס טויט — ניט געקוקט אויפֿן סיגנאַל פֿון פֿריִערדיקן האַרצאַטאַק — איז געקומען, ווי אַלץ אין זײַן לעבן און זײַן ווערק, אומדערוואַרט, איבעררעאַשנדיק פֿאַר אַלעמען און מסתּמא פֿאַר אים גופֿא. ווײַל ווער האָט פֿאַרגעדענקט, אַז זשאַן קאָקטאָ איז שוין געווען אַלט 74 יאָר, ער, וואָס איז תּמיד געבליבן שלאַנק, בייגעוודיק, באַוועג־לעך, אַזוי יונג אין אַלע אויסדרוקן פֿון זײַן פּילפּאַכיקער קונסט.

„די כישוף־מאַכער שטאַרבן אויך?" — האָט געפֿרעגט אַ פּאַריזער עסייִסט, הערנדיק וועגן קאָקטאָס טויט. זײַן נאָמען, זײַן ווערק, זײַן געשטאַלט דער עיקר — מיט די שאַרפֿע פּנים־שטריכן, דעם גרויען בערשטל האָר, די קלוגע אויגן און די באַוועגלעכע, לעגענ־דאַריש־אויסדרוקפֿולע לאַנגע הענט זײַנען געווען אַזוי פֿאַרבונדן מיטן גײַסטיקן לעבן אין דער הויפּטשטאָט פֿון גײַסט, אַז זײַן טויט האָט אין דער ערשטער רגע אַרויסגערופֿן שיִער ניט מער אומ־גלויבן, דערשטוינונג ווי טרויער.

כישוף־מאַכער? באמת, קוים אַ וואָרט פּאַסט בעסער פֿאַר אָט דעם „פֿירשט פֿון די דיכטער", וועמענס „קרוינונג" איז אָבער — ווי כמעט אַלץ בײַ אים — געבליבן עפּעס ניט פֿאַרענדיקט, ניט אַלגעמיין־גילטיק, ניט אומאָפּפֿרעגלעך. יאָ, ס'איז געווען עפּעס אַ כישוף אין אָט דעם מענטשן, וואָס האָט געשפּילט אויף אַזוי פֿיל

שאַפֿערישע אינסטרומענטן און וואָס האָט פֿון אַלץ, צו וואָס ער האָט זיך נאָר צוגערירט, געלאָזט אויפֿבליִען פֿאַרצויבערטע לאַנדשאַפֿטן, מאַגישע געשטאַלטן — אין דער ליטעראַטור, אויף דער טעאַטער־בינע, אויפֿן פֿילם־עקראַן, אויף דער גראַווער־פּלאַטע און אויף ווענט. און, ווײַזט אויס, אָט דער כּישוף האָט אים אויך דערהאַלטן יונג, דערהאַלטן יונג קודם־כּל זײַן נײַגער צו אַלץ און צו אַלעמען, ביז ער האָט אים פּלוצלינג אין אַ כמורן האַרבסטטאָג פֿון 1963 פֿאַר־לאָזט. דער כּישוף־מאַכער איז אַוועק, און מיט אים איז אַוועק דער אָנפֿאַן טעריבל פֿון דער פֿראַנצייזישער ליטעראַטור און איינער פֿון די מערקווערדיקסטע סימפּאַטישסטע פֿאָרשטייערס פֿון אַ גאַנצער עפּאָכע. אַן עפּאָכע, וואָס זשאַן קאָקטאָ איז געווען גיכער איר פּראָדוקט ווי איר מיטשאַפֿער, איר אָנזאָגער מער ווי איר גע־שטאַלטיקער, איר באַלויכטער מער ווי איר ליכט. ס׳איז אָבער ניט געווען אין איר כמעט קיין איין באַדײַטנדיקע דערשײַנונג אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט, וואָס ער זאָל מיט איר ניט זײַן אַזוי אָדער אַנדערש באַהאָפֿטן; בײַ ווּעמענס אויפֿקום און אַנטוויקל ער זאָל ניט האָבן עפּעס מיטגעהאָלפֿן; וואָס זאָל ניט האָבן געפֿונען אַן אָפּשפּיגלונג אין דער פּילזײַטיקער פּריזמע פֿון זײַן שאַפֿערישקייט; און מיט וועמענס אויטענטישע שאַפֿער און געשטאַלטיקער ער זאָל ניט זײַן פֿאַרבונדן און צום גרעסטן טייל באַפֿרײַנדט.

און וואָס פֿאַר אַן עפּאָכע! די עפּאָכע פֿון דער גרויסער יערונג און דער גרויסער טראַנספֿאָרמאַציע, וואָס אין איר זײַנען אויפֿגעקומען און אונטערגעגאַנגען אַזוי פֿיל אידעען, פֿאָרמען, אויפֿברויזן, אויפֿטוען; די עפּאָכע פֿון ווערן, ווערטן און ווערטער, וואָס האָט אַזוי גרינטלעך איבערגעשטאַלטיקט די קינסטלערישע שאַפֿונג ביז צום הײַנטיקן טאָג.

געבוירן אין 1889 אין דער פּאַריזער פֿאָרשטאָט מעזאָן־

לאַפּיט, וועט זשאַן קאָקטאָ דאָס גאַנצע לעבן זײַן אַ פּאַריזער און נאָר אַ פּאַריזער, ווו ער זאָל אויך ניט האָבן געוווינט. אַ זון פון אַ רײַכער געבילדעטער משפּחה, האָט ער פון זײַן פּרי:עסטער יוגנט אָן זיך אַרײַנגעגאָסן אין יעדער „נייער כוואַליע" פון זײַן צײַט. גאָר אַ יונגער בחור, האָט ער נאָך באַוויזן צו קענען און צו טרעפן זיך מיט קאַטול מענדעס, עדמאָן ראָסטאַן, אַננאַ דע־נאָאײַ און מאַרסעל פּרוסט. אין עלטער פון זעכצן יאָר פּאַרעפנטלעכט ער שוין זײַן ערשטע לידער־זאַמלונג „אַלאַדינס לאָמפּ", וואָס ער וועט שפּעטער, צוזאַמען מיט צוויי אַנדערע זאַמלונגען פון דער זעלביקער צײַט, אָפּזאָגן אויפצונעמען אין זײַן ביבליאָגראַפיע. ער וווינט אַ קורצע צײַט אינעם דעמאָלט פּאַרלאָזענעם ביראָן־פּאַלאַץ, (ווו הײַנט געפינט זיך דער ראָדען־מוזיי). בײַ נאַכט זעט ער אינעם אַנטקעגנדיקן פליגל אַרויסשײַנען דאָס ליכט פון רילקעס צימער. אַ ביסל שפּעטער זײַנען עס סטראַווינסקי, דיאַגילעוו, וועמענס וואָרט „דערשטוין מיך!" איז געוואָרן ווי אַ באַפעל פאַר קאָקטאָס לעבן און שאַפן. דערנאָך איז עס פּיקאַסאָ, וואָס די באַקאַנטשאַפט און באַלד די פרײַנדשאַפט מיט אים וועט אַרויפלייגן אַזאַ טיפן חותם אויף קאָקטאָס גאַנצן ווערק. אין 1917 שרײַבט ער זײַן ערשטן ראָמאַן „פּאָטאָמאַק" (דערשינען אין 1919) און אין דער זעלביקער צײַט בערך שאַפט ער צוזאַמען מיט פּיקאַסאָ און מיט דעם אויסטערלישן מוזיקער עריק סאַטיע זײַן ערשטן באַלעט „פּאַראַד". די ערשטע וועלט־מלחמה, אין וועלכער זשאַן קאָקטאָ האָט זיך באַטייליקט ווי אַ ציווילער סאַניטאַר און אַ קורצע צײַט (אומלעגאַל!) ווי אַן אָנגעהעריקער פון אַ באַטאַליאָן מאַרינע־סאָל־דאַטן, איז געענדיקט. ס'הייבט זיך אָן די גרויסע איבערוווערטונג און דיפערענציאַציע אין דער פראַנצייזישער גײַסטיקער וועלט. עס אַנטשטייען דער דאַדאַ:זם, דער סיררעאַליזם; עס שטאַרבט ג:יאָם אַפּאָלינער; עס קומען אויף אין דער ליטעראַטור טריסטאַן צאַראַ,

אַנדרע ברעטאָן, לואי אַראַגאָן, פּאָל עלואַר, זשאַן פּאָלהאַן, ראָבער דעסנאָס; אין דער מוזיק — די א״ג גרופּע פון „די זעקס״: דאַריוס מיִאָ, זשאָרזש אָריק, אַרטור האָנעגער, פרענסיס פּולענק, לואי דירעי, מאַדאַם זשערמען טײַעפער. עס גייט אויף, שוין נאָך זײַן טויט, דער שטערן פון מאָדיליאַני. פּיקאַסאָ, בראַק, שאַגאַל זײַנען שוין וועלט־באַרימט. יעדן טאָג קומען אויף און צעפאַלן נײַע ריכטונגען, שולן. קאָקטאָ געהערט ניט, וועט קיין מאָל ניט געהערן צו אַ באַשטימטער שול. ער געהערט גיכער צו אַלע שולן, צו אַלע שולן פון אַוואַנגאַרד, פאַרשטייט זיך. ער איז אומעטום און דערפאַר אייגנטלעך אין ערגעץ ניט גאַנץ. ער איז אויפן קרייצוועג פון אַלע ריכטונגען, אַלע זוכענישן, אַלע באַנײַונגען. און אַזוי וועט ער זײַן דאָס גאַנצע לעבן: פאַרמישט אין יעדער נײַער גײַסטיקער אַוואַנטורע. אין אַלע איבערראַשונגען, יערונגען, איבערווערטונגען, ווערטערקאַמפן. אַוודאי איז ער ניט געווען דער נביא, דער פורץ גדר, גיכער דער העראָלד, וואָס קומט אָנזאָגן דאָס, וואָס דאַרף תיכף, אוממיטלבאַר דערשײַנען; מעלדן דעם איבערגעשטאַלטיקער, וואָס קומט אָן צוזאַמען מיט אים. אַזוי איז ער געבליבן: גלענצנדיק, דערפאָלגרײַך, אָריגינעל, עכט און אויפריכטיק, ביז אין זײַנע פּאָזעס אַרײַן. שטענדיק האָט ער עפּעס אויפגעטאָן, עפּעס דערגרייכט. און שטענדיק האָט אים געפעלט בלויז נאָך אַן עפּעס, אַ קלייניקייט, גאָר אַ קלייניקייט, כדי אַריבערצוגיין דעם מיסטישן ניט־זעעוודיקן שטריך, וואָס גרענעצט אָפּ דעם, וואָס געהערט צו אַן עפּאָכע פון דעם, וואָס שאַפט זי. אפשר איז אים אַלץ צו לײַכט אָנגעקומען. ער האָט געהאַט צו פיל „ענגר־פידלען״, פון וועלכע ער איז געווען לויט זײַן באַקאַנטן זעלבסט־דערקענערישן אויסדרוק „דער פּאַגאַניני״....

ווײַל וואָס אַלץ האָט ער ניט געהאַט אָנגערירט! אין וואָס ניט אַרויסגעוויזן טאַלענט: פּאָעזיע, ראָמאַן, עסיי, דראַמע, באַ־

לעט און אָפּערע, פילם, גראַפיק, מאָלעריי. זײַן קאָמעדיע „דער אָקס אויפן דאַך" (מוזיק פון דאַריוס מיַאָ) האָט געגעבן דעם נאָמען פאַר איינעם פון די סאַמע באַרימטסטע אַוואַנגאַרדיסטישע נאַכט־קאַבאַרעטן פון פּאַריז צווישן די ביידע וועלט־מלחמות; זײַנע פּרעסקעס באַצירן די ווענט פון אַ קירכעלע אין ווילפראַנש און פונעם חתונה־זאַל אין דער מוניציפּאַליטעט פון מאַנטאָן; זײַנע פילמען האָבן צוגעצויגן סײַ אינטעלעקטועלע, סײַ דעם מאַסן־צושויער. און זײַן לעבן גופא איז געווען אַ שעדעווער, אַ שטענדיקער בליצי־קער שעדעווער פון יוגנטלעכער איבעררעשונג. זײַנע ווערטלעך זײַנען געווען באַרימט אין אַלע פּאַריזער סאַלאָנען. העלד פון אַ היפּש ביסל ליטעראַרישע סקאַנדאַלן, געשווירענער שונא פון יעדן קאָנפאָרמיזם האָט ער געענדיקט ווי אַ טאָפּעלער אַקאַדעמיקער: פון דער קעניגלעכער בעלגישער אַקאַדעמיע און פון דער פראַנ־צייזישער אַקאַדעמיע.

אָבער אין אַלץ איז ער געווען און געוואָלט זײַן קודם־כל דיכ־טער. ניט אומזיסט האָט ער באַצייכנט זײַנע אָנצאָליקע שאַפונגען אויף אַלע געביטן מיטן דאָזיקן נאָמען: פּאָעזיע, ראָמאַן־פּאָעזיע, קריטישע פּאָעזיע, טעאַטער־פּאָעזיע, קינעמאַטאָגראַפישע פּאָעזיע. ער האָט עס תמיד אונטערגעשטראָכן: „מוזיק, מאָלערײַ, סקולפּטור, אַרכיטעקטור, טאַנץ, פּאָעזיע, דראַמאַטורגיע און די מוזע, וואָס כ'וועל אָנרופן קינאָ, די צענטע מוזע, זיי אַלע זײַנען פּאַסטקעס בלויז, וואָס דער מענטש פּרובירט אין זיי צו פאַנגען די פּאָעזיע פאַר אונדזער נוץ". (אינעם עסיי „דער פּראָפעסיאָנעלער סוד").

יאָ, אַ פּאָעט איז ער געווען און געבליבן. אַ פּאָעט פון אַ באַ־זונדערן מין, מיט אַ שאַרפן אינטעלעקטועלן אײַנשניט, ניט געקוקט אויף זײַן שפּילערישן און שפּילעוודיקן אופן. אָ, ער האָט אויך גע־האַט זײַן מלאך, מיט וועמען ער האָט זיך געראַנגלט. ניט אומזיסט קומט פאַר דאָס וואָרט אַזוי אָפט אין זײַנע לידער. פון „מלאך הער־

טעביז" ביז צו דעם, וואָס דערשײַנט בײַ אים אונטער די װוּנדער־לעכע אָבער שטרענגע שטריכן פונעם טויט... מער ניט, וואָס דער גערעאַנגל איז בײַ אים אויך געווען און געבליבן שפּילעוודיק. עס האָט אָבער אינעם דאָזיקן שפּיל ניט געפעלט ניט די אינעווייניקסטע אינספּיראַציע, ניט דאָס געפיל פאַרן טראַגישן.

שפּיל אָדער ניט? מען האָט אים פאַרגעוואָרפן פּאָזע. אָבער אפשר איז עס געווען בלויז אַן אינעווייניקסטע געטרײַשאַפט צו זײַן איינציקער אמתער געליבטער: צו דער פּאָעזיע. מען האָט זיך געוויצלט, וואָס ער, דער „פּרינציפּיעלער"... ער, דער „פרײַגײַסט", האָט אַרויסגעשטעלט זײַן קאַנדידאַטור אין דער פראַנצייזישער אַקאַדעמיע. „איך האָב פײַנט אַלע קאָנפאָרמיזמען — האָט ער אויף דעם געענטפערט — קיין איינער פון זיי איז ניט אַזוי לעכערלעך ווי דער, וואָס באַשטייט אין פאַראַכטן די פראַנצייזישע אַקאַדעמיע... אויב מען פאָדערט פון מיר תמיד אויסטערלישקייט און מען געפינט דערבײַ אויס, אַז ס'איז אויסטערליש, כ'זאָל אַרײַן אין דער פראַנצייזישער אַקאַדעמיע — נו, דעמאָלט איז אַלץ בסדר..."

און אויפן הענטל פון זײַן אַקאַדעמיקער־שווערד האָט ער געלאָזט אויסשמידן דעם פּראָפיל פון דאַרזשעלאָס, זײַן מיסטעריעזן פרײַנד פון דער שולבאַנק, וואָס איז אַזוי פרי און געהיימעניש פאַרשוואונדן, אָבער וועמענס אָפּבילד מיט די שווערע שטריכן און דיקע ליפּן האָט זיך אים געחלומט הינטערן פּנים פון יעדן מלאך. און זיי זײַנען געווען פיל די מלאכים, וואָס האָבן באַפּעלקערט זײַן דיכטערישע וויזיע.

כישוף־מאַכער? אָדער קונצן־מאַכער? — ווי ס'האָבן געזאָגט זײַנע קעגנערס, וואָס האָבן אָפּגעלאַכט פון זײַנע מלאכים, פון זײַן זשאָנגלירן מיט ווערטער, מיט אידעען, מיט פאָרמען. אָבער הינטערן זשאָנגלירן האָט געקלאַפּט אַן איידל האַרץ, פון וואַנען ס'פלעגט זיך אַרויסרײַסן צומאָל אַ געשריי פון איינזאַמקייט און

פון אַנגסט, וואָס האָט געזוכט אַ באַרויִקונג אינעם שפּיל מיטן קלינגעוודיקן קלאַפּערגעצייַג. ניט צופעליק האָט ער זיך אידענטי־פיצירט מיט אָרפעוס, וואָס ראַנגלט אָפּ בײַם טויט אַ שטיקל לעבן. תמיד ווידער. צי איז אונדזער גאַנץ לעבן ניט אַזאַ אָפּראַנגלען, דוחה זייַן דעם טויט?

צי האָט ער זיך אידענטיפיצירט טאַקע? צי בלויז געשפּילט די ראָלע פון אָרפעוס? צי איז זייַן ווערק — בלויז פײַערווערק, צי אויך פײַער־ווערק? די צוקונפט וועט וועגן דעם משפּטן. אָבער מיר, זײַנע מיטצײַטלערס, ווייסן, אַז דאָס פײַער פון פּאָעזיע האָט זיך ניט אויסגעלאָשן אין זײַן לעבן און טוונג פון דער פריִעסטער יוגנט אָן ביז צו דער לעצטער רגע, ווען אָרפעוס איז צוריקגע־קומען מיט ליידיקע הענט, ניט פּאַרענדיקנדיק זײַן געזאַנג. ווײַל אומקוקנדיק זיך אויף הינטערווײַלעכץ, האָט ער דאָס מאָל דער־קענט דעם טויט, דעם אַזוי אָפּט דערמאָנטן, ניט אין דער פּאָעמע, נאָר אינעם שטיין־געבליבענעם האַרץ פונעם דיכטער.

.1964

# נאָטיצן וועגן סאַן־זשאָן פּערס

דאָס צוטיילן די נאָבעל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור אין 1960 דעם דיכטער סאַן־זשאָן פּערס האָט דערפרייט אַלע קרײַזן, ווו מען אינטערעסירט זיך מיט פּאָעזיע און ווו דאָס ווערק פונעם לאַורעאַט סאַן־זשאָן פּערס איז שוין געווען גוט באַקאַנט און הויך אָפּגעשאַצט. אין אויסלאַנד, אגב, אפשר נאָך מער ווי אין פראַנקרײַך, ווו דעם ברייטערן עולם איז דער נאָמען פון סאַן־זשאָן פּערס ערשט ריכטיק באַקאַנט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן, באַזונדערס זינט מען האָט אין 1959 אים געהאַט צוגעטיילט די נאַציאָנאַלע פּרעמיע פאַר ליטעראַטור. די נײַגעריקייט פונעם פּובליקום האָט אויך געררייצט דער פאַקט, וואָס מען האָט געוווּסט, אַז הינטער דעם פּסעוודאָנים סאַן־זשאָן פּערס באַהאַלט זיך ניט קיין אַנדערער ווי אַלעקסיס לעזשע, דער לאַנגיאָריקער גענעראַל־סעקרעטאַר פון קעי ד׳אָרסעי (פראַנצייזישער אויסערן־מיניסטעריום). די נאָבעל־פּרעמיע האָט אַוועקגעשטעלט דעם דיכטער אין פולן ליכט.

דער דיכטער איז געבוירן געוואָרן אין 1887 אויפן אינדזל גוואַדעלופּ (אַנטילן). פון דער יוגנט אָן גיט ער זיך אָפּ דער דיפּלאָמאַטיע. אַמבאַסאַדע־סעקרעטאַר און אַמבאַסאַדאָר, ווערט ער אין 1933 באַשטימט אויפן פּאָסטן פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון קעי ד׳אָרסעי, אויף וועלכן ער פאַרבלײַבט ביז 1940, ווען די ווישי־רעגירונג זעצט אים אַראָפּ און נעמט בײַ אים שפּעטער אַוועק די פראַנצייזישע בירגערשאַפט. ער עמיגרירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו ער פאַרבלײַבט במשך פון דער מלחמה און נאָך אַ סך יאָרן נאָך איר. ער אַרבעט אַ צײַט לאַנג ווי אַ ליטעראַרישער ראַט־געבער בײַ דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק אין וואַשינגטאָן. נאָך דער

באַפרײַונג באַקומט ער צוריק אַלע זײַנע רעכט און אין 1950 די עמעריטור.

אין 1911 האָט ער אונטערן פסעוודאָנים סאַן־לעזשע לעזשע פאַרעפנטלעכט אַ באַנד לידער אונטער דעם נאָמען Eloges (שבחים), אין וועלכע מען האָט געשפּירט די השפּעה פון זײַנע אַנטילישע קינדער־יאָרן. אין 1924 דערשײַנט שוין אונטערן פסעוודאָנים סאַן־זשאָן פּערס זײַן בוך Anabase (אַנאַבאַזיס *) און Amitié du prince (דעם פירשטנס פרײַנדשאַפט). פון דעמאָלט אָן, במשך פון זײַן גאַנצער דיפּלאָמאַטישער און פּאָליטישער קאַריערע, פאַרווערט ער זיך יעדע פאַרעפנטלעכונג. אַלע זײַנע כתב־ידן פון פאַר 1940 זײַנען פאַרניכטט געוואָרן בעת דער אָקופּאַציע דורך דער דײַטשער פּאָליציי.

אין 1944 גיט ער אַרויס אין אַמעריקע זײַן בוך Exil (גלות). אין 1946 אין פּאַריז — דאָס בוך Vents (ווינטן), אין 1957 — Amers (ים־צייכנס) און אין יאָר 1960 דאָס בוך Chronique, (כראָניק), אַ הימנע צום „גרויסן עלטער".



אַ לירישער דיכטער מיט מעכטיקע, לאַנג־אָטעמענדיקע אַקאָרדן, איז סאַן־זשאָן פּערס, בײַ זײַן גרויסער אָריגינאַליטעט, פאַרבונדן מיט דער ליניע פון פראַנצייזישן סימבאָליזם, וואָס אויסגייענדיק פון רעמבאָ פירט צו קלאָדעל און וואַלערי. עלטער ווי אַ סך גרויסע פראַנצייזישע דיכטערס פון אונדזער צײַט, טראָגט ער ווייניקער ווי זיי דעם חותם פון אַפּאָלינער און איז געבליבן געטרײַ דער „ריינער דיכטונג". אַ דיכטונג אַ דורכויס אַ פּערזענ־

*) דער נאָמען איז גענומען פונעם באַרימטן ווערק פון קסענאָפאָן וועגן צוריקגאַנג פון די צען טויזנט גריכן צום ים. (אין 4טן י"ה פאַר דער מאָדערנער צייט־רעכענונג).

לעכע, ווו אַלץ איז סימבאָל, אָפּשפּיגלונג און סוגעסטיע פון אינע־ווייניקסטן לעבן; און אין וועלכער די וויזיעס, אויפגעוועקטע דורך די ווײַטע אָקעאַנען און עקזאָטישע לענדער, וווהין ס׳האָט אים געפירט זײַן דיפּלאָמאַטישע קאַריערע, זײַנען צו מאָל אָנוועזנדיק, הגם זיי לאָזן זיך ניט תמיד לײַכט דערקענען. מען האָט אַ סך געלויבט די רײַכקייט פון זײַנע קאָלירן, די נײַקייט פון זײַנע בילדער און זײַן געהויבענע וואָרטמוזיק. זײַנע לאַנגע פּעריאָדן וויקלען זיך אָפּ אין פּרעכטיקע ריטמען, אין אַ זיכערער, גענויער, וויסנשאַפטלעכער, וואָלט מען געקאָנט זאָגן, פאַרקייטלונג פון אַ רײַכער, פילפאַרביקער פּראָסאָדיע, פאַרהוילן אין אַ מײַסטעריש באַהערשטער און אָריגינעלער ווערסיפיקאַציע.

די פּאָעזיע פון סאַן־זשאָן פּערס איז בלי־ספק ניט קיין לײַכט־צוגענגלעכע. זי איז אָבער אויך ניט קיין הערמעטישע, אַזאַ וואָס דער דיכטער האָט פאַרשלאָסן הינטער זיבן טויערן און אַליין פאַרלאָרן זייער שליסל... זי איז גיכער אַ היעראַטישע, געשריבן אין אַ שווערער כהנים־שפּראַך, וועלכע מען קאָן זיך אָבער אויסלערנען, אויב מען וויל מאַכן דעם אָנשטרענג. זײַן דיכטונג איז ווי אַ שיינע אָבער קאָמפּליצירטע מוזיק, וואָס מען מוז מערערע מאָל הערן, כדי זי צו פאַראייגענען. זי פאַרלאַנגט פונעם לייענער אַ שטענדיקע מיטאַרבעט, כדי נאָכצוגיין און אויפצונעמען די פולע וואָרט־ און בילד־אָנגעלאָדנקייט, וועלכע ווערט געטראָגן פון לירישער געשפּאַנטקייט ווי איבער שטאָציקע טרעפּ, ווו ס׳פעלן פון צײַט צו צײַט שטאַפּלען און פאָרענטשעס. אָבער איר באַפליגלטער גאַנג איז אַ זיכערער, און די טרעפּ פירן תמיד צו אַ באַשטימטן ציל: אין דער הייך — צו פילפאַרביקע ווײַטקייטן, צי אין דער טיף — צום פאָספאָרירנדיקן אורליכט פון דער נשמה. אגב, ראַנגלט זיך דער דיכטער גופא קעגן הערמעטישקייט, דערקלערנדיק (ווי אין זײַן רעדע אין שטאָקהאָלם בײַם באַקומען די פּרעמיע), אַז „די

פֿאַרהוילנקייט פֿון דער פּאָעזיע קומט ניט פֿון איר אייגענער נאַטור גופֿא, נײַערט פֿון דער נאַכט, וואָס זי פּאָרשט אויס". (און געמיינט, פֿאַרשטייט זיך, קודם־כּל, די נאַכט אין אונדז גופֿא, אינעם מענטש און זײַן באַדינגג). „איר אויסדרוק אָבער" — אונטערשטרײַכט ער — „פֿאַרטראָגט ניט דאָס טונקעלע". ניטאָ טאַקע קיין מינדסטער ספֿק, אַז פֿאַר אים גופֿא איז קיין שום פֿאַרהוילנקייט אינעם אויס־דרוק פֿון זײַן פּאָעזיע ניט פֿאַראַן. זײַן סינטאַקסיס איז דורכויס רע־גולער, ווערדליק אַלע כּללים; זײַן וואָרט־אוצר — אַן אויסגעקליבע־נער, צו מאָל אַ זעלטענער, אָבער תּמיד אַ פּרעציזער. ער ווייס זייער גוט, וואָס ער וויל זאָגן אין די פֿײַערלעכע הימנען און הויך־אויפֿשטײַגנדיקע סימבאָלן. צי איז דאָס אָבער אויך אַזוי קלאָר פֿאַר אַנדערע? האָט טאַקע די נאָבעל־פּרעמיע פֿאַר ליטעראַטור 1960 ווידער באַלעבט די דיסקוסיע וועגן פּאָעזיע, הערמעטישער צי היעראַטישער, לײַכט־ צי שווער־צוגענגלעכער... אין די ראַמען פֿון אַ קורצער נאָטיץ איז, נאַטירלעך, ניט מעגלעך אַפֿילו אָנצודײַטן דעם פּראָבלעם.

אינטערעסאַנט, אַז טייל ריטמען פֿון סאַן־זשאָן פּערס דער־מאָנען ביבלישע ריטמען. מען געפֿינט בײַ אים פּאָעמעס, ווען מענס אַרײַנפֿיר־פּערזן בעטן זיך ממש איבערגעזעצט צו ווערן מיט די ווערטער: „למנצח דעם געזאַנג־מײַסטער", אָדער „מזמור־שיר..."

צווישן די איבערגעזעצטע פֿראַגמענטן געפֿינען זיך די ערשטע צוויי קאַפּיטלעך פֿון איינער פֿון די שענסטע און באַרימטסטע פּאָעמעס פֿון סאַן־זשאָן פּערס: „שמאָל זײַנען די שיפֿן" (פֿון בוך „ים־צייכנס" — (Amers). ליטעראַטור־קריטיקער האַלטן, אגבֿ, אַז די דאָזיקע פּאָעמע דערמעגלעכט צו פֿאַרשטיין בעסער די דיכ־טונג פֿון סאַן־זשאָן פּערס, ווײַל זי איז כּולל, זאָגן זיי, אַ סך שליס־לען צו זײַן קונסט.

.1961

# שטריכן צו דער פּאָעטיק פון שאַרל באָדלער

א.

אין דער פראַנצייזישער פּאָעזיע איז די שפּרונגיקע, דיסקאָנ־טינויִרנדיקע איבערראַנדערשונג אין באַשטימטע עפּאָכעס איינע פון אירע גרונטטענדענצן. פונקט ווי אַ צווייטע איז — איר טיפע אייגנ־קייט: אויסערלעכע ווירקונגען און אינעווייניקסטע פּראָצעסן זיַי־נען פאַר איר סטימולן און מאַטעריאַלן פאַר העכסט־עצמדיקע פאַרוואַנדלונגען און באַנייַונגען. אפשר איז אויך אין דעם איינע פון די סיבות פאַר איר וועלטווירקונג. אין פראַנקרייַך זייַנען אין דער געשיכטע פון פּאָעזיע די רעוואָלוציעס ניט ווייניקער „געזעץ־מעסיק", „קלאַסיש" ווי אין דער געשיכטע בכלל. זיי טיילן אָפּ — אָדער פאַרבינדן — אירע גרונט־עפּאָכעס. אַזוי נאָכן שפּרונג פון מיטלעלטער אין רענעסאַנס — די רעוואָלוציע פון דער פּלעי־יאַדע. דערנאָך דער צווייטער קער אין 17טן י"ה, נאָך דעם ווי „ס'איז ענדלעך געקומען מאַלהערב". שפּעטער די רעוואָלוציע די ראָמאַנטישע און נאָך איר די סימבאָליסטישע. וויפל קערן און ווענדפּונקטן זינט דעמאָלט? וועלכע וועלן פאַרבלייַבן ווי טיפע איבערבייַטן און וועלכע בלויז ווי פּאַלאַץ־איבערקערענישן?

אָפּריס און המשכדיקייט זייַנען אומפאַרמייַדלעכע קעגנזייַטיקע באַדינגען. און צווישן זייערע שאַרפע קאַנטן הייבן זיך נאָך בולטער אַרויס די פיגורן פון די גרויסע „רעוואָלוציאָנערן": צווישן מיטל־עלטער און רענעסאַנס — איינזאַם און הויך, און אויף שטענדיק אין אַ זייַט — וויִאָן. אין דער ראָמאַנטיק און ווייַט איבער איר אַרויסגייענדיק און זי אַריבערשטייַגנדיק — וויקטאָר הוגאָ. אַ נאַטור־כוח אַלמאַכטיק און אומגעצוימט. און אינעם שפּרונג צו דער מאָ־

דערנער פּאָעזיע — דער היפּוך: שאַרל באָדלער. הונדערט יאָר נאָכן טויט פונעם דיכטער (דעם 31סטן אויגוסט 1867) זעט מען עס קלאָר אין שײַן פון זײַן שוואַרצן פײַער. באָדלער שטייט אויפן ראָג, פון וואַנען עס גייען זיך פונאַנדער אַלע וועגן אין דער מאָדערנער פראַנצייזישער דיכטונג און במילא פון איר השפּעה אויף דער וועלט־פּאָעזיע. פון אים ציִען זיך די פעדעם איבער ווערלען און רעמבאָ צו קלאָדעל, מאַלאַרמע און פּאָל וואַלערי; איבער רעמבאָ צו ווערהאַרן פון איין זײַט, צו גיִאָם אַפּאָלינער און איבער אים צו עלואַר און אַראַגאָן פון דער אַנדערער. אַנדרע ספּיר האָט עס באַזונדערס שאַרף אונטערגעשטראָכן 1): באָדלער „איז די באַזע פאַר דער סימבאָליסטישער רעוואָלוציע, וואָס האָט פונקט ווי די רעפאָרעם פון מאַלהערב און ווי די ראָמאַנטישע רע־פאָרעם, און אויף נאָך אַ ראַדיקאַלערן אופן, אַזוי איבערגעקערט די פּאָעטישע מעטאָדן, אַז זי האָט געשאַפן ממש אַ שניט צווישן צוויי פּעריאָדן פון דער פראַנצייזישער פּאָעזיע. אַלץ וואָס איז גע־ווען פאַר איר דערשײַנט פאַר די הײַנטיקע ליטעראַרישע דורות אַרכאַיִש און פאַרעלטערט".

און ניט בלויז פאַרן סימבאָליזם. די „וווּנדערלעכע באַנײַונג פון דער פראַנצייזישער פּאָעזיע דורך באָדלערן" — ווי ספּיר רופט עס אָן — באַשטייט ניט אינעם שאַפן פון אַ וואָסער ניט איז באַשטימטער שולע. באָדלער אַליין איז ניט געווען און ניט געוואָרן קיין שולע, קיין שיטה. ער איז געווען מער: ער האָט אַרויסגערופן אַזוי פיל נײַע שיטות און שולעס. ער האָט געשאַפן אַ נײַע פּאָעטישע אָרדענונג.

און וואָס איז זי באַשטאַנען? שווער צו דעפינירן. מען קאָן

---

1) אינעם אַרײַנפיר צום קורס וועגן פראַנצייזישער פּאָעזיע, געהאַלטן אין 1941 אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין .New School for Social Research

צו דעם צוקומען בלויז דורך אַ בהדרגהדיקן גאַנג: ניט בלויז אין אויסברייטערן די פּאָעטישע טעמאַטיק אויף געביטן ביז דעמאָלט אומבאַקאַנטע אָדער ווייניק באַרירטע; ניט בלויז אינעם „נײַעם שוידער" ווי וויקטאָר הוגאָ האָט עס קורץ און טיף פאָרמולירט; ניט בלויז אינעם איבעראָרגאַניזירן דעם דיכטערישן פאַנטאַזיע־פאַרמעג. אוודאי ניט דורך שאַפן נײַע פאָרמען. פאַרקערט, באָדלער באַנוצט די טראַדיציאָנעלע פּראָסאָדיע, איז אין איר נאָך אַ סך שטרענגער, ווייניקער בייגעוודיק, באַגרענעצטער, וואָלט מען גע־זאָגט, ווי די ראָמאַנטיקער. זײַן שפּראַך־אוצר — באַזונדערס אין פאַרגלײַך מיטן מעכטיקן וואַסערפאַל פון וויקטאָר הוגאָס סטיכיע, צי מיטן לאַווע־אויסברוך פון רעמבאָס וואָרט־אויפרײַסן — איז ביז גאָר בצימצומדיק, שיער ניט מאָנאָטאָן. נייערט אָט די מאָנאָ־טאָניע איז אָנגעלאָדן מיט סוגעסטיע־כוח פון אומבאַקאַנטן, אומ־געהײַערן מין; טראָגט אין פּאָטענץ די סקולפּטוראַלע שטרענגי־קייט פון די פּאַרנאַסער און די מוזיקאַלישע אַלכעמיע פון די סימ־באָליסטן. באָדלער האָט געשאַפן אַ נײַע פּאָעטיק, אינעם כולל־דיקסטן זינען, און דאָס האָט דערנאָך דערמעגלעכט ווער ווייסט וויפל נײַע פּאָעטישע פאָרמען, בילדער, טעמעס, פּערז־, ריטעם־אויסדרוק־באַנײַונגען.

אויך די לידער אין פּראָזע און דער נײַער מין קונסטקריטיק, וואָס בנוגע זיי קאָן מען יאָ ריידן וועגן פאָרמען־באַשאַפן, באַווײַזן, אַז דאָ איז געגאַנגען ניט בלויז אין פאָרמעלע אויסגעפינסן, נײַערט אין אַ סך טיפערע צוזאָגן און דערעפענונגען.

דער כוח און באַטײַט פון זײַן פּאָעטיק וואָרצלען אינעם סאַמע יסוד, אין דער אורסובסטאַנץ פון דער דיכטערישער יצירה: אינעם וואָרט. זיך אָפּזאָגנדיק פון די אויבנאויפיקע געשטאַלט־פאַרענדע־רונגען פון די ראָמאַנטיקער, דרינגט באָדלער דורך ביז צו די בראשית־קעמערלעך. ער האָט אַרויסגעפונען, אָדער אַרײַנגעשאַפן

(אַ, ווען מען ווייסט וואָסער טערמין איז דאָ דער ריכטיקער!...) אײנעם וואָרט אַ נײַעם אויסמעסט און במילא געעפנט דעם וועג פאַר נײַע שייכותן אין דער וועלט פון שפּירונגען, געשטאַלטיקונגען, פאַרוואַנדלונגען. ער מײַדט אויס סײַ די באַשרײַבערישע רעאַליסטיק, סײַ דעם דירעקטן אויסדרוק פאַר אינעווייניקסטע פּראָצעסן; איז גובר דורך דעם די ראָמאַנטיק, וואָס ענדיקט זיך בײַ מיסע און לאַמאַרטין אין אָנברעגיקער השתפכות־הנפש. באָדלערס פּאָעטיק דאָס איז די מאַגיע פון וואָרט ווי אַ זעלבשטענדיקער סוווערענער באַשאַפונג־כוח. אַזוי ווי ס'האָט געגלויבט אין דעם דער מענטש פון אורגעזעלשאַפטן, צי עס גלייבט דאָס קינד, פאַר וועמען די וועלט פון זײַן און פון וואָרט איז נאָך אַ ניט־צעטיילטער יש. דאָס דיכטערישע וואָרט הערט אויף אַזוי אַרום צו זײַן בלויז פאַרגלײַך, מעטאַפאָרע, אָנווײַז און ווערט אידענטיפיקאַציע. אין דער טיפעניש פון וואָרט ליגט די טיפעניש פון הוויה. דאָס מאַגישע וואָרט אין דער פּאָעטישער יצירה שאַפט ערשט די רעאַליטעט, גיט ערשט עקזיסטענץ פאַר די פענאָמענען, געבנדיק זיי אַ נאָמען!

נײַערט דורך דעם גופא גלידערט זיך דאָס וואָרט ווידער אײַן אין דער רעאַליטעט און איר אַנטוויקלונג. גיט עס עקזיסטענץ, גיט עס דורך דעם גופא אויך מאָדוסן פאַר דער עקזיסטענץ און במילא פאַר זיך אַליין. אויב די רעאַליטעט איז טונקל, מטושטש, פאַרשווינדנדיק אין דער רגע פון דערגרייך, איז דאָס וואָרט אָבער קלאָר, באַלאָדן מיט זינען, פילבאַטײַטנדיק, ממשותדיק. ס'איז בכן מער ניט קיין פרײַ און אומפאַרדאגהט אַוועקפליִען, קיין אַנטרינען, קיין באַפרײַונג. מחמת עס עקזיסטירט בלויז מיט און דורך דער רעאַליטעט, וואָס עס באַשאַפט. ווי „ליכט און פינצטערניש זיך זוכט דורך צײַט און רוים". אין דעם זינען איז באָדלער אַ רעוואָלוציאָנער לגבי אַ טייל ראָמאַנטיקער, פאַר וועמען דאָס וואָרט איז

קודם־כּל צייכן פון פרייַען כּוח־הדמיון, אַן אַנטקעגנשטעלונג, צי אָפּילו אַן אַרויספאָדערונג צו דער ווירקלעכקייט. ער איז אומפאַר־גלײַכלעך נעענטער ווי זיי צום רעאַלן לעבן, צו זײַן עסענץ. די „בלומען פון בייז" וואַקסן ניט אין קיין אויסגעטראַכטע העלפאַנט־ביין־טורעמס. זיי וואָרצלען אינעם סאַמע טיפסטן גרונט פונעם זײַן.

גערפירט פון אייגענער לאָגיק און באַוועג־כּוחות אַנטשטייט אַזוי אַ פּאָעטישער סכום, געגלידערט וועדליק אַן אינעוויייניקסטן אימ־פּעראַטיוו: „די בלומען פון בייז" זײַנען ניט קיין זאַמלונג פון פאַרשידענע לידער, געשריבן אין פאַרשידענע צײַטן און צופעליק אויפגענומענע. „צי דאַרף איך אײַך זאָגן — שרײַבט באָדלער אין 1866 צו אַנסעל — אַז אינעם דאָזיקן אכזריותדיקן בוך האָב איך אַרײַנגעלייגט מײַן גאַנץ האַרץ, מײַן גאַנצע צערטלעכקייט, מײַן גאַנצע אמונה (אַ פאַרשטעלטע), מײַן גאַנצע שנאה?" (קורסיוו פון באָדלערן). דאָס בוך „די בלומען פון בייז" איז געפירט פון דער ערשטער צו דער צווייטער אויפלאַגע וועדליק אַלץ אַ שטרענ־גערער, ניט בלויז סוזשעטיש, צי שטימונגלעך, אלא קודם־כּל אי־מאַנענט באַדינגטער אַרכיטעקטאָניק. ס'איז די אַרכיטעקטאָניק פון אַ הויך־גאָטישער קאַטעדראַלע, אויפגעבויט אויף דער אַנטקעגנגע־שטעלטקייט און איינצײַטיק קעגנזײַטיקער באַדינגטקייט און איי־ניקייט פון דער שווערער שטיינערנער מאַסע און פון דער נאָך אויבן שטרעבנדיקער פאַרגײַסטיקונג. דער דואַליזם פון באָדלערן שעפּט זיך אָבער ניט אויס אין דער צעצווייטקייט צווישן חומר און גײַסט, צווישן סענסואַליטעט און רוחניות, צווישן לײַב און נשמה, זינד און אויסלייזונג, ווי דאָס ווילן באַגרענעצן די ליטע־ראַטור־פאָרשער, וואָס זוכן דעם שליסל צו דער באָדלערישער פּאָעטיק אין רעליגיעזע קאָמפּלעקסן. אָדער ווי דאָס טוען אַנדערע דורך רעדוצירן אים אויף דער פּערזענלעכער סתירה צווישן דעם

וועלן־זײַן און דעם זײַן פּונעם דיכטער. דער קאָמפּלעקס פֿון דער קדמון־זינד, ווי דער קוואַל פֿון בייז, צי דער נעגאַטיוו דערפֿון, דער „סאַטאַניזם", זײַנען אפֿשר בײַ באָדלערן בלויז צוגעוווינטע סימבאָלן פֿאַר דער גרונט־צווייִקייט פֿון אַלץ און אַלעמען. גוטס און שלעכטס, חלום און טוונג, יחיד און כּלל, „ספּלין און אידעאַל" זײַנען ניט פּשוט אַנטקעגנגעשטעלט — זיי זײַנען אין תּוך איינס און דאָס זעלביקע, אידענטיטעט און היפּוך. ניט קיין סתּירה, וואָס קאָן זיך אויפֿלייזן אין אַ העכערן סינטעז. נײַערט דורך איר נאַטור גיפּא פֿאַרמשפּט אויף אייביקער צווייאייניקייט. איינס באַדינגט דורכן צווייטן; גאָרניט מער עקזיסטירנדיק אָן דעם צווייטן. אפֿשר טרעפֿן זיך דאָ צונויף די פֿאַרשידענע וואָרצלען פֿון באָדלערס וועלטגעפֿיל: די קריסטלעכע דרײַאייניקייט און די דיִאַלעקטישע אינטויִציע טראַנספּאָנירט אויף דער צווייאייניקייט פֿון שכינה און פֿון סיטרא אחרא...

דער דואַליזם — און דערפֿון דער אומגעהײַער קאַטעגאָריִשער באַגער אים גובר צו זײַן דורכן מאַגישן וואָרט, וואָס נאָר ער אַליין איז מסוגל — כאָטש אויף אַ רגע — ווידער צו דער־גרייכן דעם פֿאַרלוירענעם אחד — איז דעריבער דער יסוד גופֿא, דער אור־גורם פֿון באָדלערס דיכטערישן גאַנג. ער באַדינגט אויך די אַרכיטעקטאָניק פֿונעם ווערק אין יעדער פֿון זײַנע גלידערונגען און אויסוויַטערונגען. דער „אידעאַל" שטייט אַנטקעגן דעם „ספּלין", אָבער ער גופֿא איז צעצווייט. די קונסט און די ליבע. אָט די „איינציקע פֿעלדער פֿון פּרוכפּעריקן לאַנד", וואָס דער מענטש קאָן מיט זייער גערעטעניש „געפֿינען זכות" אינעם טאָג פֿון „שרעק־לעכן יום־הדין", זיי אַליין זײַנען דואַליסטיש אין זייער פּרינציפּ, אין זייער גאַנצן מהות: די „ליבע פֿון שוואַרצן כּישוף, מיט איר גיהנומדיקער סוויטע פֿון אומרו, גיפֿטפּלעשלעך, טרערן, מיט איר געקלימפּער פֿון קייטן און סקעלעטן". נײַערט איינצײַטיק איז עס

די ליבע, וואָס זייט אויס אַזוי „ווי אַ פּליסיקער הימל דאָס האַרץ מיט שטערן". זי איז דער עמוד האש, אָבער אויך די לעטע, דער טײַך פון פאַרגעסן. און די קונסט — אָט איז זי „אַ שטרענגער קילער ספינקס", וואָס „האַסט באַוועגונג" און קען ניט ניט גע־לעכטער, ניט געוויין. און אָט אַ „פלאַקערדיקע בלום", וואָס דאָס אויסטערליש־מעכטיקע „אין פאַרברעך און ווילן" איז איר סטיכיע. די שיינקייט גופא, העכסטע אויסלייזונג און לעצטער באַשייד, קומט פון די „טיפסטע הימלען" און פון די „שוואַרצעסטע תהומען", איר בליק איז „געטלעך" און „גיהנומדיק" איינצײַטיק און גליק און גרויל זײַנען פאַר איר בלויז גלײַכגילטיקע און גלײַכוווערטיקע אַטריבוטן פון איר הערשאַפט.

אויך דער „ספּלין" ער איז צעצווייט. וואָס איז עס: לאַנג־ווײַל? איבערדריסיקייט? מעלאַנכאָליע? ער איז פוסט און וועד־ליק זײַן דעפיניציע גופא שטרעבט ער צו גאָרניט מער. אָבער זײַן וואָרצל איז דאָס שטרעבן צום אַבסאָלוטן. אַלץ לאַנגווײַליקט אים. אָבער מיט וואָס פאַר אַ שאַרפער, אָנגעשטרענגטער אויפמערק־זאַמקייט נעמט ער אויף דעם אַרום: דעם קלאַנג פונעם זייגער, דאָס זשיפּען פון דער האָלצשײַט, דאָס „שעפּטשען" אפילו אינעם קאָרטן־פּעשל! אין אַ בריוו צו זײַן מוטער האָט באָדלער עס פאָרמולירט ווי „דאָס פעלן פון יעדן באַגער". און דערבײַ שטויסט אים דווקא אָט דאָס „פעלן" כסדר אויסצוווײַטערן זײַן שאַפונג־געביט, אַרײַנצונעמען כסדר נײַע עלעמענטן. דאָס וואָס דאַרף, אין פלוג גענומען, ליימען — סטימולירט! פוןביידע נאָך אויבן אויפ־געשטרעבטע טורעמס פון „ספּלין און אידעאַל", ווו דער דיכטער פירט זײַן שטרײַט מיט גאָט און שטן, ליבע און קונסט, לאָזט ער זיך אַראָפּ אין די אונטערערדישע באַהעלטענישן פון דער מענטש־לעכער קאַטעדראַלע. און דאָרט אַנטדעקט ער וואָס די קלאַסיקער אין זייער אַריסטאָקראַטישער מעסיקייט און די ראָמאַנטיקער אין

זייער פאַרריסענעם שווונג האָבן ביז איצט פאַרזען: דעם שמוץ, דעם שפּײַעכץ, די אַראָפּהענגענדיקע בריסט, די קרענק. דאָס איז אַ דורכויס פאַרשטענדלעכער, געזעצלעכער דרך, אַ כסדרדיקע פאַר־טיפונג פונעם וואָרט, וואָס באַוועגט זיך פון דער אַבסטראַקטער אידעע, צי פונעם אונטערבאַוווסטן געפיל צו דער האַרטער „וועלט פון זאַכן". דער שטאָטישער פּייזאַזש פון די „פּאַריזער בילדער" שטײַגט אויף פון דער צעצווייטקייט צווישן רעאַליזם און וויזיאָ־נערישקייט. די וועלט פון די „זיבן זקנים" צי פון „טויטנטאַנץ" איז רעאַל און ניט־רעאַל איינצײַטיק; ניט אָפּשפּיגלונג אלא טראַנספּי־גוראַציע; ניט אויסגאַנגפּונקט אלא קריסטאַליזאַציע־פּונקט פאַר דער אינעווייניקסטער זעונג. ווי דאָס וועט באַלד זײַן אין דער מאָלעריי בײַ וואַן־גאָג און בײַ גאָגען. ניט אומזיסט די אָרגאַנישע טיפע אינטימיטעט צווישן באָדלערס דרך אין דער פּאָעזיע און דעם דרך פון דער פּלאַסטישער קונסט. ניט צופעליק איז באָדלער דער גרויסער פּאָרויסזעער, דער געניאַלער דערקענער — פון דעלאַקרואַ ביז קורבע, ביז מאַנע... זײַנע שריפטן וועגן קונסט זײַ־נען אַ נויטווענדיקער אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון זײַן פּאָעטישן ווערק.

דער דואַליסטישער גרונט־באַדינג פון זײַן הערשט אויך אינעם „קינסטלעכן גן־עדן" פון ווײַן און האַשיש. ער פאַרפאָלגט דעם דיכטער ביז אין דער לעצטער אַנטרינונג, דעם טויט אַפילו. אויך ער — דער לעצטער ציל און לעצטע רײַזע — איז ניט דערלייזונג און פאַרענדיקונג. אויב ער איז דער „סוף טאָג", איז ער אָבער אויך דער אָנהייב. ער באַלעבט אויפסנײַ „די מאַטע שפּיגלען און די טויטע פלאַמען" פון די געליבטע און לאָזט ווי „אַ נײַע זון" אויפבליִען די „בלומען פון מאַרך" בײַ די „פאַרשאָלטענע סקולפּ־טאָרן". ער איז דאָס ניט־זײַן, די פּוסטע בינע, ווו מיר וואַרטן אומ־זיסט אויפן ספּעקטאַקל. נײַערט איינצײַטיק דער תהום, וואָס מיר

וואַרפן זיך אין אים אַרײַן מיט ברענענדיקן באַגער ענדלעך „צו געפינען עפּעס, וואָס איז נײַ“.

דער קרײַז איז געשלאָסן. ניטאָ מער קיין אַנטרינען פֿאַרן טאָפּל־פּנים, וואָס איז סײַ „בליק פֿון מלאכים“, סײַ גרימאַסע פֿון שטן. ניטאָ קיין אַנטרינען, מחמת דער דאָזיקער טאָפּלקאָפּ ווײַזט אונדז בלויז אונדזער אייגענעם פּרצוף: „אַ גרויל־אָאַזיס אין אַ מדבר פֿון פֿאַרדראָס“. יעדער טראָגט אין זיך „זײַן תּהום“ אַזוי ווי פּאַסקאַל האָט אים געטראָגן, אָבער אויך זײַן אומגעקערטן הימל. צי איז עס ניט אויב אַזוי דער אייגנטלעכער באַדינג פֿונעם מענטש און במילא פֿון זײַן קונסט צו ווערן כּסדר געוואָרפֿן צווישן הימל און תּהום, וואָס סוף־כּל־סוף טראָגט ער דאָך זיי ביידע אין זיך גופֿא...

די פּאָעטיק פֿון באָדלערן איז אַזוי אַרום די פּאָעטיק פֿונעם מענטשלעכן באַדינג: זי וואַרפֿט זיך אויפֿן דנאָ גופֿא פֿון דער עקזיסטענץ, כּדי אין טיפֿסטער געפֿאַלנקייט צו געפֿינען די התלהבֿות פֿון העכסטער דערהייבונג. וואָס העכער דער „אידעאַל“, אַלץ טיפֿער, שוואַרצער, אָפּגרונטיקער דער „ספּלין“ און אומגעקערט. דער אידעאַל און די ווירקלעכקייט זײַנען אַנטקעגנגעשטעלט ווי דער הימל דער ערד, נײַערט צוליב דעם טאַקע אומצעשיידלעך פֿאַרבונדן. פֿאַרבונדן דורכן דיכטער, וואָס דאָס איז די שליחות זײַנע און נאָר זײַנע. מחמת זײַן וואָרט, אויב עס קאָן ניט גובר זײַן די אייביקע צעצווייטקייט, איז עס דאָס עפּעמערע, אָבער איינ־ציקע מיטל זי מצרף צו זײַן אין דער וועלט פֿון סימבאָלן, ווו „די ריחות, די פֿאַרבן, די קלאַנגען“ פֿאַרקייטלען זיך אין אַ פֿיל־פֿאָרעמדיקער און טונקעלער און טיפֿער אייניקייט...

אוודאי, באָדלערס פּאָעטיק שרײַבט זיך אַרײַן אין דער פֿער־זאָן און אין דער צײַט פֿונעם דיכטער. דער גרונט־דואַליזם פֿונעם זײַן נעמט אָן אינעם צעשפּאָלטענעם איך די פֿערזענלעכע פֿאָרעם

פון שפּאַנונג צווישן וועלן און קאָנען, מיט אַלע דערפון רעזול־טירנדיקע קאָמפּלעקסן און קאָנפליקטן, דורכפאַלן און דערהיי־בונגען. ער שרײַבט זיך אויך אַרײַן אינעם געגעבענעם מאָמענט פון היסטאָרישן און ליטעראַרישן געשעען: דער אויסגאַנג פון דער ראָמאַנטישער שולע, צוזאַמען מיטן איבערבראָך פונעם יאָר־הונדערט פונקט אין זײַן מיטן; די תקופה אַרום 1848, אין וועל־כער די צעצווייטקייט פון דער געזעלשאַפט אַנטפּלעקט זיך בליי־ציק און בולט, צי ווי איר הויפּט־באַוועגער, צי ווי איר פאַר־משפּטקייט; די איבערוווערטיקונג פון דער אידעע וועגן פּראָ־גרעס, וועגן דער ראָל פון דיכטער. דאָס אַלץ איז אינטערעסאַנט און וויכטיק פאַר דער דערקלערונג פון געוויסע זײַטן אין באָד־לערס שאַפן. עס שעפּט אָבער בשום אופן ניט אויס דאָס ווערק. דער נאָכוויַיז פון די אָדער יענע ליטעראַרישע השפּעות, צי די אָנזאַמלונג פון נײַע איינצלהייטן וועגן זײַן לעבן, זײַנע ליבעס, זײַן באַנעמען ענדערן עס ניט. די תמיד נײַע, אָפט זייער אײַנ־דרינגלעכע אַנאַליזן קאָנען אפשר העלפן אויפצודעקן דעם דיכ־טערס פּסיכיק, נײַערט זיי דערקלערן ניט זײַן באַטײַט און אויס־ווירק. די פּערזאָן פון באָדלערן — ווי אינטערעסאַנט און באַ־לערנדיק זי זאָל ניט זײַן — פאַרשווינדט הינטער זײַן ווערק. פּונקט ווי עס פאַרשווינדט הינטער אים די צײַט, די תקופה. באָד־לערן דאַרף מען זוכן און געפינען נאָר אין זײַן ווערק, אין דעם, וואָס האָט געמאַכט זײַן דיכטונג צו אַ קריסטאַליזאַציע־פּונקט פאַר דער צוקונפט. און צו אַ שפּיגל, ווו יעדער דיכטער זעט זיך ניט ווי ס׳דוכט זיך אים, נײַערט אַזוי ווי ער איז. מיט דער גאַנצער רעלאַטיווקייט, פאַרשטייט זיך, וואָס מען דאַרף צוגעבן צו אַזאַ אַרויסזאָג.

ב.

מען קאָן קוים געפינען אַ שטאַרקערן היפּוך ווי צווישן די

ביידע גרעסטע פראַנצייזישע דיכטער פון 19טן י״ה: וויקטאָר הוגאָ און שאַרל באָדלער. אין זייער פערזענלעכקייט, זייער לעבנס־וועג, זייער דיכטערישער וועלט. פון איין זײַט דער גבר, פיזיש און גײַסטיק, דער ביז אין טיפסטן עלטער קרעפטיקער, קעמפע־רישער שרײַבער. פון דער אַנדערער — דער פערווערסער, קראַנ־קער, אין זיך צעריסענער, מיט זעקס און פערציק יאָר פון פּאַראַליז און מוח־צעווייכונג אויסגייענדיקער דיכטער. הוגאָס שאַפן נעמט אַרום צוויי דריטל פונעם 19טן י״ה, מיט זײַנע אידעען, זײַנע קאָנ־פליקטן, זײַן היסטאָריש דענקען, זײַן אַלגעמיינעם גײַסט. באָדלערס ליטעראַרישע טוונג איז קאָנצענטרירט אין קוים צוויי צענדליק יאָר פון ביידע זײַטן ריס פון 1848 און איר גאַנצע אויסשטראַלונג ווערט דײַטלעך און ווירקעוודיק אייגנטלעך ערשט אינעם שפּע־טערדיקן יאָרהונדערט. הוגאָ איז געווען דער אַנגענומענער הער־שער, וועמען מיליאָנען וועלן באַגלייטן צו זײַן לעצטער רו אין פּאַנטעאָן. באָדלער וואָלט בײַ זײַן לעבן געבליבן באַקאַנט בלויז אין ענגע ליטעראַרישע קרײַזן ווען ניט דער סקאַנדאַל מיטן פּראָצעס פון „די בלומען פון בייז״. אפילו דעם דענקמאָל פאַר אים וועט מען אַוועקשטעלן אין אַ זײַט פונעם קבר, ווו ער ליגט צוזאַמען מיטן פאַרהאַסטן שטיפטאַטן.

פון איין זײַט שטעלט זיך אויף „אַן אַטלאַס, וואָס מוז טראָגן אויף זיך די וועלט״. פון דער אַנדערער וואַלגערט זיך און שרײַט אַ האַרץ ממעמקים, „ווו ס׳שווימען אין חושך די גרויל און דער לעסטער״. איינעמס ווערק — איינס פון די פּרוכפּעריקסטע און פּילזײַטיקסטע, וואָס פאַרפלייצט אַלץ, רײַסט מיט און צערײַסט די אייגענע גרענעצן אין איבערשוימענדיקער ברייט. דעם אַנדערנס — אויף עטלעכע גרונטיקע טעמעס באַגרענעצט, אַלץ מער און מער קאָנצענטרירט, אינטענסיוו. איינער פאַרשיכורט פון שאַפע־רישן איבערשווונג, אָנוואַרפנדיק בערג. דער אַנדערער, מיט ניט

וויניקער עקשנות, יאָרנלאַנג שלײַפנדיק, אָדער ענדערנדיק אַ ליד פון עטלעכע סטראָפעס. מען קאָן זען אין הוגאָ און אין באָדלער צוויי גרונט־פאַרשידענע, דיאַמעטראַל אַנטקעגנגעשטעלטע טיפּן פון דיכטערישער גאונות.

און פּאָרט איז צווישן דער שאַפערישקייט פון אַזאַ פאַרשי־דענער נאַטור פאַראַן עפּעס טיף בשותפותדיקס. מיר מיינען ניט בלויז אינעם סודותדיקן גאַנג פון דיכטערישן באַשאַפן, ווו געווויסע פּראָצעסן זײַנען אפשר אַלגעמיין־גילטיק, נאָר אויך אינעם באַשאַף גופא. אפשר האָט דאָס בשותפותדיקע טאָקע דערמעגלעכט די קעגנזײַטיקע פאַרשטענדעניש. באָדלער האָט געווידמעט דעם פאַרוואָגלטן גדול 2) עטלעכע פון זײַנע שענסטע פּאָעמעס, דווקא פון פּעריאָד פון גרעסטער אויסצײַטיקונג און פאַרטיפונג. וויקטאָר הוגאָ איז געווען איינער פון די זעלטענע, וואָס האָט דערשפּירט דעם „נײַעם ציטער" אין „די בלומען פון בייז". די דאָזיקע זייער סובטילע פעדעם, אומגעזעען און פאַרהוילן, צווישן אַזעלכע צוויי גרונט־פאַרשידענע טעמפּעראַמענטן, מיט אַנדערער שפּירעוודיקייט און זייער פאַרשידענע אָנשויונגען, באַקומען אינטויִטיוו אפשר אַן אויסדרוק אין די שורות, מיט וועלכע וויקטאָר הוגאָ האָט דעם 18טן דעצעמבער 1859 געדאַנקט באָדלערן פאַר דער צווידמונג פון דער פּאָעמע „דער שוואַן":

„ווי אַלץ, וואָס איר מאַכט, איז אײַער שוואַן אַן אידעע. ווי אַלע אידעען אמתע, האָט זי טיפקייטן. אָט דער שוואַן אין שטויב האָט אונטער זיך מער תהומען ווי די אָפּגרונטיקע וואַסערן פון דער גאָבער אָזערע. די תהומען דערבליקט מען אין אײַערע פערזן, וואָס זײַנען אגב פול מיט ציטערניש און מיט צאַפּל".

2) וויקטאָר הוגאָ האָט דעמאָלט געלעבט אין גלות אויף די אַנגלאָ־נאָרמאַנישע אינדזלען.

„די תהומען"... אפשר האָט דאָס אויף אַ מיסטעריעזן, געהיימע־נישפולן אופן זיך איבערגערופן מיט דער הויכקייט. באַרג און אָפּגרונט. ווי איינס וואָלט זיך געשפּיגלט, געמאָסטן אינעם אַנ־דערן. דער דאָזיקער איבערררוף אַנטפּלעקט אפשר ניט־ווילנדיק דאָס, וואָס איז אייגן ביידן: די קאָסמיש־וויזיאָנערישע סטיכיע. פאַר הוגאָ אַזאַ כאַראַקטעריסטישע. אויך באָדלערס דיכטונג איז קאָסמיש־וויזיאָנעריש. אלא די דאָזיקע וויזיע איז געוואָנדן ניט נאָך אויבן, נייערט נאָך אונטן.

אַזוי טרעפן זיך צונויף אין איינעם דאָס בשותפותדיקע און דאָס היפּוכדיקע: וויקטאָר הוגאָס וויזיע ווי פון מעכטיקן קלעטע־רער אויף אַ הויכן באַרגשפּיץ, אויף פאַנטאַסטיש אויסגעפורעמטע פעלדזן, ווי ער האָט אַזוי ליב געהאַט עס צו צייכענען. פון דאָרט איבערבליקט ער די אַלוועלט ביז אין אירע שטערן־שליאַכן, אין איר גאַנג און ווערן, אין איר צײַטלעכקייט און רוימלעכקייט. באָד־לער אַנטפּלעקט זי, זיך ניט רירנדיק פון אָרט, אין די אָן־גרונ־טיקסטע שוואַרצעסטע טיפענישן פון דער נשמה, אינעם טונקעלן תהום, וואָס יעדער טראָגט אין זיך:

„אוי ווײ, אַלץ איז תהום — די טוונג, גלוסטונג, טרוימונג..."

נײַערט דער רוים און די צײַט, וואָס הערשן דאָרט, זײַנען אַנדערע: דער אינעווייניקסטער רוים און די אינעווייניקסטע צײַט.

צײַט און רוים — די גרונט־עלעמענטן פון דעם, וואָס מיר האָבן אָנגערופן קאָסמיש־וויזיאָנערישע סטיכיע. אין זייער צענט־ראַלן באַטײַט פאַר ביידע דיכטער ליגט די קרובישאַפט. אין זייער אַנדערשקייט בײַ יעדן — דער דיאַמעטראַלער אַנטקעגנשטעל.

הוגאָ זעט אַלץ אין באַוועג, אין אַנטוויקל, תמיד אויף העכערן שטאַפּל. באָדלער אַנטדעקט די איבערחזרונג, דאָס אין תוך תמיד דאָס זעלביקע — און דערפון דאָס גרונטבייז: דער לאַנגווײַל, די

איבערדריסיקייט — די נאָרמע פונעם מענטש. די פאַנטאַסטישקייט איז טיף־אייגן און מעכטיק בײַביידן. אָבער בײַ הוגאָ רעגנבויגנט זי אין רײַכע זאַטע קאָלירן. באָדלערס פאַנטאַזיע ליבט צו מאָלן מיט שוואַרץ אויף שוואַרץ. נײַערט וואָסער כוח אין זײַנע „שטראַלנ־דיקע פינצטערנישן", צי אינעם העל־טונקל פון די „פײַכטע זונען"! דאָס זעט מען טאַקע באַשײַמפּערלעך אין די פּייזאַזשן. הוגאָ שטרעבט אַרײַנצונעמען, אָפּצושפּיגלען אַ וואָס גרעסערן טייל פון דער נאַטור אין זײַן ווערק. באָדלער גייט כמעט ניט אַרויס פון די פּאַריזער גאַסן. און אויך זיי, פונקט ווי די נאַטור, אויף וויפל זי דערשײַנט אין זײַן פּאָעזיע בכלל, אַבסטראַקט און פאַראַלגעמיינערט, זײַנען פּראָיעקציעס בלויז פון זיך, אויסטערלישע זעונגען און אינעוויניקסטע אָפּבילדער. הוגאָ איז אַזוי אַרום דער דיכטער פון ברייטע, ריזיקע שטחים. ער זוכט אַרומצונעמען שיער ניט דעם גאַנצן וועלטרוים מיט זײַן דיכטערישער וויזיע. פאַר באָדלערן עקזיסטירט אין תוך גענומען בלויז דער אינעוויניקסטער רוים, „דער שרעקלעכער און לאָקנדיקער אויסשפּרייט", פונעם „אין־סוף, וואָס קוקט אַרײַן דורך אַלע פענצטער":

„איך זע דעם גאַנצן רונד פון ערדקײַלעך פון אויבן,
„און זוך ניט מער קיין מינדסטע פּוסטקע פאַר מײַן שוץ"
(„דער טעם פונעם ניט־זײַן")

עס שווינדלט, אָבער מען קאָן זיך פון דעם ניט אָפּרײַסן. ווי באַפרײַען זיך פון דער באַזעסנקייט, פון די גרויסע וועלדער, וואָס זײַנען בלויז אַ רעזאָנאַנץ־קאַסטן פאַר אונדזערע פאַרשאָלטענע הערצער; פונעם אָקעאַן, אַן עכאָ בלויז פון אונדזער ביטערן גע־לעכטער און אָנמעכטיקע טרערן:

„איך זוך דאָס ליידיקע, דאָס שוואַרצע און דאָס הוילע..."

נײַערט ווי געפינען עס? אין דער חשכות אפילו לעבן די „פון

אונדזער אויג אַרויסגעשפּריצטע" טויזנטער בליקן פון פאַרשוווּנ־דענע !...

און ווי מיטן רוים — אַזוי אויך מיט דער צײַט: וויקטאָר הוגאָ איז פאַר עקסעלאַנס דער דיכטער פון דער צײַט, וואָס אין איר זעט ער די פאַרקערפּערונג פון דער מעטאַפיזיש אויפגענו־מענער אידעע פון היסטאָרישן פּראָגרעס. די צײַט — דאָס איז די נסיעה פון דער מענטשהייט, זאָל זײַן דורך נאַכט און שרעק, אָבער סוף־כל־סוף „צו ליכט און צו תכלית אַפּויר". אויך פאַר באָדלערן איז די צײַט אין צענטער פון זײַן שפּירעוודיקייט. ביט די צײַט פון אויסערלעכן געשעען, נײַערט די צײַט די אינעוויי־ניקסטע, די פאַרגליווערטע אין אייביקן פּענדל־באַוועג פון איר צעצווייטקייט: צײַט דאָס איז לעבן — און במילא איינציײַטיקע צעשטערונג פונעם לעבן. איינציק מעגלעכע רעאַליזירונג און צו־זאַמען מיט דעם כוללדיקסטע פאַרניינונג!

מחוץ פון אונדז — דער זייגער, אָט „דער פינצטערער, דער־שרעקנדיקער, אומברחמנותדיקער גאָט" מיט זײַן „דראָענדיקן", קיין מאָל, קיין מאָל ניט דורך אַלע אייביקייטן רוענדיקן פינגער. און אין אונדז וויַזט זי, די ווערדליק איר דעפיניציע גופא שטענדיק באַוועגלעכע צײַט, איר טאָפּל־פּנים: די אומבאַוועגלעכקייט, וואָס אַרום איר אַלץ דרייט זיך, פון איר אַלץ אַנטלויפט און קיינער און קיין זאַך קאָן ניט אַנטרינען. זי איז „דער פינצטערער שונא", וואָס לויערט אויף יעדערן און אַלעמען „און וואַקסט און שטאַרקט זיך פונעם בלוט, וואָס מיר טעגלעך פאַרלירן". ניטאָ קיין גרעסערע גרויל ווי דאָס געפיל פונעם פאַמעלעך זיך וויקלענדיקן „קנויל פון דער צײַט", וואָס „פרעסט אויף אונדזער לעבן". אַזוי גרויס, אַז ס'איז אַלץ כדאי, אַבי דער קנויל זאָל זיך שוין וואָס גיכער אָפּ־וויקלען. הגם מיטן דאָזיקן כסדרדיקן, אומזיניקן, אומפּילעוודיקן אָפּוויקל וויקלט זיך אויך אָפּ און פאַרשווינדט אונדזער לעבן:

„מײַן גײַסט, פון שווינדל פאַרן אָפּגרונט אויפגערירט,
„מקנא איז דעם ניט־זײַן, ווײַל עס גאָרניט שפּירט.
„ — אָ, קיין מאָל ניט אַרויס פון צאָלן און פון מאָסן!"

(„דער תהום")

„דער ריטעם און דער גראַם — זאָגט באָדלער אין אַ ניט־פאַרענדיקטער הקדמה צו „די בלומען פון בייז" — באַפרידיקן אינעם מענטשן די אייביקע באַדערפעניש פון מאָנאָטאָניע, סימע־טריע און איבעראַשונג" 3). מיר לאָזן אין אַ זײַט די „סימעטריע און איבעראַשונג", וואָס זײַנען, אגב, זייער וויכטיק, טאַקע אין זייער „קאָנטראַפּונקט", פאַר באָדלערס עסטעטיק. מיר באַטראַכטן איצט בלויז די „מאָנאָטאָניע" ווי אַן אייביקע באַדערפעניש פונעם מענטשן. אונדז דוכט זיך, אַז דאָס רעזומירט אויף באַשײַמפּערלעכן אופן באָדלערס וויזיע, סײַ אין איר באַריר מיט דער פון הוגאָ, סײַ אין איר קאָנטראַסט. הוגאָ נעמט אויף די וועלט, די אויסערלעכע און די אינעווייניקסטע, אין שטענדיקער באַוועגונג צו אַלץ העכע־רער אייניקייט. זײַן דיכטונג איז אַ טייל און אַ מיטל פון אָט דער באַוועגונג. פאַר באָדלערן איז אָבער די העכסטע אייניקייט טאַקע די יסודותדיקע צווייִקייט פונעם זײַן, וועמענס באַטײַט און באַווירק אין זײַן פּאָעטיק מיר האָבן אויבן געפּרוּווט צו באַווײַזן. די באַוועגונג דאָס איז די „מאָנאָטאָניע", ד"ה דאָס שטענדיקע ווידער־דערשײַנען אונטער אַנדערע פאָרמען און אין נײַע אויס־מעסטן פון די זעלביקע קאָנסטאַנטע און אין זייער מהות גופא

3) ציטירט לויט דער וויכטיקער און גלענצנדיקער אַרבעט פון זשאַן פּרעוואָ: „באָדלער". פאַרלאַג „מערקיר דע פראַנס". פּאַריז, 1953. דער מחבר איז אומגעקומען אין 1944 בעת די שלאַכטן אויף ווערקאָר (אַלפּן). דאָס בוך איז דערשינען נאָך זײַן טויט.

סטאַטישע גורמים. הוגאָ איז גרויס אין זײַן דינאַמישקייט. דער סוד, מיט וועלכן זײַן דיכטונג ראַנגלט זיך, אין וועלכן זי שטרעבט אַרײַנצודרינגען און וואָס זי וויל זיך אָנאייגענען, איז דער סוד פון אייביקער באַוועגונג פאָרויס. באָדלער איז גרויס אין זײַן סטאַטישקייט. דער סוד, וואָס זײַן דיכטונג ראַנגלט זיך מיט אים, זוכט פון אים צו אַנטרינען, פון אים זיך צו באַפרײַען, וואָס זי וועט אָבער קיין מאָל ניט, אין טראַגישער געטרײַשאַפט, פאַרלייקענען, איז די „מאָנאָטאָניע", אַלץ און גאָרניט באַשיידנדיק — ווי דער טויט... וויקטאָר הוגאָס געראַנגל איז יעקבס געראַנגל מיטן מלאך. שאַרל באָדלערס — דער געראַנגל פון איובן מיטן שטן.

„קיין איין קינסטלער איז ניט אוניווערסאַלער פון אים; מער מסוגל זיך צו באַהאַפטן מיט די לעבנס־כוחות פונעם אוניווערס; מער גרייט אָן אויפהער זיך צו באָדן אין דער נאַטור... פון אָט דער פעיִקייט אײַנצוזאַפּן דאָס אויסערלעכע לעבן, אַ פעיִקייט איינציק ווערדליק איר פאַרנעם, און פון דער אַנדערער מעכטיקער פעיִקייט פון מעדיטאַציע, קומט אויף בײַ וויקטאָר הוגאָ גאָר אַ באַזונדערער פּאָעטישער כאַראַקטער, אַ פאָרשנדיקער, אַ געהיימע־נישפולער און ווי די נאַטור גופא אָן אומגעהײַער און געטרייער, אַ רוִיקער און באַוועגטער"... מיט די דאָזיקע ווערטער כאַראַקטערי־זירט באָדלער שיער ניט געניאַל וויקטאָר הוגאָס דיכטערישן דרך: פונעם באַטראַכט, איבערן אײַנקלער, צו דער וויזיע. ער כאַראַקטעריזירט אָבער איינצײַטיק און בליציק אויך זיך אַליין, דאָס אייגענע דואַליסטישע גרונטבילד. דאָס קרוביש־קאָנטראַסטלעכע צווישן ביידע דיכטער באַקומט אַ בולטן, אין זײַן געפּרעסטקייט כמעט מאָנומענטאַלן אויסדרוק, ווען מען שטעלט אַוועק די זאַצן איבער וויקטאָר הוגאָס פּאָעטיק לעבן באָדלערס אייגענער פּאָעטי־שער קאָנצעפּציע: „וואָס הייסט ריינע קונסט אין דער מאָדערנער אויפפאַסונג? דאָס הייסט שאַפן אַ סוגעסטיווע מאַגיע, וואָס איז

כולל אויף אַ מאָל דעם אָביעקט און דעם סוביעקט, די וועלט מחוץ פונעם קינסטלער און דעם קינסטלער גופא".

„אומעטום — שרײַבט ווײַטער באָדלער — זעט ער (הוגאָ) דאָס געהיימעניש... דערפון אָט דאָס איבערגעשראָקענע געפיל, וואָס דרינגט דורך מערערע פון זײַנע שענסטע לידער; דערפון אָט די איפּבּרויזן, אָט דאָס אָנוואַרפן, די לאַווינעס פון פּערזן, די צעשטו־רעמטע בילדער־מאַסע, וואָס טראָגט זיך מיט דער גיכקייט פון אַן אומגעצוימטן כאַאָס; דערפון דער אָפטער באַנוץ פון ווערטער, באַשטימט אויסצודריקן די פאַרכאַפּנדיקע פינצטערנישן, אָדער דאָס סודותדיקע פּנים פון דער מיסטעריע".

דערפון — ווילן מיר צוגעבן — בײַ באָדלערן אָט די אַנגסט, דאָס אָפטע איבערחזרען פון ווערטער טאַקע, פון די זעלביקע ווערטער, קנאַפּע, צונויפגעפּרעסטע, געצוימטע אין אַ תהומיקער אָרדענונג. אַן „אָרגאַניזירטער גיהנום", ווו אַלץ איז אויף זײַן אָרט. מחמת דאָס געהיימעניש איז חל אויףביידן. נײַערט די „פאַר־כאַפּנדיקע פינצטערנישן" זײַנען אַנדערע: בײַ הוגאָ — דאָס אומ־באַקאַנטע, אָנגרענעצדיקע; בײַ באָדלערן — דאָס „מאָנאָטאָנע", אָנדנאָזיקע. הוגאָ שטרעבט אַרײַנצודרינגען אינעם געהיימעניש, שפּירן פּנים אל פּנים דעם בליק, וואָס קוקט אויף אים. באָדלער טראָגט עס אין זיך דאָס געהיימעניש. ס'איז „דאָס מעסער און די וווּנד" איינצײַטיק. זײַן „פּנים אל פּנים" איז ביידע מאָל דאָס זעלביקע, דאָס אייגענע...

מען וואָלט געקאָנט אויסברייטערן די דאָזיקע באַטראַכטונג; פאָרשן ווי אַזוי די זעלביקע גרונטיקע גורמים ווירקן אויף הוגאָס און באָדלערס הומאַניזם, אויף זייערע עסטעטישע אידעען, זייער רעליגיעזן געפיל. מען וואָלט אפשר געקאָנט גיין נאָך ווײַטער: פּרווון אָנצוצייכענען צוויי מינים דיכטער און דיכטונגען — הוגאָ־

שע און באַדלערישע אין זייערע קעגנזייטיקע שייכותן. דאָס אַלץ פֿאַרלאַנגט אַ ווײַטערדיקע באַזונדערע אַרבעט. נאָר אפשר קאָן מען שוין איצט פֿונעם דאָזיקן פֿאַרגלײַך מאַכן געוויסע אויספֿירן בנוגע דער ליטעראַטור פֿון אונדזער צײַט, ווען די אַנטינאָמיע צווישן דער דינאַמישקייט און דער סטאַטישקייט אינעם מענטשן האָט זיך אַנטפּלעקט אַזוי טראַגיש און דרינגלעך ווי נאָך קיין מאָל ניט פֿריִער...



דאָס זײַנען בלויז עטלעכע אָנגעוואָרפֿענע שטריכן צו דער סטרוקטור פֿון באָדלערס פּאָעטיק, וואָס שעפּן זי אוודאי און אוודאי ניט אויס. די ריזיקע ליטעראַטור, וואָס האָט זיך שוין וועגן דעם אָנגעקליבן, געפֿינט תמיד נײַע אַספּעקטן, נײַע טיפֿענישן אין אָט דעם כמותדיק באַשיידענעם, „אויסטערלישן" און אוניווערסאַלן ווערק. און סוף־כל־סוף: יעדערער האָט זײַן אייגענעם באָדלער. און דאָס איז ריכטיק אַזוי! הונדערט יאָר נאָכן טויט פֿונעם דיכטער רעזומירט עס אפשר בעסער ווי אַלץ זײַן איינמאָליקייט און זײַן באַטײַט.

.1967

# ביאָ-ביבליאָגראַפֿישע אָנווייַזן און הערות

## לואיז לאַבע.

לואיז (לואיזע) שאַרלי, באַקאַנט אונטערן נאָמען לואיז לאַבע, געבוירן 1522 אין ליאָן אין דער משפחה פונעם רייַכן שטריקמאַכער און סוחר פּיער שאַרלי; אין 1544 אונטערן דרוק פון דער פֿאַמיליע חתונה געהאַט אויך מיט אַ פֿאַרמעגלעכן שטריקמאַכער ענעמאָן פּעררען; אָנגעהויבן שרייַבן אַרום 1552. איר ערשטע לידער־זאַמלונג אונטערן נאָמען Evvres de Lovize Labé Lionnoize איז דערשינען אין 1555, אַ צווייטע און דריטע אויפֿלאַגע אין 1556. געשטאָרבן אין 1566.

די דיכטערין, וואָס איז אַרייַן אין דער ליטעראַטור־געשיכטע מיטן צו־נאָמען „די שיינע שטריקלערין" (La Belle Cordière) איז איינע פון די אָרי־גינעלסטע און אינטערעסאַנטסטע פיגורן אין דער וויכטיקער ליאָנער גרופּע פון דער פראַנצייזישער רענעסאַנס־פּאָעזיע (מאָריס סצעוו, די דיכטערין פּערנעט די־גיליע א"א), פרייַער ווי די מייסטן אירע מיטצייַטלער פון אַנטיקע השפעות, ספּאָנטאַנער און מוזיקאַלישער אין איר אויסדרוק, מיט גרויסער ערודיציע אָבער ווייניקער געלערנטקייט, די סאַמע פרויִשע אפשר צווישן אַלע פראַנ־צייזישע דיכטערינס. איר ווערק, קודם־כל אירע סאָנעטן, דערשייַנען נאָך הייַנט לעבעדיק און שיער ניט מאָדערן, מחמת אונטער דער שפּראַך פונעם 16טן י"ה לעבט און וויברירט אַ געמיט, וואָס איז אייביק פאַר יעדער פּאָעזיע, אוממיטלדיק אוןווירקעוודיק.

הגם ווייניקער באַלאָדן מיט מיטאָלאָגישע מעטאַפֿאָרעס ווי אַ סך פון איר דור, באַנוצט לואיז לאַבע פאָרט זייער אָפט אַ ריי נעמען פון גריכיש־רוימישע געטער, געטינס און העלדן: אַמאָר, ווענוס, פלאָרע, אַדאָניס, ענדימיאָן אא"וו. ס'וואָלט געווען ניט שייך דאָ אויסצורעכענען און צו פאַר־טייַטשן נעמען, וואָס מען געפינט אין יעדן לעקסיקאָן. איין באַמערק: מיר האָבן אין דער איבערזעצונג איבערגעלאָזט אוליס (מיט באַטאָנונג אויפן

לעצטן טראַף), וואָס איז כאַראַקטעריסטישער פֿאַר דער פּאָעזיע פֿון יענעם פּעריאָד ווי אָד־סעוס.

זײַט 3 : סאָנעט א — דער סאָנעט איז געשריבן פֿון לואיז לאַבע אין איטאַליעניש פֿון 16טן י״ה, וואָס איז, אגב, כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער ליאָנער רענעסאַנס־תקופה, דירעקט באַאײַנפֿלוסט פֿון איטאַליע. אונדזער איבערזעצונג באַזירט זיך אויף איבערזעצונגען אין אַלט־ און אויך מאָדערנעם פֿראַנצייזיש.

## זשאָאַכים די־בעלעי.

געבוירן אין 1522, געשטאָרבן אין 1560. געניער וועגן דיכטער זע אינעם עסיי ז״ז 363—369.

זײַט 41 : לירע (באַטאָנען לעצטן טראַף) — אַ שטעטל ניט ווײַט פֿון טײַך לואַרע, וווּ זשאָאַכים די־בעלעי איז געבוירן געוואָרן אינעם שלאָס טירמעליער. וועגן וואָרט אוליס — זע אויבן.

## פּיער דע־ראָנסאַר.

געבוירן 1524 אין שלאָס פֿון פּאָסאָניער, געשטאָרבן 1585 אין סאַן־קאָם בײַ טור. ערשטע דיכטערישע פּרווון אַרום 1542. אויסגאַבעס פֿון געזאַמלטע ווערק בײַ זײַן לעבן אין 1560, 1567, 1571, 1573, 1578 און 1584. דערנאָך אַ לאַנגער איבעררײַס ביז צו דער אויסגאַבע פֿון 1857—1867. צענטראַלע פֿיגור פֿון דער „פּלעיאַדע" און באַטײַטנדיקסטער פֿראַנצייזישער פּאָעט פֿון 16טן י״ה, בלײַבט ראָנסאַר איינער פֿון די גרויסע שאַפֿער און באַנײַער, וועמענס אויסווירק און אויסשטראַל הערן ניט אויף זיך צו פֿאַרשטאַרקן ביז צו אונדזער צײַט. (זע אויך אינעם אויבן דערמאָנטן עסיי וועגן זשאָאַכים די־בעלעי).

די איבערגעזעצטע לידער זײַנען גענומען פֿון פֿאַרשידענע זאַמלונגען, אינספּירירט דורך די פֿרויען־געשטאַלטן, וואָס אַרום זיי גרופּירט זיך ראָנסאַרס שאַפֿן. די באַרימטע „אָדע פֿאַר קאַסאַנדרע" פֿונעם בוך „די אָדעס" (1550) ;

דער סאָנעט פאַר קאַסאַנדרע פונעם בוך „די ליבעס" (1552), ביידע אינספּי־רירט דורך קאַסאַנדרע סאַלוויאַטי, וועמען דער דיכטער האָט געהאַט באַ־געגנט צום ערשטן מאָל אין בלואַ אין 1545 און וואָס האָט אַ יאָר שפּעטער חתונה געהאַט מיט זשאַן דע־פּעינע. די אַנדערע דריי לידער זיינען פונעם בוך „סאָנעטן פאַר העלענע", דערשינען אין 1578 און אינספּירירט דורך העלענע דע־סירזשער, וואָס ראָנסאַר האָט זי באַגעגנט מסתמא אין 1570.

זייט 50 : אילִיאָן — טראָיע. זייט 51 : קירקע — אין האָמערס „אָדי־סייע" די כישוף־מאַכערין, וואָס האָט פאַרוואַנדלט אָדיסעוסעס חברים אין חזירים־לעך. אָדיסעוס האָט זי געצווונגען צוריקצוגעבן זיי די מענטשלעכע געשטאַלט. אָרפעוס — דער מיטאָלאָגישער האַלבגאָט פון מוזיק. איירידיקע — זיין פרוי, ווערט אין טאָג פון איר חתונה געביסן דורך אַ שלאַנג. אָרפעוס נידערט אַראָפּ אין שאול און נעמט איין מיט זיין געזאַנג די אונטערערדישע כוחות, וואָס גיבן אים צוריק זיין באַשערטע, בתנאי ער זאָל פאַרן אַריבערשפּרייזן די שוועל פון שאול זיך ניט אומקוקן אויף צוריק. אָרפעוס האָט ניט גע־האַרכט דעם געבאָט און האָט אַזוי אַרום געמוזט זיך צעשיידן מיט איירידיקע.

## אַלפאָנס דע־לאַמאַרטין.

געבוירן 1790 אין מאַקאָן, געשטאָרבן 1869. איינער פון די באַקאַנטסטע פאָרשטייער פונעם פראַנצייזישן ראָמאַנטיזם. הויפּטווערק : „פּאָעטישע מעדי־טאַציעס" (1820), „האַרמאָניעס" (1830), „זשאָסלען" (1836), „התיחדות" (1839) א"א. אין פּראָזע — „קאָנפידענצן" (1849), „גראַציעלאַ" (1852) א"א.

די פּאָעמע „די אָזערע" איז אָנגעשריבן אין אויגוסט 1817 אויפן ברעג פון דער אָזערע בורזשע, אינספּירירט דורך דער בענקעניש נאָך פרוי שאַרל („עלווירע" אין לאַמאַרטינס פּאָעזיע), מיט וועמען ער האָט זיך געהאַט באַ־קענט אַ יאָר פריִער אין עקס־לע־בען. פרוי שאַרל האָט געהאַט צוגעזאָגט לאַמאַרטינען זיך צו טרעפן מיט אים אין קומענדיקן זומער. זייענדיק אָבער שוין זייער קראַנק, האָט זי ניט געקאָנט האַלטן איר צוזאָג. „די אָזערע" איז במשך פון זייער אַ לאַנגער צייט באַטראַכט געוואָרן ווי איינער פון די הויכפּונקטן אין דער ראָמאַנטישער דיכטונג און איז איבערגעזעצט אין זייער אַ סך שפּראַכן.

## מאַרסעלין דעבאָרד־וואַלמאָר.

געבוירן 1786 אין דועי, געשטאָרבן 1859. די דיכטערין געהערט צו דער ראָמאַנטישער שולע. מען שפּירט אָבער אין איר שאַפן דאָס פּולסירן פון אַ נײַעם שטראָם, אַ מער אינטימען, ווייניקער קלינגעוודיק און מער מוזיקאַליש, ווייניקער געפּילפּול, נײַערט מער לײַדנשאַפטלעך.

זײַט 61 : סאַאַדי — פּערסישער פּאָעט (בערך 1184 — 1291), מחבר פון „גוליסטאַן" אָדער „רויזן־גאָרטן".

## וויקטאָר הוגאָ.

געבוירן 1802 אין בעזאַנסאָן, געשטאָרבן 1885 אין פּאַריז, דאָמינירט דער דיכטער כמעט דאָס גאַנצע 19טע י"ה און איבער אים אַרויס. ער געהערט צו דער גאַלעריע פון וועלטפּאָעטן. אָנפירער און הויפּט־געשטאַלטיקער פון דער ראָמאַנטישער שולע, גרייכן זײַןווירקונג און באַטײַט ווײַט אַריבער די גרענעצן פון אַ באַשטימטער שיטה. ס'איז אוממעגלעך און אויך ניט נייטיק אין אַ קורצער נאָטיץ אַרומצונעמען זײַן ווערק, ריזיק וועדליק זײַן פאַרנעם און פון גרעסטער עשירות. אין דער לידער־זאַמלונג „די פיר ווינטן פונעם גײַסט" האָט הוגאָ אַליין באַצייכנט זײַנע פיר אינספּיראַציע־קוואַלן : ליריזם, סאַטירע, עפּאָפּייע, דראַמע, וואָס געפינען אויסדרוק אויף פאַרשידנסטן אופן. ניטאָ קיין זשאַנער, וואָס זאָל ניט האָבן פאַרכאַפּט אָט דעם פּילזײַטיקן גײַסט. אַ ביבליאָגראַפישע אויסרעכענונג, וואָס וואָלט גע־דאַרפט פאַרנעמען אַ פּאָר זײַטן, איז דאָ ניט אויפן אָרט. מיר ווילן בלויז פאַרצייכענען די ווערק, וואָס צו זיי געהערן די איבערגעזעצטע לידער און פאַרטײַטשן עטלעכע אייגן־נעמען און פרעמדווערטער.

וועגן די ערשטע פיר לידער פונעם בוך „אָריענטאַלישע מאָטיוון", דער־שינען אין 1829, זע אָפּהאַנדלונג ז"ז 370—380. זײַט 67 : פּאַוויע, (Charles-Nicolas Fabvier), באַטאָנען לעצטן טראַף) — פראַנצייזישער גענעראַל, וואָס האָט זיך באַטייליקט אינעם גריכישן אומאָפּהענגיקייט־קריג. זײַט 68 און 70 : ספּאַהי (Spahi ، באַטאָנען ערשטן טראַף) — אָריענטאַלישע קאַוואַלעריע. זײַט 74 : לאַדזאַראַ — איטאַליענישע באַצייכענונג פאַר אַן אָרעם מיידל.

זײַט 75 : עספּינגאָלן — שיסגעווער מיט אַ ברייטער לופע פון 16טן י״ה. יאַטאַגאַן (באַטאָנען לעצטן טראַף) — אַן אָריענטאַלישע קרומע שווערד. פּאַלאַש (באַטאָנען לעצטן טראַף) — ברייטע גראַדע שווערד. זײַט 76 : סעראַיִל (באַ־טאָנען לעצטן טראַף) — פּאַלאַץ פון טערקישע פירשטן, ווערט אָנגעוואָנדן צומאָל, כדי צו באַצייכענען דעם האַרעם. קלעפט — נאָמען פון גריכישע באַרג־באַווינער אין דער געגנט פון אָלימפּ אָדער פינד, וואָס האָבן זיך נ׳ט אונטערגעוואָרפן אונטער די טערקן און געפירט אַ דורות־לאַנגן קאַמף קעגן זיי. זײַט 77 : דזשינען — רוחות פון דער אַראַבישער מיטאָלאָגיע.

צו די זײַטן 370—380 וועגן וויקטאָר הוגאָס בוך „אָריענטאַלישע מאָטיוון״ :
פילהעלעניזם — די באַוועגונג, וואָס איז אויפגעקומען אין אַ ריי לענדער אין די 20ער יאָרן פון 19טן י״ה לטובת דעם גריכישן אומאָפּהענגיקייט־קאַמף. מיסאָלאָנגי — צענטער פון גריכישן אויפשטאַנד. טערמאָפּילן — באַרימטער באַרגדורכגאַנג אין טעסאַליע, ווו לעאָנידאַס מיט זײַנע 300 ספּאַרטאַנער האָט אין יאָר 480 פ״ק זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער פּערסישער אַרמיי. נאַוואַרין — אַ קליינער גריכישער האַפן, ווו דער פאַראייניקטער רוסיש־ענגליש־פראַנצײ־זישער פלאָט האָט אין 1827 פאַרניכטעט די טערקיש־עגיפּטישע עסקאַדרע. סאַלאַ־מינאַ — דאָס אָרט פון דער באַרימטער ים־שלאַכט, וואָס טעמיסטאָקל האָט אין איר באַזיגט דעם פּערסישן פלאָט (אין יאָר 480 פ״ק). באָצאַריס — גרי־כישער פרײַהייטהעלד, געפאַלן אין שלאַכט אין 1823. קאַנאַריס — אָנפירער פון די גריכישע ים־כוחות קעגן טערקישן קריגספלאָט. ווינער, ליובליאַנער (לײַבאַכער) און וועראָנער קאָנגרעסן — קאָנגרעסן פון דער „הייליקער אַליאַנץ״ אין 1815, 1821 און 1822. אויף די לעצטע צוויי האָט מעטערניך געפאָדערט צו פאַראורטיילן דעם קאַמף פון די גריכן ווי „אַן אויפשטאַנד קעגן דער געזעצלעכער סוּווערעניטעט פון סולטאַן״. דער וועראָנער קאָנגרעס האָט זיך אָפּגעזאָגט אויסצוהערן אַ דעלעגאַציע פון דער גריכישער אויפ־שטענדלערישער רעגירונג.

„האַרבסטיקע בלעטער״, דערשינען אין 1831 (זע אָפּהאַנדלונג ז״ז 381—384). זײַט 90 : קאַטאָן — רוימישער פּאָליטיקער, קעגנער פון יוליוס צעזאַר ; אַלבאַני — קאַרדינאַל דזשוזעפּע אַלבאַני, וואַטיקאַן־פּאָליטיקער. ז״ז 92—94 : ,,Oceano nox'' פונעם בוך „די שטראַלן און די שאָטנס״, 1840. זײַט 95 : פונעם בוך „באַטראַכטונגען״, 1856. דאָס ליד איז אָנגעשריבן דעם 3טן סעפּ־טעמבער 1847, ד״ה ערב דער פּערטער יאָרצײַט נאָך הוגאָס עלטסטער טאָכטער, לעאָפּאָלדינע און איר מאַן שאַרל וואַקערי, וואָס זײַנען אומגעקומען דעב

4טן סעפּטעמבער 1843 בײַם שפּילען זיך אויף דער סענע. דאָס ליד „נאַכט־נסיעה", אָנגעשריבן אין אָקטאָבער 1855, איז אַרײַן אין דער זעלביקער זאַמלונג. זײַט 97 : דע־מעסטר — געמײנט איז זשאָזעף דע־מעסטר, אולטראַ־קאָנסערוואַטיווער פראַנצײזישער פילאָסאָף פון אָנהייב 19טן י״ה. „פּאַרזיי־צײַט" פון דער זאַמלונג „געזאַנג פון גאַסן און פון וועלדער", 1865. „פּראָ־גרעס" פון דער זאַמלונג „די קונסט צו זײַן אַ זיידע", 1877.

## פּאָל ווערלען.

געבוירן 1844 אין מעץ, געשטאָרבן 1896 אין פּאַריז. מיטבאַשאַפער פונעם סימבאָליזם, האָט ער געהאַט זייער אַ גרויסע השפּעה אויף דער מאָדערנער וועלט־פּאָעזיע. זײַן ווערק, וואָס איז „קודם־כל מוזיק" און פון זעלטענעם סוגעסטיוון כוח, שוועבט צווישן שטימונגען, וועמענס בײַט און קאָנטראַסט גופא שאַפט אַ מאַגישע האַרמאָניע, באַנעמט דעם לייענער, ווי ס׳וואָלט אים „אָנגעטאָן אַ כישוף".

דאָס לעבן און דאָס ווערק פונעם דיכטער קאָן מען אײַנטיילן אין צוויי שאַרף אונטערשיידלעכע פּעריאָדן : פאַר און נאָך דער פאַרבינדונג מיט אַרטור רעמבאָ, אָנגעהויבן אין 1871 און פאַרענדיקט מיט ווערלענס רעוואָל־ווער־שאָס אויף זײַן פרײַנד דעם 10טן יולי 1873 אין בריסל. פון דער תפיסה איז דער דיכטער נאָך קנאַפּע צוויי יאָר אַרויסגעקומען אַ פרומער קאַטויליק. זינט דעם אַנטוויקלט זיך זײַן לעבן און שאַפן „פּאַראַלעלערהייט" : אַן אָנגעזעענער גרויסער פּאָעט שוין בײַ זײַן לעבן און אײנצײַטיק אַ שיכור און וואַגאַבאָנד, דער טיפּ גופא פונעם „פאַרשאָלטענעם דיכטער", ווי ער האָט אָנגערופן זײַן באַוווּסטע זאַמלונג, דערשינען אין 1884. רעליגיעזע שטימונגען און סענסועלער איבערשוווּנג קרייצן זיך אָפט אין זײַנע לידער.

זײַט 105 : „דאָס גוטע ליד" — פון דער זאַמלונג מיטן זעלביקן נאָמען. זײַט 106 : „האַרבסטגעזאַנג" — איינס פון די באַקאַנטסטע און אָנצאָליקע מאָל אין פאַרשידענע שפּראַכן איבערגעזעצטע ווערלענישע לידער ; ווײַזט די אויסטערלישע מוזיקאַליטעט פון די ניט־דערזאָגטע, האַלב־אָפּגעריסענע ווערטער און אַפּגעשוואַכטע גראַמען. זײַט 107 : „סענטימענטאַלער שמועס" — זע אויספירלעכער אינעם אַרײַנפיר ז״ז XX—XXVII.

## אַרטור רעמבאָ.

געבוירן אין שאַרלעוויל 1854, געשטאָרבן אין מאַרסעיל 1891. זײַן קורץ און דין ווערק נעמט אַרום בסך־הכל אַ פיר יאָר פון 1870 ביז 1874, ד״ה ווען דער פּאָעט איז אַלט געווען פון 16 ביז 20 יאָר. אָבער דאָס דאָזיקע ווערק האָט אַרויפגעלייגט ביז צום הײַנטיקן טאָג אַן אומפאַרגיילעכן חותם אויף דער אַלוועלטלעכער פּאָעזיע. נאָך דער פאַרבינדונג מיט ווערלענען און דעם ריס צווישןביידן זײַנען די לעצטע זיבעצן יאָר פון רעמבאָס לעבן געווען אָנגעפילט מיט וואָגלענישן און אַוואַנטורעס, איבער וועמענס טיפע גורמים און אויסטערלישן באַטײַט מען דיסקוטירט נאָך אַרום ביז הײַנט. געשריבן האָט ער אין די דאָזיקע יאָרן גאָרניט. ווי ס׳זאָל ניט זײַן, — דער כסדרדיקער אומרו און דאָס אַרומבלאָנקען זײַנען, ווײַזט אויס, פון סאַמע אָנהייב געווען אינעווייניקסטע כוחות אינעם בליציקן, מעטעאָרישן אויפשטײַג און אויסלעש פון איינעם פון די גרויסע דיכטער אין דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס ווערק פון רעמבאָ איז געוואָרן באַקאַנט אַ סך שפּעטער, ווי ס׳איז געווען געשאַפן, צום ערשטן מאָל, ווען ווערלען האָט פאַרעפנטלעכט „די אויפלויכטן״ („די אילומינאַציעס״) אין 1886.

אַלע איבערגעזעצטע לידער אין אונדזער זאַמלונג זײַנען געשריבן אין 1870 און 1871, אַחוץ דאָס לעצטע „גליק״, וואָס שטאַמט פון 1872. „דאָס בייזן״ און „דער דרימלער אין טאָל״ (ז״ז 118 און 119) זײַנען געשריבן אונטערן אײַנדרוק פון דער פראַנצייזיש־פּרײַסישער מלחמה; די לידער „אין גרינעם שענק״, „די פאַרשײַטע מויד״, „מײַן ציגײַנער־לעבן״ (ז״ז 120, 121 און 123) — בעתן ערשטן אַנטלויפן פונעם זעכצניאָריקן ייִנגל פון שאַרלעוויל קיין בעלגיע. „די העגט פון זשאַן־מאַרי״ (ז״ז 127—130) — אפשר אַן איבער־שטעל פונעם נאָמען מאַרי־זשאַן = מאַריאַנע, ווי מען רופט אָן צומאָל די פראַנצייזישע רעפּובליק.

ז״ז 133—138: „די שיכורע שיף״ — צווישן די באַרימטסטע, אויב ניט די סאַמע באַרימטע פון רעמבאָס שאַפונגען. אָנגעשריבן אין עלטער פון 17 יאָר. איינע פון די שטאַרקסטע איבערגעשטאַלטיקונגען פונעם ים אין דער וועלט־פּאָעזיע, פון ים און פון מענטש — אינעם אייביקן באַוועג, דורך שטורעמס, וואַסערפאַלן, פאַרהוילענע גאָלפן, אין זײַן גרויסקייט און אין זײַן עלנט — איז געשריבן דורך אַ דיכטער, וואָס האָט ביז דעמאָלט

נאָך קיין מאָל ניט געהאַט געזען דעם ים. און איינצײַטיק — עפּעס אַ נביאישע זעונג איבער זיך: כסדרדיקער וואָגל איבער ימען און מרחקים; ברענענדיקער דאָרשט דיכטונג צו פאַרוואַנדלען אין טוונג; אייביקער צוריק־קער און שטענדיקער פאַרגיין. ביז צום לעצטן... אַזוי קומט דאָ מיט באַזונדערן כוח צום אויסדרוק דער כאַראַקטער פון רעמבאָס פּאָעזיע — די פּאָעזיע פון אַ חוזה.

## סטעפאַן מאַלאַרמע.

געבוירן 1842 אין פּאַריז, געשטאָרבן 1898. לעבן רעמבאָ וויכטיקסטער מיטשאַפער און איינער פון די הויפּט־פאָרשטייער פון דער סימבאָליסטישער פּאָעזיע, לאָזט זיך אָבער זײַן שאַפן — ווי בײַ אַלע גרויסע דיכטער — בשום אופן ניט באַגרענעצן אויף אַ באַשטימטער שיטה. מאַלאַרמעס דיכטונג שטרעבט צו דערגרייכן די ספערע, וווּ די אוממיטלדיקע עמאָציע טרעפט זיך צונויף מיטן באַטראַכטערישן רעפלעקס; וווּ געדאַנק, קלאַנג, בילד פאַראייניקן זיך אין אַ סינטעז. אין דעם זינען איז זײַן פּאָעזיע אַ מין ווײַטערדיקער אַנטוויקל פון באָדלערס באַרימטן פערז וועגן די „שייכותן". דורך די פאַרקייטלונגען פון זײַנע קלאַנגלעכע און וויזועלע אַסאָציאַציעס, וואָס שוועבן אַרום ווי אויף דער גרענעץ צווישן באַוווסטן און פאָרבאַוווסטן, איז דער פּאָעט, וואָס האָט אין 19טן י״ה געווירקט אין אַ רעלאַטיוו ענגן קרײַז פון פרײַנד און תלמידים, געוואָרן איינער פון די באַגרינדער און לערער פאַר דער הײַנטצײַטיקער פּאָעזיע.

זײַט 145: פּאַפּאָס — אַן אַלטע שטאָט אויף ציפּערן, באַרימט דורך איר טעמפּל פאַר אַפראָדיטע.

## עמיל ווערהאַרן.

געבוירן 1855 לעבן אַנטווערפּען, אומגעקומען 1916 אונטער אַ צוג. געהערט צו די סאַמע גרעסטע דיכטער פון בעלגיע אין פראַנצייזישער שפּראַך. אין זײַנע צענדליקער לידער־זאַמלונגען פירט ער אַרײַן — איינער פון די

ערשטע — דאָס סאָציאַלע געשעען, די טיפע געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן, זייערע טראַנספאָרמירנדיקע כוחות אין דער „גרויסער פּאָעזיע" און גיט דורך דעם דער סימבאָליסטישער דיכטונג, וואָס איז דער אויסגאַנגפּונקט פאַר זײַן שאַפן, אַ נײַעם אויסמעסט.

די פּאָעמע „די וואָס גייען אַוועק" איז גענומען פונעם בוך „פיבערדיקע דערפער" (דערשינען 1893). זי שילדערט דאָס פויערים־פאָלק, וואָס ווערט אַרויסגעריסן דורך דער אינדוסטריאַליזאַציע פון זײַנע אוראַלטע היימען. די פּאָעמע „דער אויפשטאַנד" געהערט צו דער זאַמלונג „די שטעט די טויזנט־אָרעמדיקע" (1895).

## פּאָל וואַלערי.

געבוירן 1871 אין סעט, געשטאָרבן 1945 אין פּאַריז. זײַנע וויכטיקסטע דיכטערישע ווערק: „די יונגע פּאַרקע" (1917) און די זאַמלונג „Charmes" (1922), וועמענס נאָמען לאָזט זיך פאַרטײַטשן אויף פאַרשידענעם אופן... אינעם פּאָעטישן שאַפן וואַלעריס איז דאָ אַן איבעררײַס פון 25 יאָר, פון 1892 ביז 1917. פון זײַנע ווערק אין פּראָזע דאַרף מען דערמאָנען „Monsieur Testə" (1926) און די פאַרשידענע עסייען, פאַראייניקט אונטערן נאָמען „Variété" (אין 1924, 1929, 1936, 1938 און 1944). אויספירלעכער וועגן דיכטער און וועגן זײַן פּאָעמע „דער בית־עולם בײַם ים" זע אָפּהאַנדלונג ז"ז 385—393.

## גיִאָם אַפּאָלינער.

מיט זײַן ריכטיקן נאָמען גיִאָם דע־קאָסטראָוויצקי, געבוירן 1880 אין רוים, געשטאָרבן 1918 אין פּאַריז, אין רעזולטאַט פון אַ מלחמה־פאַרוווּנדונג. הויפּט־ווערק אין פּאָעזיע: „אַלקאָהאָלן" (1913), „קאַליגראַמען" (1918) א"א. פון ווערק אין פּראָזע דאַרף מען דערמאָנען „דער דערמאָרדעטער פּאָעט" (1916), „די קוביסטישע מאָלער" (1912), דאָס עוואַנגעליום פון דער נײַער מאָלערײַ אין יענע יאָרן מיט זייער אַ גרויסער השפּעה אויף איר ווײַטערדיקן גאַנג. גיִאָם אַפּאָלינער שטייט אויף דער גרענעץ צווישן אויסגייענדיקן סימבאָליזם און

דער מאָדערנער פּאָעזיע מיט אַלע אירע שיטות, פון וועלכע ס'וועט באַלד פאַרנעמען אַ דאָמינירנדיק אָרט דער סירעאַליזם. ווערליק זיין באַטייַט און אויסווירק געהערט ער בלי ספק צו די גרויסע רעוואָלוציאָנערן, וואָס ברעכן דורך נייַע וועגן פאַרן קינסטלערישן שאַפן אויף אַלע געביטן. אגב, דאָס וואָרט סירעאַליזם דערשייַנט צום ערשטן מאָל טאַקע ביי אַפּאָלינערן.

זייַט 179 : דאָס ליד „איך האָרך" איז אָנגעשריבן אין תפיסה, וווּ אַפּאָלינער איז בשעתו געזעסן עטלעכע טעג אונטערן חשד צו האָבן אָוועקגעגנבעט פון לוווּר די... „דזשיאָקאָנדע".

## זשאַן קאָקטאָ.

געבוירן 1889, געשטאָרבן 1963. זע אָפּהאַנדלונג ז"ז 394—400.

## זשאַן קאַסו.

געבוירן 1897. דיכטער, ראָמאַניסט, עסייִסט און קונסט־קריטיקער, לאַנג־יאָריקער דירעקטאָר פונעם מלוכישן מוזיי פאַר מאָדערנער קונסט אין פּאַריז. די צוויי סאָנעטן זייַנען גענומען פון דער זאַמלונג „דרייַ און דרייַסיק סאָנעטן", וואָס קאַסו האָט געהאַט אָנגעשריבן אין תפיסה, וווּהין ער איז אַרייַנגעוואָרפן געוואָרן אין די אָקופּאַציע־יאָרן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה דורך דער ווישי־רעגירונג. די סאָנעטן זייַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אומלעגאַל אין מאַי 1944 דורכן באַרימטן אונטערערדישן „פאַרלאַג פון מיטננאַכט".

## פּאָל עלואַר.

מיטן ריכטיקן נאָמען עיזשען גרינדעל, געבוירן 1895 אין סאַן־דעני בייַ פּאַריז, געשטאָרבן 1952 אין פּאַריז. ערשטע לידער פאַרעפנטלעכט אין 1917. אָנגעהויבן ווי איינער פון די פּראָמינענטסטע פּאָעטן אין דער סירעאַליסטישער גרופּע, איז פּאָל עלואַר באַלד אַריבערגעוואַקסן די דאָזיקע שולע און שוין

מיט זײַן לידער־זאַמלונג „הויפּטשטאָט פֿון ווייטאָג" (1926) אַרויס אויפֿן גרויסן שליאַך פֿון העכסט־אייגענער און פֿרײַער שאַפֿונג. איינער פֿון די גרעסטע דיכטער פֿראַנקרײַכס אינעם פּעריאָד צווישן סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דעם מיטן פֿונעם יאָרהונדערט. אין זײַנע צאָלרײַכע ביכער פּאָעזיע ווערט די געוויינלעכע טאָג־טעגלעכע שפּראַך אַרויפֿגעהויבן צו פֿולסטער וויזיאָנעריש־עמאָציאָנעלער עקספּרעסיוויקייט. אַ פּאָליטיש־אַנגאַזשיר־טער דיכטער, ווערן בײַ אים די גרויסע אייביקע טעמעס פֿון לעבן, טויט, ליבע אַרײַנגעוועבט אָרגאַניש און פּילזײַטיק אין זײַן וועלטבאַנעם. „אומ־אויפֿהערלעכע פּאָעזיע", דער נאָמען פֿון איינעם פֿון זײַנע לירישע ווערק, וואָלט געקאָנט זײַן דער אויסדרוק פֿאַרן גאַנצן לעבן און שאַפֿן פֿון פּאָל עלואַר.

די איבערגעזעצטע לידער זײַנען גענומען: די ערשטע צוויי (ז"ז 195 און 196) פֿון „הויפּטשטאָט פֿון ווייטאָג" (1926); „איך בין ניט אַליין" — פֿון „מײַנע געטינס" (1939); „אין וואַרשע דער פֿאַנטאַסטישער שטאָט" — פֿון „פּאָליטישע לידער" (1948); די פּאָעמע „ס'איז אַלץ געראַטעוועט" פֿון „אַ לעקציע מאָראַל" (1949); „דאָס גערעכטע געזעץ" פֿון „זאָגן אַלץ" (1951). די באַרימטע פּאָעמע „פֿרײַהייט" איז געשריבן געוואָרן אין אָקופּירטן פֿראַנק־רײַך בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און איז אַרײַן אינעם בוך „פּאָעזיע און אמת 1942", וואָס דער פֿאַרלעגער נאָעל אַרנאָ האָט געהאַט דעם מוט אַרויסצוגעבן אין מאַי 1942 אינעם פֿאַרלאַג „De la Main à la Plume". די לידער זײַנען געוואָרן איבערגעדרוקט אין שווייץ, ענגלאַנד, אַלזשיריע און אפֿילו (אונטער אַן אַנדערן נאָמען „ווערדיק צו לעבן") אין מאָנאַקאָ. אין אַפּריל 1943 ווערט דער פֿולשטענדיקער טעקסט פֿאַרעפֿנטלעכט אין „Revue du Monde libre". ענגלישע מיליטער־פֿליִער וואַרפֿן אים אַראָפּ איבער פֿראַנק־רײַך, ווי די בלעטלעך מיט עלואַרס פּערזן גייען פֿון האַנט צו האַנט. פֿרענסיס פּולענק פֿאַרפֿאַסט מוזיק צום טעקסט פֿון „פֿרײַהייט" און די קאַנטאַטע ווערט אויפֿגעפֿירט אין אָקופּירטער בעלגיע דורך אַ כאָר פֿון 250 זינגער. אין דער זעלביקער צײַט מוז דער דיכטער זוכן אַ באַהעלטעניש אין אַ פֿאַרוואָרפֿן אָרט אינעם דעפּאַרטאַמענט לאָזער. די פּאָעמע איז איבערגעזעצט אין צענד־ליקער שפּראַכן.

## לואי אַראַגאָן.

געבוירן 1897 אין פּאַריז, דיכטער, ראָמאַניסט, עסייִסט, פּובליציסט. ווי כמעט אַלע פון זײַן דור האָט ער אָנגעהויבן זײַן שאַפערישן גאַנג אין די רייען פונעם סירעאַליזם. בײַ דער גרויסער דיפערענציאַציע אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן שליסט ער זיך אָן אינעם קאָמוניסטישן פליגל און בלײַבט זינט דעמאָלט זײַן פּראָמינענטסטער און וויכטיקסטער פאַרשטייער. די פּאָליטישע וואַנדלונגען און סתירות האָבן זיך אַזוי אַרום אינטים פאַרפלאָכטן מיט זײַן שאַפן, אָט דורכגליִענדיק עס מיט הויכער לײַדנשאַפט און אָט מיט להכעיסדיקער טענדענציעזקייט. דאָס איז באַזונדערס בולט געווען אין זײַן פּובליציסטישער און קונסט־ און ליטעראַטור־קריטישער אַרבעט. ניט דאָ איז דאָס אָרט אָנצוצייכענען אַ בילד פון אַראַגאָנס לאַנגן שאַפערישן וועג, אויף וועלכן ס׳פעלן ניט קיין שאַרפע אָפריסן און צומאָל ווייטיקלעכע געראַנגלען, וועמענס אויסגאַנג איז געוואָרן אויסגעצייכנט און אויסגעקלאָרט אין זײַנע ראָמאַנען און פּאָעמעס פון די זעכציקער יאָרן. נײַערט דורך דער גאַנצער פּראָבלעמאַטיק פון זײַן רײַכן, פילזײַטיקן און הויך־אינטערעסאַנטן שאַפן בלײַבט לואי אַראַגאָן דער גרויסער מײַסטער, דער וווּנדערלעכער ווירטואָז פון דער פראַנצייזישער שפראַך, וואָס האָט זײַן אָרט בלי ספק אין דער ערשטער ריי פון דער פראַנצייזישער ליטעראַטור פונעם 20סטן י״ה. זינגער פון דער צײַט, איז ער אויך זינגער פון דער ליבע, פון איין גרויסער ליבע, וואָס גיט זײַן ווערק הויכע לירישע טעמפּעראַטור און אָנצינדלעכע יוגנטלעכקייט.

אַ ביבליאָגראַפיע פון אַראַגאָנס רײַכן און פילזײַטיקן ווערק וואָלט אַרײַבערגעגאַנגען די ראַמען פון אונדזערע קורצע סומאַרישע אָנווײַזן. מיר ווילן בלויז באַמערקן, אַז די איבערגעזעצטע לידער געהערן אַלע, אַחוץ דאָס לעצטע, צו דער ווידערשטאַנד־פּאָעזיע, פון וועלכער אַראַגאָן איז איינער פון די שטאַרקסטע מיטשאַפער. זיי זײַנען געשריבן געוואָרן במשך פון די אָקופּאַציע־יאָרן 1940—1944, אָדער תיכף נאָך דער באַפרײַונג אין 1944. „וואָס עס זאָגט עלזאַ״ איז אַ קאַפּיטל פון „געזאַנג צו עלזאַ״, פאַרעפנטלעכט אין 1942 און אַרײַנגענומען אין דער זאַמלונג „עלזאַס אויגן״. די ווײַטערדיקע דרײַ לידער זײַנען גענומען פון דער זאַמלונג „פראַנצייזישער פרימאָרגן־שאַל״ (La Diane française). דאָס לעצטע ליד „אויף דער נײַער בריק״ איז דער

אַרײַנפֿיר צו דער גרויסער פּאָעמע „דער ניט־פֿאַרענדיקטער ראָמאַן" (דערשינען אין 1956), וואָס טראָגט אין זיך, אגב, שטאַרקע אויטאָביאָגראַפֿישע עלעמענטן.

זײַט 215 : איזאָלדע, עסקלאַרמאָנדע, די ריטער פֿונעם רונדן טיש — העלדן פֿון פֿראַנצייזישן מיטלעלטערלעכן עפּאָס. זײַט 219 : איפֿיגעניע — טאָכטער פֿון אַגאַמעמנאָן און קליטעמנעסטרע, וואָס איר פֿאָטער האָט זי מקריב געווען צו דער געטין אַרטעמיס, כדי אויסצופֿועלן בײַ די געטער אַ גינציקן ווינט פֿאַרן גריכישן פֿלאָט, וואָס איז אַרויסגעשוווּמען צום קריג קעגן טראָיע. זײַט 227 : נײַע בריק — Pont-Neuf די עלטסטע און באַקאַנטסטע פּאַריזער בריק איבער דער סענע.

## פּאַן־זשאָן פּערס.

מיטן ריכטיקן נאָמען אַלעקסיס לעזשע, געבוירן 1887 אויפֿן אינדזל גוואַדעלופּ. ווײַטערדיקע פּרטים זע אין ביִאָגראַפֿישער נאָטיץ ז"ז 401—404.

זײַט 244 : קיבעלע — געטין פֿון דער ערד, פֿאַרקערפּערונג פֿון די נאַטור־כוחות. זײַט 245 : לוצינע — רוימישע געטין פֿון געבורט.

## שאַרל באָדלער.

געבוירן דעם 9טן אַפּריל 1821 אין פּאַריז. מיט 6 יאָר אַ יתום נאָך זײַן טאַטן. זײַן מוטער האָט צוויי יאָר שפּעטער חתונה מיט גענעראַל אָפּיק. פֿון 1831 ביז 1836 אין ליאָן, זינט דעם צוריק אין פּאַריז. אויסגעשלאָסן אין 1839 פֿון ליצײ לואי־לע־גראַן, באַקומען אָבער פּאָרט אינעם זעלביקן יאָר זײַן מאַטורע. 1841/42 — ים־רײַזע צו די אינדזלען אין אינדישן אָקעאַן 1842 — אָנהייב פֿון דער פֿאַרבינדונג מיט דער מולאַטין זשאַנע דיוואַל. 1844 — אויף פֿאַרלאַנג פֿון דער פֿאַמיליע געשטעלט אונטער פֿינאַנציעלער אַפּו־טרופּסות. 1845 — דאָס ערשטע ליד געצייכנט מיט זײַן נאָמען. קונסט־קריטישע פֿאַרעפֿנטלעכונגען („סאַלאָן 1845", „סאַלאָן 1846" א"א). ווײַטער־דיקע לידער אין פֿאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. 1847 — „לאַ פֿאַנ־פֿאַרלאָ". 1848 — באָדלער באַטייליקט זיך אינעם פֿעברואַר־אויפֿשטאַנד, רע־

דאַגירט צוויי נומערן פון אַ צײַטונג „לע סאַלי פּיבליק". 1852 — פּלאַטאָ־נישער ראָמאַן מיט מאַדאַם סאַבאַטיע און ווייניקער פּלאַטאָנישער מיט דער אַקטריסע מאַרי דאָברען. 1854 — איבערזעצונג פון עדגאַר פּאָ'ס „אויסער־געוויינלעכע געשיכטעס". 1857 — ערשטע אויסגאַבע פון „די בלומען פון בייז". 20סטער אויגוסט פונעם זעלביקן יאָר — פּאַרמשפּטונג פון באָדלערן צו 300 פראַנק שטראָף און פאַרבאָט פון זעקס לידער פון דער זאַמלונג. (די אָפיציעלע רעהאַביליטאַציע ווען פאַרקומען ערשט דעם 31סטן מאַי 1949). 1860 — „די קינסטלעכע גן־עדנס". 1861 — צווייטע אויפלאַגע פון „די בלומען פון בייז". צווישן די כסדר פאַרעפנטלעכטע קריטישע אַרטיקלען איבער פראַנצייזישע שרײַבער און מאָלער דאַרף מען באַזונדערס דערמאָנען די אַר־טיקלען איבער דעלאַקרואַ. 1864 — רײַזע קיין בעלגיע. 1866 — ערשטער שלאַקאָנפאַל אין נאַמור. ווערט געבראַכט קיין פּאַריז. 1867 — באָדלער שטאַרבט דעם 31סטן אויגוסט, ער ווערט באַגראָבן אויפן בית־עולם מאָנפּאַרנאַס. 1868 — דריטע אויפלאַגע פון „די בלומען פון בייז".

די דאָזיקע אויפלאַגע, דערשינען נאָכן טויט פונעם דיכטער און צוגעגרייט דורך אַסעלינאָ און טעאָדאָר דע־באַנוויל, ווערט צומאָל איראָניש באַצייכנט ווי די „ענדגילטיקע". אירע צונויפשטעלער זײַנען אָפט קריטיקירט געוואָרן פאַרן אויסמײַדן די 25 לידער, וועלכע האָבן ניט פיגורירט אין דער צווייטער אויפ־לאַגע, אויף אַ ניט־געלונגענעם אופן, וואָס האָט געשטערט די שטרענגע אינעװייניקסטע אַרכיטעקטאָניק פונעם ווערק. די דאָזיקע אויפלאַגע בלײַבט אָבער פּאָרט די פולשטענדיקסטע. זי ציילט 157 לידער און פּאָעמעס, אײַנשליסלעך די זעקס „פאַרמשפּטע", אײַנגעטיילט אין זעקס גרויסע ציקלען. פון די 157 לידער זײַנען אין דער פאָרליגנדיקער זאַמלונג געוואָרן איבערגעזעצט 59. אין אונדזער איבערזעצונג האָבן מיר זיך געהאַלטן אינעם טעקסט פון דער וויסנ־שאַפטלעכער אויסגאַבע פון זשאַק קרעפּע און זשאָרזש בלען (פאַרלאַג זשאָזע קאָרטי, פּאַריז 1942) און אינעם סדר און דער נומעראַציע פון דער דריטער אויפלאַגע, וועדליק דער טאַבעלע אויף ז"ז 240—246 אינעם אויבן דערמאָנטן בוך פון די ביידע פראָמינענטע באָדלער־פאָרשער. מיר האָבן אײַנגעטיילט די איבערזעצונגען וועדליק די ציקלען, צו וועלכע זיי געהערן, אָנווײַזנדיק יעדעס מאָל, ווען ס'הייבט זיך אָן אַ נײַער ציקל. אַחוץ דעם אַרײַנפיר־ליד „צום לייענער" האָבן מיר איבערגעזעצט: פונעם ערשטן ציקל „מרה־שחורה און רוחניות" פון 109 לידער — 44; פונעם צווייטן „פּאַריזער בילדער" פון 20 לידער — 4; פונעם דריטן „דער ווײַן" פון 5

לידער — 1 ; פונעם פערטן „בלומען פון בייז" פון 13 לידער — 1 („לעסבאָס", וואָס געהערט צו די „פאַרמשפּטע לידער") ; פונעם פינפטן ציקל „בונט" פון 3 לידער — 2 ; און פונעם זעקסטן ציקל „דער טויט" — אַלע 6 לידער.

די פּאָעמע „לעסבאָס" פיגורירט אין דער טאַבעלע פון קרעפּע און בלען אָן אַ נומער. מיר האָבן גענומען דעם נומער CXXX אויפן סמך פון אַנדערע אויסגאַבעס פון „די בלומען פון בייז".

זײַט 274 : גאַוואַרני — פראַנצייזישער צייכענער (1804—1866). זײַט 312 : האַרפּאַגאָן — הויפּטהעלד פון מאָליערס קאָמעדיע „דער קאַרגער" ; צעלי־מענע — די קאָקעטע העלדין פון מאָליערס „דער מיזאַנטראָפּ". זײַט 334 : פרינען — ווערליק דעם נאָמען פון פרינע, די באַרימטע גריכישע קורטיזאַנקע פונעם 4טן י"ה פאַר דער מאָדערנער צײַט־רעכענונג. פּאַפּאָס — זע הערה צו זײַט 145. סאַפאָ — גריכישע דיכטערין געבוירן אַנהייב פון 4טן י"ה פאַר אונדזער צײַט־רעכענונג אויפן אינדזל לעסבאָס. זײַט 354 : פּילאַדן — פון פּילאַדעס, פרײַנד פון אָרעסט. עלעקטרע — שוועסטער פון אָרעסט, וואָס צוזאַמען מיט איר ברודער האָט זיך נוקם געווען פאַר דער דערמאָרדונג פון זייער פאָטער אַגאַמעמנאָן, העלדין פון טראַגעדיעס ביי עסכילעס, סאָ־פאָקלעס, אייריפּידעס א"א.

זײַט 267 : מינטורנעס־זומפּן — אין לאַטיום, וווּ ס'האָט זיך אויסבאַ־האַלטן דער רוימישער מיליטער־פירער און פּאָליטיקער מאַריוס. זײַט 319—320 : פעבע — צונאָמען פאַר אַרטעמיס (דיאַנע) אין איר אייגנשאַפט ווי די לבֿנה־געטין. פּאָעטישער אויסדרוק פאַר דער פולער העלער לבֿנה. זײַט 327 : צינטיע — נאָמען אונטער וועלכן דער לאַטײַנישער פּאָעט פונעם 1טן י"ה פּ"ק פּראָ־פּערץ האָט אין זיינע עלעגיעס באַזונגען די קורטיזאַנע האָסטיאַ.

זײַט 323 : די צייכענונג, וואָס באָדלער האָט געמאַכט פון זיך, איז ווערליק פולע־מאַלאַסי „די סאַמע ענלעכסטע צייכענונג" פונעם דיכטער.

אַן אַלגעמיינע אָפּהאַנדלונג איבער שאַרל באָדלער — זע ז"ז 405—423.

## צווייטער טייל:

### זשאַאַכים די בעלעי



### פּיער דע־ראָנסאַר

## פּאָל ווערלען



## אַרטור רעמבאָ

## זשאַן קאַסו



## פאָל עלואַר



## לואי אַראַגאָן



## פּאַן־זשאָן פּערס

## דריטער טייל:

### שאַרל באָדלער: די בלומען פון בייז

## צוויי לידער וואָס זייַנען געוואָרן פאָלקסגעזאַנגען



# פערטער טייל:

## קאָמענטאַרן

# רשימה פון אילוסטראַציעס

## ILLUSTRATIONS

REVOLTE :



LA MORT :



## Addition :



# QUATRIÈME PARTIE :

## Commentaires

## TABLEAUX PARISIENS :



## LE VIN :



## FLEURS DU MAL :

## Louis Aragon



## Saint-John Perse



# TROISIÈME PARTIE :

## Charles Baudelaire — Les Fleurs du Mal

(Choix)



SPLEEN ET IDEAL :

## Paul Valéry



## Guillaume Apollinaire



## Jean Cocteau



## Jean Cassou



## Paul Eluard

## Arthur Rimbaud



## Stéphane Mallarmé



## Emile Verhaeren

## Alphonse de Lamartine



## Marceline Desbordes-Valmore



## Victor Hugo



## Paul Verlaine

## DEUXIÈME PARTIE :

### Joachim du Bellay



### Pierre de Ronsard

# TABLE DES MATIÈRES



## PREMIÈRE PARTIE :

## Louise Labé — Les Sonnets

# POÈTES FRANÇAIS

TRADUITS EN YIDDISH

PAR

M. LITVINE

CHOIX ET COMMENTAIRES

EDITIONS « NOTRE EXISTENCE »
FEDERATION DES SOCIETES JUIVES DE FRANCE
PARIS, 1968

